ווײַסרוסישע וויסנשאפט-אקאדעמיע
אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור

# ליטעראַרישער זאמלבוך

פארלאג פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט-אקאדעמיע
מינסק — 1934

י. בראָנשטיין

# מארקס און ליטעראטור-קענטעניש

## I

אין אן ארטיקל, וואָס איז געווידמעט דעם פערטן יאָרטאָג פון פלעכאנאָווס טויט און וואָס הייסט—„וועגן ג. וו. פלעכאנאָווס באציונג צו קונסט, לויט פערזענלעכע דערינערונגען", האָט אקסעלראָד-אָרטאָדאָקס געשריבן:

„דאָס מאטעריאליסטישע פארשטיין די געשיכטע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאר א ציל צו געבן א שטרענג-וויסנשאפטלעכע דערקלערונג דעם גאנצן היסטאָרישן אינהאלט, האָט געדארפט, נאטירלעך, שענקען אויפמערקזאמקייט אויך דער קונסט.

אָבער די גרונטלייגער פון דעם מאטעריאליסטישן פארשטיין די געשיכטע—מארקס און ענגעלס, זיינען געווען ניט נאָר קאבינעטן-דענקער, נאָר אויך קעמפער אפן שלאכט-פעלד פון לעבן. די טעאָרעטישע פראגעס, וואָס זיינען דירעקט פארבונדן מיט די אינטערעסן פון דער פראקטישער באוועגונג פונעם פראָלעטאריאט, זיינען געשטאנען אפן ערשטן פלאן, די פראגעס פון קונסט זיינען דעריבער אָפגערוקט געוואָרן אפן הינטערשטן פלאן.

אין דעם געפונענעם פאָרוואָרט פון מארקס ווערק „צו דער קריטיק פון דער פאָליטישער עקאָנאָמיע" געפינען מיר דריי זייטלעך געווידמעט דער קונסט. נאָר, צום באדויערן, רייסט זיך איבער דער מאנוסקריפט.

ווי שטענדיק בא מארקסן, איז דער אינהאלט פון די דאָזיקע זייטלעך אינטערעסאנט מיטן טיפן צוגאנג צו דער פראָבלעם, אָבער דאָס איז פארביי־גייענדיק...

... ענגעלס האָט אונדז גאָרניט איבערגעלאָזן אינעם דאָזיקן געביט. אן ערנסטע אויפמערקזאמקייט האָט אפ פראָבלעמעס פון קונסט געווענדעט ג. וו. פלעכאנאָוו". *

איך האָב געבראכט אָט די לענגערע ציטאט פון אקסעלראָדס אן אלטן פארגעסענעם ארטיקל, קעדיי צוציען די אויפמערקזאמקייט פונעם לייענער אפן בוילעטן מוסטער פון אן אומגעהייערן ניט דערשאצן די עסטעטישע ירושע

* „Под знаменем м арксизма", № 2—3, 1922.

פונ מארקס אונ ענגעלס צוגלײַכ מיט אנ איבערגעטריבענעמ ארויסשטעלנ פלע-כאנאָווס ראָליע אלס „גרונטלייגער פונ דער מארקסיסטישער עסטעטיק".

וואָרעמ בעעמעס, גיט נאָר א טראכט: מארקס ראָליע פאר דער וויסנשאפט־לעכער עסטעטיק אונ ליטעראטור־קענטעניש ווערט באגרענעצט מיט... דרײַ זײַטלעכ פונעמ פאָרוואָרט „צו דער קריטיק פונ דער פאָליטישער עקאָנאָמיע"!

דרײַ זײַטלעכ — אונ גאָר...

צוליב יוישער וועגנ האלט איכ פאר נייטיק אָפּצומערקנ:

מע קענ ניט זאָגנ, אז אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס פארשווײַגט אינגאנצנ מארקסנ. פארבײַגייענדיק ווארפט זי אפילע א שטיקל קאָמפּלימענט אפנ אדרעס פונ די דאָזיקע דרײַ זײַטלעכ בא מארקסנ: אז בעכיינ—„ס'א טיפער צוגאנג" א. א. וו.

דערפאר אָבער—רעכנט זי זיכ שוינ אָפּ מאמעש אומבעראכמאָנעסדיק מיט ענגעלסנ. „ענגעלס האָט אונדז גאָרניט איבערגעלאָזנ אינעמ דאָזיקנ געביט"— ד. ה. אינ געביט פונ דער וויסנשאפטלעכער עסטעטיק אונ ליטעראטור־קענטע-ניש,—מעלדעט קאטעגאָריש אקסעלראָד-אָרטאָדאָקס.

אויב מע זאָל אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ זיכ דערמאָנענ אָנ דעמ לאָזונג „פאר פלעכאנאָווישער אָרטאָדאָקסיע" אונ אָנ די רעכילעס וועגנ דעמ, אז בא לענינענ זײַנענ פאראנ בלויז נישטיקע, קארגע „ארויסזאָגונגענ" איבער פראגעס פונ קונסט אונ קולטור, א רעכילעס, וואָס איז געלאָזנ געוואָרנ איבער אונדזער ליטעראטור-פראָנט דורכ די מענשעוויקעס-פערעוועריזעוועס, דורכ די טראָצקיסטנ אונ די מענשעוויזירנדיקע אידעאליסטנ,—וועט דאָס בילד פונעמ אָנגריפ-מארש קעגנ מארקסיזמ-לענינизמ אינ ליטעראטור-קענטעניש ווערנ קלאָר.

אינעמ דאָזיקנ מארש האָט זיכ אײַנגעשלאָסנ די גאנצע בורזשואזע אזוי-גערופענע ליטעראטור־וויסנשאפט אונ עסטעטיק, אָנהויבנדיק פונ אָ פ ע נ ע רע-אקציאָנערנ-אידעאליסטנ ביז די פארשיידענע צופאסלער, איבערגעטאָנענע פאר מארקסיסטנ, סאָציאָלאָגנ, פערעווערזעוועס, טראָצקיסטנ, נאצדעמאָקראטנ, דע־באָרינצעס א. אנד., וואָס ווענדנ אָנ די טאקטיק פונ „שטילער סאפע" אפנ לי־טעראטור-פראָנט אונ גראָבנ אונטער אינדערשטיל די יעסוידעס פונ דער מארק-סיסטיש־לענינישער ליטעראטור־קענטעניש.

אָט טאקע צו דער דאָזיקער פראקציע פונ דער בורזשואזער ליטעראטור-קענטעניש—דער פראקציע פונ „שטילע", „זיסינקע", אָנ א טעאָרעטישנ „אָברעז" אינ די הענט, אָנ גרויסע ציינ פונ אָ פ ע נ ע מ נאציאָנאליזמ אונ אידעאליזמ, דארפנ מיר, נאָכפאָלגנדיק די אָנווײַזונגענ פונ דער פארטיי אונ כ׳ סטאלינ, צושמידנ אונדזער פארטיייִשע וואכזאמקייט אפנ ג ע ג ע ב ע נ ע מ ע ט א פ פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפ, אינ די געגעבענע באדינגונגענ פונ דער נ ײַ ע ר ט א ק ט י ק פונ קלאסנפײַנט.

לענינ האָט אונדז ניט איינמאָל געוואָרנט פונ אזעלכע פײַנט פונ לעניניזמ-מארקסיזמ, „איבערגעטאָנענע פאר מארקסיסטנ!"

די דיאלעקטיק פונ דער געשיכטע — האָט לענינ געשריבנ — איז אזא, אז „דער טעאָרעטישער זיג פונ מארקסיזמ צווינגט זײַנע פײַנט זיכ איבערטאָנ פאר מארקסיסטנ". *

* לענינ, ב. XII, טייל II, ז. 44 (אלטע אויסגאבע).

צי איז ניט די „פּלעכאַנאָווישע „אָרטאָדאָקסיע” א בוילעטער ביישפּיל פונ אנ ענגלעכנ איבערטאָנ זיכ?

די פּלעכאַנאָווקע אַקסעלראָד־אָרטאָדאָקס האָט דאָכ אויסגעצייכנט געוווּסט— זי האָט ניט געקענט ניט וויסנ, אז סיי מארקס, סיי ענגעלס האָבנ זיכ ניט איינמאָל ארויסגעזאָגט איבער פראגעס פונ ליטעראַטור אונ קונסט; אז זיי ביידע האָבנ זיכ יאָרנלאַנג געפונענ אינ א נאָענטנ פארקער מיט הײַנענ, מיט פרייליגראַטנ; אז מארקס האָט זיכ געקליבנ אָנשרײַבנ אנ ארבעט וועגנ הײַנען, באַלזאַקנ אונ געארבעט איבער א ווערק וועגנ „קריסטאַלעכער קונסט”; אז בא ענגעלסנ זײַנענ פאראנ פיל ארטיקלענ אונ בריוו געווידמעט קאָנקרעטע פרא־געס פונ קונסט אונ ליטעראַטור, אונ, ענדלעכ, אז קימאַט יעדע זײַטל פונ די ארבעטנ פונ די אוטערס פונ „קאפּיטאַל” אונ „אנטי־דיורינג” זאָגט אײדעס וועגנ דעם, אז די קלאַסיקער פונ מאַרקסיזם האָבנ אויסגעצייכנט געקענט די וועלט־ליטעראַטור, אז זיי האָבנ קעסיידער געשעפּט פונ דאָרטנ זייערע געשטאַלטנ, מעטאַפאָרנ אונ יענע רײַכע מוסטערדיקע שארפ־געשליפענע שפּראַכ פונ א רעוואָליוציאָנער־וויסנשאַפטלער, וועלכע האָט ניט צו זיכ קיינ גלײַכג אינ דער וועלט־ליטעראַטור!

אַקסעלראָד־אָרטאָדאָקס האָט ניט געקענט ניט וויסנ, אז, לעמאָשל, בלויז אפילע אינ דער קאָרעספּאָנדענצ פונ מארקסנ מיט פרייליגראַטנ ליגט א קאָלאָ־סאַלער מאַטעריאַל אפ דערלערנענ אַ ריי פּראָבלעמעס פונ אונדזער ליטעראַ־טור־פּאָליטיק.

זי האָט עס ניט געקענט ניט וויסנ, פּונקט אזוי, ווי דאָס האָט גאַנצ וווּל געוווּסט קאַוטסקי, וועלכער האָט דאָכ געמאָלדנ, אז מארקס אונ ענגעלסעס קאָרעספּאָנדענצ „אנטהאַלט אינ זיכ אפ צוויי דריטל אנ אומעטיקנ מאַטעריאַל, אָדער גאָר קליינלעכע נארישקײַטנ”. *

לענינ, ווי באַקאַנט, האָט זייער הויכ געשעצט אָט די דאָזיקע קאָרעספּאָנ־דענצ פונ מארקס אונ ענגעלס.

„דער רײַכסטער טעאָרעטישער אינהאַלט פונ מאַרקסיזם וויקלט זיכ פאנאנדער אינ דער העכסטער שטופע אָנשוילעכ”,—האָט לענינ געשריבנ וועגנ אָט דער קאָרעספּאָנדענץ פונ מארקס אונ ענגעלס”. **

אַלזאָ, ניט קיינ „קליינלעכע נארישקײַטנ”, ניט קיינ „דרײַ זײַטלעכ”, נאָר דער „רײַכסטער טעאָרעטישער אינהאַלט פונ מאַרקסיזם”—אָט וועגנ וואָס מע דארפ ריידנ, ווענ עס גייט די רייד וועגנ דער עסטעטישער יערושע פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ.

ווײַל איינגאַנצנ ניט צופעליק האָט ענגעלס אונטערגעשטראָכנ אינ זײַנ וואָרט אפ מארקס קייווער, אז „אינ י ע ד נ געביט, אפ וועלכנ מארקס האָט געארבעט—אונ אזעלכע זײַנענ געווענ זייער אסאַכ, אונ קיינ איינעם פונ זיי האָט ער נ י ט אָ נ־ג ע ר י ר ט ב ל ו י ז פ א ר ב ײַ ג י י ע נ ד י ק—אינ יעדנ געביט, אפילע אינ מאַטעמאַ־טיק, האָט ער געמאַכט א זעלבשטענדיקע אנטדעקונג”. ***

דער געני—מארקס האָט ניט געקענט פארבײַגייענ יענעם געביט—דעם גע־

* מארקס און ענגעלס, ב. XXIV, ז. 9.

** לענינ, ב. XV, ז. 29.

*** ציטירט לויטנ זשורנאַל „פּאָד זנאַמענעם מאַרקסיזמאַ”, נומ. 2־3, 1923 י.

ביט פונ קונסט, מיט וועלכנ ער איז געווענ פארכאפט אינ זײַנ יוגנט (מארקס האָט, ווי באוווסט, געשריבנ אינ זײַנע יונגע יאָרנ), מיט וועלכנ ער האָט זיכ ניט איינמאָל צוריקגעשטויסנ אינ זײַנע רײַפע יאָרנ, א געביט, וואָס ער האָט געשעצט אונ אויסגעצייכנט געקענט.

אָבער ווו איז דער דאָזיקער צוגעזאָגטער „רײַנסטער טעאָרעטישער אינהאלט פונ מארקסיזם" אינ געביט פונ עסטעטיק אונ ליטעראטור-קענטעניש? ווו איז דאָ מארקס „זעלבשטענדיקע אנטדעקונג"? קענ שטעלנ א גיפטיקע קאשע עמיצער פונ די העלדנ פונ „שטילער סאפע".

דאָ קענ איכ ניט ניט דערמאָנענ דאָס טרעפלעכע בילד, וואָס לענינ האָט אָפּגעמאָלט פונעם סוביעקטיוונ סאָציאָלאָג מיכײַלאָווסקי, וועלכער האָט, ווי באוווסט, אויכ געזוכט בא מארקסנ בלויז „קלייגלעכע נארישקײַטנ" אונ „דרײַ זײַטלעכ".

לענינ האָט געשריבנ:

„אונ אָט זיצט ער (ד. ה. מיכײַלאָווסקי—י. ב.) אונ טוט טאָנ טראכטנ איבער דער טיפזיניקער פראגע — אינ וועלכנ ווערק האָט מארקס פאנאנ-דערגעוויקלט זײַנ מאטעריאליסטישנ פארשטיינ די געשיכטע. יעדערער, וואָס איז באקאָנט מיט מארקסנ, וואָלט אים (מיכײַלאָווסקינ—י. ב.) געענטפערט אפ דעם מיט אנ אנדער פראגע: אינ וועלכנ ווערק האָט מארקס ניט פאנאנדערגעוויקלט זײַנ מאטעריאליסטישנ פארשטיינ די געשיכטע"? *

ווײ, ווײ! וויפל זײַנענ עס פאר אונדזערע אויגנ פארבײַ אזעלכע נעבעכ-דיקע אונ לעכערלעכע „זוכער פונ מארקסיזם" אפנ ליטעראטור־פראָנט!

אָט זיי אלעמענ, וואָס האָבנ בעשומופנ ניט געקענט געפינענ בא מארקסנ קיינ עסטעטישע קאָנצעפּציע, וועט אויסקומענ ענטפערנ מיט לענינס פריִערגעבראכטע ווערטער: „נו, אונ אינ וועלכנ ווערק האָט מארקס ניט פאנאנדערגעוויקלט זײַנ מאטעריאליסטישנ פארשטיינ די געשיכטע" אונ בעמיילע אויכ די געשיכטע פונ קונסט?

פאר יעדנ דענקענדיקנ מענטשנ, וועלכער איז ווירקלעכ פייִק צו „טונ טאָנ טראכטנ", איז דאָכ קלאָר, אז די ראָליע פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזם—מארקס, ענגעלס, לענינ, סטאלינ—שעפט זיכ ניט אויס פאר דער ליטעראטור-קענטעניש אונ וויסנשאפטלעכער עסטעטיק מיט ארטיקלענ אונ אויסצוגנ, ווו די קלאסי-קער פונ מארקסיזם רירנ אָנ קאָנקרעטע ליטערארישע-עסטעטישע פּראָב-לעמעס.

וואָס איז ווערט יענער מארקסיסטישער ליטעראטור-קענער, וועלכער האָט זיכ ניט אויסגעלערנט פונ יעדער זײַטל פונ די שאפונגענ פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזמ צו שעפנ דעם „רײַכסטנ טעאָרעטישנ אינהאלט" פונ דער מארק-סיסטיש־לענינישער קונסט־קענטעניש אונ וויסנשאפטלעכער עסטעטיק?!

אונ ווילט איר וויסנ, ווו עס זײַנענ פארלייגט די יעסוידעס פונ אונדזער מארקסיסטיש-לענינישער עסטעטיק,—טאָ לייענט אונ פארטראכט זיכ איבער פאָלגנדיקע אומשטערבלעכע שורעס:

* לענינ, ב. I, ז. 82 (אלטע אויסגאבע).

„אינעם געזעלשאַפטלעכן פּראָדוצירן זייער לעבן טרעטן מענטשן אַריַין אין באַשטימטע נויטווענדיקע באַציִונגען, וואָס זיַינען אומאָפּהענגיק פון זייער ווילן—אין פּראָדוציר-באַציִונגען, וואָס אַנטשפּרעכן אַ באַשטימטער אַנטוויקלונג-שטופע פון זייערע מאַטעריִעלע פּראָדוציר-קויכעס. דער סכום פון די דאָזיקע פּראָדוציר-באַציִונגען בילדעט די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, דעם רעאַלן באַזיס, איבער וועלכן עס הייבט זיך אויף דער יורידישער און פּאָליטישער איבערבוי, און וועלכן עס אַנטשפּרעכן באַשטימטע פאָרמעס פון געזעלשאַפטלעכן באַוווסטזיַין. דער פּראָדוציר-אופן פונעם מאַטעריִעלן לעבן באַדינגט דעם פּראָצעס פון סאָציִאַלן, פּאָליטישן און ביקלאַל גיַיסטיקן לעבן. ניט דער באַוווסטזיַין פון די מענטשן באַשטימט זייער זיַין, נאָר, פאַרקערט, זייער געזעלשאַפטלעכער זיַין באַשטימט זייער באַוווסטזיַין‟.*

די דאָזיקע געניִאַלע אידיי, וועלכע האָט, לויט לענינס ווערטער,** „די ערשטע אופגעהויבן די סאָציִאָלאָגיע אַף דער שטופע פון וויסנשאַפט‟ (וויַיל י הז [illegible] ז געגעבן „אַ פולשטענדיקן אָביעקטיווון קריטעריי‟—דעם קריטעריי פון פּראָדוציר-באַציִונגען), איז נאַטירלעך דער אויסגאַנג-פּונקט באַם אויפשטעלן די גרונט-פּראָבלעמעס פון דער ליטעראַטור-קענטעניש. נעמט צו באַ דער ליטעראַטור-קענטעניש די דאָזיקע געניִאַלע אידיי, און זי וועט זיך פאַנאַנדערפאַלן ווי אַ קאָרטן-שטיבל—זי וועט זיך פאַנאַנדערפאַלן ווי אַ קאָרטן-שטיבל און וועט אופהערן עקזיסטירן ווי אַ וויסנשאַפט.

## II

איז אָט וואָס איך האַלט פאַר נייטיק אָפּצוצייכענען, ווען עס גייט אַ רייד וועגן מאַרקס ראָליע פאַר אונדזער ליטעראַטור-קענטעניש און קונסט-קענטעניש: דער מאַרקסיזם האָט דער ערשטער אופגעהויבן צו דער שטופע פון אַ וויסנשאַפט דעם אַנאַליז פון ליטעראַרישע פּראָצעסן, ווי אידעאָלאָגישע פּראָצעסן ביקלאַל, ווי פּראָצעסן פונעם גיַיסטיקן לעבן פונעם געזעלשאַפטלעכן מענטשן.

„דער מאַטעריִאַליזם, שריַיבט לענין, האָט געגעבן אַ פולשטענדיק אָביעקטיווון קריטעריי, אויסטיילנדיק די פּראָדוציר-פאַרהעלטענישן אַלס די סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט און געבנדיק די מעגלעכקיַיט אָנצווענדן צו די דאָזיקע פאַרהעלטענישן יענעם אַלגעמיינעם וויסנשאַפטלעכן קריטעריי פון איבערכאַזערונג, וואָס זיַינען אָנווענדן אין סאָציִאָלאָגיע האָבן די סוביעקטיוויסטן אָפּגעלייקנט.***

צי האָט די בורזשואַזע אידעאַליסטישע ליטעראַטור-קריטיק און ליטעראַטור-קענטעניש פון אַלערליי מינים געקאָנט זיך ספּראַווען מיט אַזאַ דער אופגאַבע צו פאַרוואַנדלען די ליטעראַטור-קריטיק אין אַ וויסנשאַפט? ניין, זי

* פאָרוואָרט „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע‟.
** לענין, ב. I, ז. 79 (אַלטע אויסגאַבע).
*** דאָרטן.

איז אפ דעמ ניט געווענ פייִק בעשומויפנ. עס האָט איר געפעלט א „קליינ־קייט״—עס האָט איר געפעלט דער אָביעקטיווער מאטעריִאליסטישער קריטעריִ פונ ליטעראַרישע פראָצעסנ.

היינע, וועמענ מארקס האָט אזוי ליב געהאט צו ציטירנ, האָט אמאָל גאנצ בייז איראָניזירט אפנ אדרעס פונ יענער „פיכטיִאנישער גאנדז, וואָס לייקנט אָפ אפילע איר אייגענעמ לעבער, אונ האלט אינ איינ באהויפּטנ, אז איכ—איז איכ״. אינ אָט דער דאָזיקער ניט גאָר פיינער לאגע פונ פיכטיִאנישע געגנדז האָבנ זיכ געפונענ די גאנצע צייט, אונ געפינענ זיכ אויכ איצט, פיל בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע ליטעראטור-קענער. אויכ זיי ווייסנ פונ איינ כאָכמע,— פונ יענער אינזיכיסטישער כאָכמע, פונ וועלכער עס האָבנ געוווּסט די פיכטיִא-נישע געגנדז: איכ—איז איכ. אכוצ דעמ איכ עקזיסטירט גאָרנישט.

לאָמיר זיכ דערמאָנענ אונדזער קאמפ קעגנ דער סוביעקטיוו־אידעאליסטישער, אימפּרעסיִאָניסטישער אונ פאָרמאליסטישער קריטיק—דאָס איז געווענ אינ טאָכ א קאמפ פונ וויסנשאפט קעגנ אומוויסנשאפט, פונ רעוואָליוציִאָנערנ גע־דאנק קעגנ קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערנ קאָנסערוואטיזמ אונ אָבסקוראנטיזמ, פונ מאטעריִאליזמ קעגנ אידעאליזמ אונ קלעריקאליזמ.

דער וויַסעמיגראנט אייכענוואלד—דער פירער פונ דער רוסישער יערידע־דיק־אימפּרעסיִאָניסטישער ליטעראטור-קריטיק, האָט אמאָל געשריבנ: „עס איז ניטאָ קיינ גרעסערע געהיימניס, איידער ליטעראטור. אונ עט ציִענ צו זיכ דעמ מענטשנ אָטאָ די רעגנדיקע מיסטעריענ פונ וואָרט״.

מיר ווייסנ גאנצ גוט דעמ סאָציִאָלאָגישנ אונ פּאָליטישנ עקוויוואלענט פונ די דאָזיקע בארימטע „רעגנדיקע מיסטעריענ פונ וואָרט״! מיר ווייסנ פאר א וועלכנ מעקעכ אָטאָ די „רעגנדיקע מיסטעריענ פונ וואָרט״ האָבנ זיכ קאָטירט אינ די צארישע אָכראנקעס אונ קאפּיטאליסטישע בירזשעס. איצט אָבער איז פאר אונדז וויכטיק אונטערצושטרייַכנ אָט די דאָזיקע „מיסטעריענ פונ וואָרט״ אלס א בוילעטנ מוסטער פונ אנ אָטענעמ מארש, וואָס אלע פינצ-טערע רעאקציִאָנערע קויכעס פונ דער ליטעראטור-קענטעניש האָבנ אָרגאני-זירט קעגנ מארקסיזמ־לעניניזמ.

ווי קענ דאָ גייִנ א רייד וועגנ א וועלכער ניט איז וויסנשאפט, ווענ לויט דער מיינונג פונ די דאָזיקע אידעאַליסטישע קריטיקער „איז דאָס וואָרט אומ-באגרייַפלעכ״ אונ אז „מיט ווערטער קענ מענ ניט דערקלערנ קיינ ווערטער״?!

בא אזא סוביעקטיוו-אידעאליסטישער קאָנצעפּציע האָט ניט קיינ שומ זינענ, זעלבסטפארשטענדלעכ, ניט בלויז קיינ וויסנשאפטלעכע ארבעט, נאָר בכלל קיינ מאסעווע קולטור־ארבעט. אינ דער אטמאָספער פונ אגנאָסטיציזמ, פונ אל־געמיינער „דויר־האפלאָגע״, ווענ איינער פארשטייט ניט דעמ אנדערנ, איז, פארשטייט זיכ, אומעגלעכ צו שאפנ א וויסנשאפט.

איינער פונ די רוסישע גרונט־טעאָרעטיקער פונ אָטאָ דער אינ טאָכ אג-נאָסטישער שול אינ ליטעראטור־קענטעניש—פּאָטעבניא, האָט געשריבנ:

„קונסט—דאָס איז די שפּראַכ פונעמ קינסטלער. אונ אזוי ווי מע קאָנ ניט מיט דער הילפ פונ וואָרט איבערגעבנ דעמ צווייטנ אונדזערע געדאנקענ, אונ מע קאָנ בלויז אופוועקנ אינ אימ דעמ אייגענעמ געדאנק,—אזוי אויכ קענ מענ אימ ניט מיטיילנ אינ א קונסט-

ווערק; דעריבער אנטוויקלט זיך דער אינהאלט פונעם קונסט־ווערק (ווען דאָס קונסטווערק איז שוין פארענדיקט) ניט אינעם קינסטלער, נאָר אין די, וועלכע נעמען אים אוף. דער צוהערער קען אסאך בעסער איידער דער רעדנער גופע פארשטיין, וואָס עס איז באהאלטן אונטערן וואָרט, און דער לייענער קאָן בעסער פארן פּאָעט באגרייפן די אידייעס פון זיין ווערק. דער טאָך, די קראפט פון אזא מין ווערק שטעקט ניט אין דעם, וואָס דער אווטער האָט געמיינט, נאָר אין דעם, ווי אזוי עס ווירקט אפן לייענער, אפן צושויער, ד. ה. עס שטעקט אין דעם א ו מ ו י ס ש ע פ ל ע כ ן מ ע ג ל ע כ ן א י נ ה א ל ט".

ווי איר זעט, ווערט בא דער פסיכאָלאָגיסטישער סוביעקטיוו־אידעאליסטישער שול דער ליטעראטור־אָביעקט, וועלכער עקזיסטירט אומאָפּהענגיק פונעם לייענער, פארביטן אפ דער סטיכיי פון סוביעקטיווע לייענערישע עמפינדונגען און „א ו מ ו י ס ש ע פ ל ע כ ן מ ע ג ל ע כ ן א י נ ה א ל ט". אויב אזוי, הייסט עס, איז ניטאָ קיין באשטימטער שעקספיר,—נאָר עס זיינען פאראן הונדערטער טויזנטער שעקספירן, אזוי ווי זיי ווערן אופגענומען דורך הונדערטער טויזנטער לייענער. ניטאָ, הייסט עס, קיין באשטימטער שאָלעמ־אלייכעם, נאָר עס זיינען פאראן טויזנטער שאָלעמ־אלייכעמס, ווי זיי ווערן אופגעפאסט בא פארשיידענע לייענער. אפ אזא שטאנדפונקט, איז, ווי באקאנט, אין אונדזער ליטעראטור־קריטיק, געשטאנען א לענגערע צייט כ' ליטוואקאָוו. *

דער זעלבער אגנאָסטיציזמ און סוביעקטיווער אידעאליזמ ליגט, ווי עס איז באקאנט, אין יעסאָד פון דער פאָרמאליסטישער ליטעראטור־קענטעניש. די פאָרמאליסטן אָנערקענען דאָך די „עמפינדונג פון פאָרמע" („Ощутимость формы") אלס די גרונט־פרוזשינע פון ליטערארישע פראָצעסן. אָבער אָט די דאָזיקע פרוזשינע (ווי דער לייענער פילט די פאָרמע) איז דאָך א סוביעקטיווע, א פסיכאָלאָגישע קאטעגאָריע!

קעדיי שאפן א באָדן פאר אן עכטער ליטעראטור־וויסנשאפט, קעדיי מאכן א סאָף צו דער רעאקציאָנערער פיכטיאנישער גאנדז, וועלכע לייקנט אָפּ איר אייגענעמ לעבער (ד. ה. איר ליטערארישן לעבער!), האָט מען באדארפט, קוידעמקאָל, אראָפּרייסן פונעם וואָרט זיין מיסטישן שלייער. דאָס האָט געטאָן מארקס, ווען ער האָט געשריבן:

„דער מענטש האָט אויך א „באוווסטזיין", נאָר דאָס איז אויך ניט לעכאטכילע קיין „ריינער באוווסטזיין". דער „גייסט" איז לעכאטכילע באלאסטעט מיט דער פארשאָלטענער „לאסט" פון מאטעריע, וואָס טרעט ארויס, אין געגעבענעמ פאל, אין דער פאָרמע פון באוועגלעכע לופט־שיכטן, אין דער פאָרמע פון קלאנגען,—קורץ גערעדט, אין דער פאָרמע פון שפראך".

דאָ ווערט די אָביעקטיווע רעאלקייט און מאטעריעלקייט פון דער שפראך ארויסגערוקט אין קעגנזאץ צו אלערליי מיסטישע און אגנאָסטישע טעאָריעס וועגן דער „אומבאגרייפלעכקייט פונעם וואָרט", וועגן „וואָרט־ווייען", אין

* „אומרו", ב. II, ז. 165.

קעגנזאַץ צו דער אידעאַליסטישער געפליגלטער פראַזע, אַז „דער אַרויסגעזאָגטער געדאַנק—איז פאַלש".

אפן זעלבן אַנטימאַרקסיסטישן, סוביעקטיוו-אידעאַליסטישן שטאַנדפּונקט איז געשטאַנען, ווי באַקאַנט, די טראָצקיסטישע ליטעראַטור־קריטיק. עס איז קעדײַ צו דערמאָנען דעם טראָצקיסטישן ליטעראַטור־קריטיקער וואָראָנסקי, וועלכער האָט דערקלערט, אַז בלויז באַם באַדינגן פון אוניסאָן קען מען אַ־בערגעבן אַ צווייטן די עסטעטישע אָפּשאַצונג פון אַ ווערק. * מאַרקס האָט צעקלאַפּט פולשטענדיק די אַגנאָסטישע לעגענדע וועגן דעם, אַז דאָס וואָרט ביקלאַל און דאָס קונסט-וואָרט ביפראַט, קאָן ניט ווערן באַגריפן און קאָן ניט איבערגעגעבן ווערן אַ צווייטן. מאַרקס איז אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן דער סוביעקטיוו-אידעאַליסטישער אַגנאָסטישער טעאָריע פון לייענערישע עמפּינדונגען, אַלס קריטעריי פון קונסטווערק. אין קעגנזאַץ צו דער סוביעקטיוו-אידעאַליסטישער טעאָריע וועגן לייענערישע עמפּינדונגען, האָט מאַרקס אין זײַן אײַנלייטונג צום בוך „צו דער קריטיק פון פּאָליטעקאָנאָמיע" אַרויסגערוקט דעם געדאַנק וועגן דער דיאַלעקטיק פון בוך און לייענער. שטעלנדיק די פּראָבלעם פון פּראָדוקציע און געברויך, האָט מאַרקס אין זײַן אײַנלייטונג געשריבן:

„דער אָביעקט פון קונסט און אויך יעדער אַנדערער פּראָדוקט שאַפט דאָס פּובליקום, וואָס באַגרײַפט די קונסט און איז פייִק געניסן פון איר שיינקייט. די פּראָדוקציע פּראָדוצירט דעריבער ניט בלויז דעם אָביעקט פאַרן סוביעקט, נאָר אויך דעם סוביעקט פאַרן אָביעקט".

הייסט עס, אַז ניט די לייענערישע עמפּינדונגען באַשטימען דעם טאָך פון אַ קונסטווערק. די קונסטווערק, לויט מאַרקס מיינונג, שאַפט דאָס לייענער-פּובליקום, דאָס „פּובליקום, וואָס איז פייִק געניסן פונעם שיינעם".

אָבער דאָס איז נאָך ווייניק. מאַרקס שטרײַכט דאָרטן אונטער, אַז די „פּראָדוקציע שאַפט פאַרן געברויך ניט בלויז דעם אָביעקט,—עס באַשטימט דעם געברויך, זײַן כאַראַקטער, זײַן פאַרגאַנצטקײַט". גלײַכצײַטיק באַהויפּטעט מאַרקס, אַז „דער געברויב שאַפט אויך די פייִקײַט פון דעם פּראָדוצירער, ווירקנדיק אַפ אים..."

אין שײַן פון אָט דער דאָזיקער דיאַלעקטיק פון פּראָדוקציע און געברויך דאַרפן מיר לייזן די זייער קאָמפּליצירטע און אַקטועלע פּראָבלעם פון לייענער און בוך. פאַר אונדז שטייט די פראַגע וועגן שטודירן דעם לייענער-געברויכער, יענעם לייענער-געברויכער, וואָס, לויט מאַרקס ווערטער, ווירקט ער אַפן פּראָדוצירער, ד. ה. אַפן שרײַבער.

סאַראַ באַרג אַרבעט עס שטייט אונדז פאַר אינעם דאָזיקן געביט!

לעצינס לאָזונג וועגן „שאַפן אַ ליטעראַטור, וואָס איז צוגענגלעך פאַר מיליאָנען", שטרײַכט נאָך שאַרפער אונטער פאַר אונדז די אויפגאַבע פון שטודירן דעם לייענער, פון שטודירן מיליאָנען לייענער. ווידעראַמאָל, פאַרשטייט זיך, דאַרף מען דאָ אונטערשטרײַכן: עס האַנדלט זיך ניט פון אַזאַ מין עמפּירישן שטודירן דעם לייענער, ווי דאָס טוען די פאַרשיידענע בורזשואַזי-אידעאַליס-

* Воронский» „Литературные записи"—20

טישע טעאָרעטיקער פון „לייענערישע עמפינדונגען". אין דער רוסישער ליטע-ראטור-קריטיק איז שוין פאראן א בוך פון אָטאָ דעם מין ווולגאריזאטערישן קאָמענטירן די פּראָבלעם פון לייענער. איך האָב דאָ אין זינען טאָפּאָראָווס בוך „פּויערים וועגן שרייבער", ווו דער עקיסטישער און עמפּירישבאגרענעצטער פאטאָס פון לייענערישע עמפינדונגען איז אזוי גרויס, אז א ריי אָנגעזעענע שרייבער ווערן פּאָשעט „פארטיליקט" אפּן סמאך פון דעם, וואָס דער אָדער יענער פויער־לייענער האָט זיי ניט באגריפן. פארשטייט זיך, אז שטודירן די פּראָבלעם פון לייענער וועט זיין אומעגלעך, אויב מיר וועלן ניט נעמען אין אכט דעם קאָנקרעטן, קלאסעווון לייענער אין קאָנקרעטע היסטאָרישע באדינגונגען. מארקס און לענינס לערע וועגן דער צווישנבאציִונג צווישן שרייבער און מי-ליאָנען לייענער וועט דינען אלס אויסגאנג־פּונקט אין דער דאָזיקער ארבעט.

III

אָפּערירנדיק מיט די טערמינען „פּראָדוקציע" און „געברויך" אויך אין גע-ביט פון קונסט, האָט אָבער מארקס ניט איינמאָל געוואָרנט, אז מע זאָל ניט צונויפמישן ווולגאר־מאטעריאליסטישע מאטעריעלע פּראָדוקציע און פּראָדוקציע פון גייסטיקע ווערטן. אין דער פּאָרעדע צו זיין בוך „צו דער קריטיק פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע" שרייבט מארקס:

> „מיט דער ענדערונג פון דער עקאָנאָמישער באזע קומט פאָר, מ ע ר אָ ד ע ר ו ו י י נ י ק ע ר ש נ ע ל, אן איבערקערעניש אויך אין דער גאנצער ריזיקער איבערבויונג־סיסטעם. באם באהאנדלען אזעלכע איבערקערענישן דארף מען שטענדיק דורכפירן אן אונטערשייד צווישן דער מאטעריעלער איבערקערעניש אין די עקאָנאָמישע באדינגונגען פון פּראָדוקציע, וואָס מע קען באשטימען מיט א נאטורוויסנשאפטלעכער פּינקטלעכקייט, און די יורידישע, פּאָליטישע, רעליגיעזע, ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע און פילאָסאָפישע,— מיט איין וואָרט, אידעאָלאָגישע פאָרמעס..."

שוין דאָ זעען מיר, ווי מארקס האלט פאר נייטיק אונטערצושטרייכן די ספּעציפישקייט פון איבערבויען ביקלאל און ביפּראט פון דער קינסטלערישער פאָרמע פון באוווסטזיין. ערשטנס, האלט מארקס פאר נייטיק אונטערצושטרייכן, אז די איבערקערעניש אין געביט פון אידעאָלאָגישע פאָרמעס קומט ניט אָן מע-כאניש, ט י י ק ע פ נאָך דער איבערקערעניש אין די עקאָנאָמישע באדינגונגען פון פּראָדוקציע. מארקס שטרייכט אונטער, אז די איבערבויען ווערן געענדערט מ ע ר אָ ד ע ר ו ו י י נ י ק ע ר שנעל נאָכדעם, ווי עס האָט זיך געענדערט די עקאָנאָמישע באזע. צווייטנס, מוז מען לייגן אכט אף דעם, וואָס לויט מארקסן קאָן מען בלויז די מאטעריעלע איבערקערעניש אין די עקאָנאָמישע באדינגונ-גען פון פּראָדוקציע באשטימען „מיט נאטורוויסנשאפטלעכער פּינקטלעכקייט". צו ליטעראַרישע פּראָצעסן, צום אנאליז פון קונסט־דערשיינונגען ביקלאל, קען מען ניט, ווי עס שיינט לויט מארקסן, אָנווענדן אזא נאטורוויסנשאפטלעכע גענויקייט. יאָגן זיך אומבאדינגט נאָך אָטאָ דער נאטורוויסנשאפטלעכער פּינקט־לעכקייט באטייט אין דאָסראָוו פאלן—ווולגאריזאטערישקייט און מעכאניציזם.

קעדיי אָט דער דאָזיקער פּונקט זאָל ווערן קלאָרער, איז קעדיי צו דער-מאָנען פּלעכאנאָווס טעזיס וועגן דעם, אז די וויסנשאפטלעכע עסטעטיק איז

אָביעקטיוו ווי די פיזיק. דער דאָזיקער טעזיס * איז, ווי באקאנט, פארבונדנ בא פּלעכאנאָוונ מיט זײַנ אָביעקטיוויסטישער, מענשעוויסטישער קאָנצעפּציע, אָבער אכוץ דעמ, אונ טאקע אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ, דארפנ מיר דאָ אונ־טערשטרײַכנ, אז פּלעכאנאָוו באגייט דאָ יענעמ פעלער פונ יאָגנ זיך נאָך „נא־טורוויסנשאפטלעכער פּינקטלעכקײַט”, פונ וואָס מארקס האָט געוואָרנט, אָפּ־גרענעצנדיק מאטעריעלע פּראָדוקציע פונ אידעאָלאָגישער. עס איז גענוג צו ברענגענ בלויז אָטאָ די ציטאט, קעדיי עס זאָל קלאָר ווערנ וואָס פארא שארפע גע־ווער דער מארקסיזמ־לענינימ גיט אונדז אינ קאמפּ קעגנ די פארשיידענע וואולגאר־מאטעריאליסטישע טעאָרעטיקער פונ ליטעראטור, קעגנ וועלכע אונדז איז אויסגעקומענ אונ קומט אויס אדײַעמ גאנצ אָפט צו קעמפנ.

דאָס וואולגאריזאטערישע יאָגנ זיך נאָך „נאטורוויסנשאפטלעכער גענויקײַט” פונ ליטעראַרישנ אנאליז האָט געפונענ אונ געפינט אדײַעמ זײַנ אויסדרוק אינ די פאר־שיידענע פּרווונ צו אנאליזירנ ליטעראַרישע דערשײַנונגענ פונ שטאנדפּונקט פונ רעפלעקסאָלאָגיע (בא דער טראָצקיסטישער אונ פערעווערזעווישער שול), אינ שײַנ פונ פּסיכאָ־פיזישער געזעצמעסיקײַט (פונ אייניקע לונאטשארסקיס אויטיק־לענ) פונעמ שטאנדפּונקט פונ ליטעראַרישער טעכניק (בא דער פאָרמעל־סאָציאָ־לאָגישער שול) אונ אז. וו.

די מארקסיסטיש־לענינישע קריטיק האָט, ווי באקאנט, אינ מעשעכ פונ יאָרנ געפירט א פאראקשנטנ קאמפּ קעגנ אָט די דאָזיקע אלע וואולגאר־מאטעריאליס־טישע פּרווונ צו אידענטיפיצירנ ליטעראַרישע פּראָדוקציע מיט מאטעריעלע. מע דארפ אָבער זיך מוידע זײַנ, אז אָט דער דאָזיקער קאמפּ איז ניט שטענדיק געווענ דערפאָלגרײַך ביזנ סאָפּ, ווײַל מיר האָבנ ניט אויסגענוצט די גרויסע ליטעראַריש־קריטישע יערושע פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזמ. ניט זעלטנ פלעגנ מיר זיך שטיצנ אפ פּלעכאנאָוונ אונ ניט באמערקט דערבײַ, אז פּלע־כאנאָוו גופע, וועלכער האָט ניט ווייניק געקעמפט קעגנ וואולגארנ מאטעריאליזמ, איז אָבער ניט זעלטנ געגאנגענ אפ האנאָכעס מיטנ זעלבנ וואולגארנ מאטע־ריאליזמ.

אונדזער ליטעראטור־קענטעניש האָט ניט באמערקט צו דער צײַט, אז אינ דער אײַנלייטונג צו מארקס „קריטיק פונ פּאָליטישער עקאָנאָמיע”, אינ יענע בארימטע „דרײַ זײַטלעכ”, וואָס די מעכאניסטיקע אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס מאכט אוועק מיט אזא ביטל־באציִונג, אז אינ די דאָזיקע אויסצוגנ איז פאראנג מארקס א וויכטיקער טעזיס וועגנ דער „ניט גלײַכער פארהעלטעניש צווישנ דער אנטוויקלונג פונ מאטעריעלער פּראָדוקציע, אונ, לעמאָשל, דער קינסטלע־רישער”. דער דאָזיקער געדאנק פארמאָגט אויכ אינ זיך א קאָלאָסאלנ אָנלאָד פונ טעאָרעטישער קאָנטבארקײַט, וואָס דינט אונדז אינ קאמפּ קעגנ מעכאני־ציזמ אינ ליטעראטור־קענטעניש. מארקס פאָרמולירט עס אזוי:

„וואָס איז שײַעכ קונסט, איז באקאנט, אז געוויסע פעריאָדנ פונ איר אויפבלי געפינענ זיך ניט אינ קיינ שומ אנטשפּרעכונג מיט דער אל־געמיינער אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפט אונ, הייסט עס, אויכ מיט דער אנטוויקלונג פונ איר מאטעריעלער באזע, וואָס שטעלט פאָר א מינ

* אינ מײַנ בוכ „אטאקע” האָב איכ, צומ באדויערנ, דעמ דאָזיקנ טעזיס ניט קריטיקירט, נאָר געפּרווט אימ פארריכטנ.

סקעלעט פונ איר אָרגאניזאציע. לעמאָשל, די גריכנ, אינ פארגלייַכ מיט די הייַנטצייַטיקע פעלקער, אָדער שעקספיר".

אינ שייַנ פונ דער דאָזיקער אויסערסט-וויכטיקער פאר אונדז מארקסיסטישער קאָנצעפציע פונ דיאלעקטיק פונ ליטעראַרישע פראָצעסנ — דער דיאלעקטיק פונ באזע אונ קינסטלערישנ איבערבוי — אנטבלויזט איר גאנצע מענשעוויסטיש-מעכאניסטישע נישטיקייַט די פערעווערזעווישע שול. די דאָזיקע שול האָט, ווי באקאנט, געפרווט „דערפירנ דאָס סאָציאלע לעבנ צו פראָדוציר-פראָצעסנ", זי האָט געזוכט די סאָציאלע דעטערמינירטקייַט פונ קונסט-דערשייַנונגענ „אינ פראָצעס פונ פראָדוקציע אונ ניט ערגעץ אנדערשוו". פאר פערעווערזעוונ האָט ביקלאל ניט עקזיסטירט קיינ דיאלעקטיק פונ מאטעריעלער באזע אונ איבערבוי. דאָס איז געווענ א טיפישער פסעוודאָ-מארקסיסט — א מענשעוויסטישער עקאָנאָמישער מאטעריאליסט, וועלכער האָט זיכ איבערגעטאָנ פאר א מארקסיסט. אונ וואָס איז אזוינס דער עקאָנאָמישער מאטעריאליזמ פונ א מענשעוויק? דאָס איז, לויט פאָקראָווסקיס ווערטער, „א ריינ עקאָנאָמישע אינטערפרעטאציע פונעמ היסטאָרישנ פראָצעס, וואָס איז, אנ אונ פאר זיכ, אָנעמבאר פאר יעדנ בורזשוי". פארשטייט זיכ, אז פערעווערזעווס מענשעוויסטישער עקאָנאָמישער מאטעריאליזמ איז ניט אימשטאנד צו באגרייַפנ אזא „מעשונעדיקנ קאוס", ווי אָפגעשטאנענע עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ אונ... הויכע גריכישע קונסט, אָדער הויכע שעקספירישע דראמאטורגיע.

אפ דער זעלבער פאָזיציע פונ וולגארנ מאטעריאליזמ אָנ דיאלעקטיק, אָנ רעוואָליוציע, איז געשטאנענ אויכ די אזוי גערופענע פאָרמעל-סאָציאָלאָגישע שול. ארויסגייענדיק פונעמ וולגאר-מאטעריאליסטישנ שטאנדפונקט, אז די „ליטעראריש-קינסטלערישע פראָדוקציע אונטערשיידט זיכ ניט, לויט איר נאטור, מיט גאָרנישט פונ אנ אנדער פראָדוקציע",* האָט די פאָרמעל-סאָציאָלאָגישע שול באהויפטעט, אז „דער ליטעראטור-פראָדוקט ווערט באשטימט דורכנ געזעלשאפטלעכנ אָרט פונ זייַנ פראָדוקציע אונ געזעלשאפטלעכנ אָרט פונ זייַנ געברויכ".** אזוי ארומ איז די פראָבלעמ פונ געזעצמעסיקייַטנ אינ דער ליטעראטור אונ קונסט דערפירט געוואָרנ צו דער ט ע כ נ י ש ע ר פראָבלעמ פונ „אויסארבעטנ ליטעראטור-זאכנ". אומזיסט האָט דער פירער פונ דער דאָזיקער שול — ארוואטאָוו, געפרווט זיכ פארופנ אפ מארקסנ. די פאָרמעל-סאָציאָלאָגישע שול האָט ניט געקענט פארדעקנ דעמ פאקט, וואָס זי טרייבערט אויס דעמ קלאסנ-אינהאלט פונ קונסטווערק, איגנאָרירט די פאָרמעל פונ אידעאָלאָגיע אונ שאפט א מינ שלייער פאר די פארשיידענע בורזשואזע אינטעליגענטנ פונ שקלאָווסקיס טיפ, וועלכע טוענ זיכ איבער פאר „אויבערמאטעריאליסטנ".

מארקס פלעגט שארפ שטעמפלענ אזעלכע וולגאר-מאטעריאליסטישע טעכנישע טעאָריעס אינ ליטעראטור.

„צי איז פרייַ, שרייַבט מארקס, יענע פרעסע, וואָס לאָזט זיכ אראָפ צו דער שטופע פונ מעלאָכע?"

מיט ליטעראַרישער טעכניק, מיט טעכנישנ ניוואָ פונ ליטעראַרישער מעלאָכע, האָבנ פאָרמאליסטנ-סאָציאָלאָגנ, ווי באקאנט, געפרווט דערקלערנ די אנט-

* „Печать и Революция", кн. I, стр. 30, 1929 г.

** Арватов, „Социологическая поэтика", стр. 31.

שטײַונג, טראַנספאָרמאַציע און אונטערגאַנג פון זשאַנרען. מאַרקס האָט אין זײַן „אײַנלײַטונג״ געמאַכט צונישט אָט די דאָזיקע װולגאַרע טעאָריעס. אין זײַן „אײַנלײַטונג״ הײבט אױף מאַרקס די זײער קאָמפּליצירטע פּראָבלעם פון ניט גלײַכמעסיקער אַנטװיקלונג פון זשאַנרען. אָט װאָס מאַרקס שרײַבט:

„װאָס איז שײַעך אײניקע קונסט-מינים, לעמאָשל, דעם עפּאָס, איז אױך אָנערקענט געװאָרן, אַז אין זײַן קלאַסישער פאָרמע, װאָס שטעלט פאָר אַן עפּאָכע פון דער װעלט-געשיכטע, קאָן ער שױן ניט װערן גע-שאַפן באַלד, װי נאָר עס האָט זיך אָנגעהױבן אַ קונסט-שאַפונג אינעם אײגנטלעכן זינען פון װאָרט; אַז אַזױ אַרום זײַנען אין געביט פון קונסט מעגלעך באַשטימטע פאָרמעס, װאָס האָבן אַ קאָלאָסאַלע באַדײַ-טונג בלױז אױף אַ פאַרהעלטנישמעסיק-נידעריקער שטופע פון קינסטלערישער אַנטװיקלונג״.

„נידעריקע שטופע פון קינסטלערישער אַנטװיקלונג״ און... גלענצנדיקע װערק פונעם װעלט-עפּאָס — אָט האָט איר אײַך אַ קאַזוס פון דיאַלעקטיק, װאָס מעכאַניסטן-װולגאַריזאַטערן און פאָרמאַליסטן װעלן קײנמאָל ניט פאַרשטײן. מאַרקס באַװײַזט דאָ, אַז מע קאָן ניט אַריבערטראָגן זשאַנרען מעכאַניש פון אײן היסטאָרישער סוױװע אין דער צװײטער.

סאַראַ װערטפולער אױצער פון געדאַנקען עס שטעקט אין אָט אָ די פּאָר-בײַגײענדיקע באַמערקונגען! אונדזערע ליטעראַרישע דיסקוסיעס װעגן די זשאַנ-רען פון פּראָלעטאַרישער, סאָציאַליסטישער קונסט באַקומען גאָר אַן אַנדער אױסזען אין שײַן פון אָט דעם דאָזיקן טעזיס װעגן דער ניט גלײַכמעסיקער אַנטװיקלונג פון זשאַנרען. דער זשאַנער טרעט אַרױס, װי אַ היסטאָרי-שע, קאָנקרעטע קאַטעגאָריע, אין קאָנטעקסט פון אַ באַשטימטן סטיל און ניט װי אַ מעטאַפיזישע קאַטעגאָריע פון דער בורזשואַזער, פאָרמאַליסטי-שער פּאָעטיק.

מע װאָלט, אָן שום ספק, בײַ אַ גענױערן שטודירן מאַרקס און ענגעלס װערק, געקאָנט געפינען גאָך פיל אינטערעסאַנטע ערטער, װו עס װערן געשטעלט פּראָבלעמעס פון סטיל און זשאַנער. אָט, לעמאָשל, האָט מען בײַ אונדז אַ געװיסע צײַט דיסקוטירט אַרום דער פראַגע װעגן די פּערספּעקטיװן פון הומאָר און סאַטי-רע אין אונדזער ליטעראַטור. עס זײַנען געװען אַזעלכע, װאָס האָבן געפּרוּװט אײנגאַנצן אָפּפרעגן הומאָר, געלעכטער, אַלס געװער אין די הענט פונעם סאָ-ציאַליסטישן קינסטלער. עס האָט געזאָלט הײסן, אַז אין אונדזער ערנסטער צײַט קען דער קינסטלער זיך ניט פאַרנעמען מיט „טרײַבן שפּאַס״. בײַ מאַרקסן, אין זײַן „קריטיק פון העגעלס רעכט-פילאָסאָפיע״, געפינט איר זײער אינטערע-סאַנטע אָנמערקונגען אױף דער דאָזיקער טעמע. מאַרקס װײַזט אָן, אַז גראָד לאַכנ-דיק װעלן מיר זיך געזעגענען מיט דער אַלטער װעלט. „קאָלזמאַן, שרײַבט מאַרקס, די אַלטע אָרדענונג, װי אַן עקזיסטירנדיקע װעלטאָרדענונג, האָט געקעמפט קעגן אַ װעלט, װאָס האָט ערשט געהאַלטן אין געבױרן װערן, איז פון איר זײַט געװען אַן אַלװעלטלעך-היסטאָרישער פעלער, אָבער ניט קײן פּערזענלעכער. איר אומקום איז דעריבער געװען אַ טראַגישער״.

פאַרקערט, אין אונדזערע באַדינגונגען גײט דורך די געשיכטע אַ גאַנצן נײַעם פּאַזיס, װען דער עקזיסטירנדיקער רעזשים איז שױן אַן אַנאַכראָניזם, אַ נעבעך-

דיקײַט. „דער מאָדערנער אלטער רעזשים איז גיכער פונ אלצ בלויז א קאָמעדיאַנט פונ דער וועלט־אָרדענונג, וואָס זײַנע ווירקלעכע העלדנ זײַנענ שוינ לאַנג אויסגעשטאָרבנ... דער לעצטער פאזיס פונ דער אלוועלטלעכ־היסטאָרישער פאָרמע איז איר קאָמעדיע... פארוואָס־זשע באוועגט זיכ אזוי די געשיכטע? דאָס איז, קעדיי די מענטשהײַט זאָל לאכנדיק זיכ געזעגענענ מיט איר פארגאנגענהײַט".

מיר האָבנ, אָנ שומ סאָפעק, די פולע רעכט אינ שײַנ פונ אָט דער דאָזיקער באמערקונג אָנמאָלנ גלענצנדיקע פערספעקטיוונ פאר אונדזער „לאכנדיקער" פאלאנגע שרײַבער — אונדזערע הומאָריסטנ אונ סאטיריקער. זיי וועלנ אונדז העלפנ לאכנדיק זיכ געזעגענענ מיט דער אלטער וועלט אונ מיט אירע רעשטלעכ אינ דער עקאָנאָמיק אונ באוווסטזײַנ.

זייער וויכטיקע, קאָמפליצירטע פראָבלעמעס שטעלנ זיכ פאר אונדז, ווענ מיר שטעלנ אָנ דעמ רעפלעקטער פונ מארקס זשאנרענ־קאָנצעפציע אפ דער פראָבלעמ פונ פאָלקלאָר אינ אונדזער ליטעראטור־קענטעניש. מארקס שרײַבט אינ זײַנ „אײַנלייטונג":

„אונ צי דענ ווערנ ניט פארשווינדנ, ניט איבערלאָזנדיק נאָכ זיכ קיינ שפור, די מײַסעס, געזאנגענע אונ מוזעס אונ דערמיט אויכ די נויטווענדיקע פאָרהאנאָכעס פונ אנ עפישער פאָעזיע, ווענ עס באווײַזט זיכ דער דרוק־ווארשטאט?"

דאָס נאציאָנאל־דעמאָקראטישע, בורזשואז־באלעגופישע סמאקעווענ דעמ פאָלקלאָר, אלס איינציקנ קוואל פונ נאציאָנאלער פאָרמע; דאָס בורזשואז־באלעגופישע אידעאליזירנ דאָס ארכאישע, קאָנסערוואטיווע אינ דער פאָלקלאָר־יערושע, — דאָס אלצ אנטבלויזט איר קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ טאָכ אינ שײַנ פונ דער אויבנגעבראכטער מארקס באהויפטונג. די פראָבלעמ פונ פראָלעטארישנ פאָלקלאָר, איר טאָכ אינ שײַנ פונ די גרונט־פרינציפנ פונ אינטערנאציאָנאליזמ, אינ נײַע היסטאָרישע באדינגונגענ, מוז דעריבער באקומענ איר ליי־זונג אינ שײַנ פונ מארקס קאָנצעפציע וועגנ זשאנרענ.

פרידריכ ענגעלס, וועלכער האָט, אָנ שומ סאָפעק, אויכ פראָבלעמעס פונ קונסט באארבעט אינ שטענדיקנ אידייישנ קאָנטאקט מיט מארקסנ, האָט געגעבנ זייער אנ אינטערעסאנטע, קאָנקרעט־ליטעראריש אילוסטראציע צו מארקס טעאָריע וועגנ דער ניט גלײַכער פארהעלטעניש צווישנ דער אנטוויקלונג פונ מאטעריעלער פראָדוקציע אונ, לעמאָשל, דער קינסטלערישער.

אינ א בריוו צו פאול ערנסט, א בריוו, וואָס איז געווענדעט קעגנ דער מעכאניסטישער ליטעראטור־קענטעניש אינ דײַטשלאנד פונ די 90־ער יאָרנ, גיט ענגעלס זײַנ קאָרעספאָנדענט א ביז גאָר אינטערעסאנטע לעקציע פונ דיאַלעקטיש־מאטעריאליסטישנ אנאליז פונ ליטערארישע פראָצעסנ. ענגעלס ווײַזט אָנ ערנסטנ, אז מע טאָר ניט אָפּעררנ אויסערהיסטאָריש אונ אבסטראקט מיטנ באגריפ „באלעבעסל" אונ מיטנ באגריפ „עקאָנאָמישע אָפּגעשטאנענקײַט". בא א מעכאניסטישער אויסטײַטשונג פונ די דאָזיקע באגריפנ בלײַבט אינגאנצנ אומפארשטענדלעכ דער פאקט, וואָס, לעמאָשל, די עקאָנאָמיש־אָפּגעשטאנענע באלעבעסלדיקע נאָרוועגיע פארנעמט דעמ אויבנאָנ אינ דער קינסטלערישער אנטוויקלונג פונ אייראָפּע.

„פאר די לעצטע 10 יאָר — שרײַבט ענגעלס — האָט נאָרוועגיע איבערגעלעבט

אַזאַ אופבלי אינ געביט פונ ליטעראַטור, וואָס קיינשומ לאַנד, אויסער רוסלאַנד, קענ דערמיט ניט שטאָלצירנ”.

ווי-זשע בינדט זיכ אָטאָ דער אויסערגעוויינלעכער ליטעראַרישער אופבלי מיט עקאָנאָמישער אָפגעשטאַנענקייט פונ נאָרוועגיע? אַלס ענטפער דערויפ גיט ענגעלס א העכסט-אינטערעסאַנטנ מוסטער פונ קאָנקרעטנ היסטאָרישנ אַנאַליזירנ דעמ באַגריפ „עקאָנאָמישע אָפגעשטאַנענקייט”. „אינ דייטשלאַנד—שרייבט ענגעלס—איז דאָס בירגערטומ געקומענ אַלס פרוכט פונ א ניט איינגעגעבענער רעוואָליוציע, פונ אַנ אַנטוויקלונג, וואָס איז איבערגעריסנ געוואָרנ אונ פאַרהאַלטנ געוואָרנ...”

ניט אַזוי איז געווענ אינ נאָרוועגיע. דאָרטנ איז, לויט ענגעלס ווערטער, די עקאָנאָמישע אָפגעשטאַנענקייט געקומענ ניט אַלס פרוכט פונ אַנ „אַנטוויקלונג, וואָס איז איבערגעריסנ געוואָרנ אונ פאַרהאַלטנ געוואָרנ”:

> „צוליב איר איזאָלירטקייט אונ צוליב די נאַטור-באַדינגונגענ איז דאָס לאַנד אָפגעשטאַנענ, נאָר איר (נאָרוועגיעס—י. ב.) אַלגעמיינער צושטאַנד האָט די גאַנצע צייט אַנטשפּראָכנ די פּראָדוציר-באַדינגונגענ אונ דעריבער איז עס געווענ נאָרמאַל”.

אָט ווי ענגעלס שטעלט די פּראָבלעמ פונ „ניט גלייכער פאַרהעלטעניש צווישנ דער אַנטוויקלונג פונ דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע אונ, לעמאָשל, דער קינסטלערישער”.

שטעלנדיק אָט די דאָזיקע זייער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמ, רעדט אויס ענגעלס גאַנצ באַשיידנ: „דאָס אַלצ האַלט איכ פאַר נייטיק גרינטלעכ אויסצושטודירנ, איידער אַרויסצוטרעטנ מיט מיינ אורטייל”. אָבער אַפילע אינ אָט דער דאָזיקער פאָרמע פונ לויפיקער נאָטיצ האָבנ שוינ מאַרקס אונ ענגעלס קאָלאָסאַלע פאַרדינסטנ געבראַכט אונדזער ליטעראַטור-קענטעניש. ניט בלויז מענשעוויקעס, פּערעווערזעווצעס אונ בורזשואַזע פאָרמאַליסטנ האָבנ געפּרוווט ווולגאַר-מאַטעריאַליסטיש פאַרקריפּלענ אונדזער ליטעראַטור-קענטעניש. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ ווי מעכאַניסטיש עס האָט זיכ געפּלאָנטערט אינ דער דאָזיקער פראַגע אַפילע אַזאַ סוביעקטיוו-אויפריכטיקער מאַרקסיסט, ווי דער פאַרשטאָרבענער וו. מ. פריטשע. פריטשע האָט געשריבנ:

> „מע קאָנ פעסטשטעלנ, ווי א געזעצ, וואָס ווירקט אָפ א גרויסנ מעהאַלעכ צייט, אַז אַלס העגעמאָנ—פירער אינ געביט פונ קונסט טרעט אַרויס דאָס לאַנד, וואָס איז עקאָנאָמיש פאָרשריטלעכ”.

אינטערעסאַנט, ווי וואָלט פריטשע אונ זיינ שול זיכ אַנ אייצע געגעבנ מיטנ אויבנגעבראַכטנ ביישפּיל פונ ליטעראַטור-אופבלי אינ דער עקאָנאָמיש-אָפגעשטאַנענער נאָרוועגיע אונ אינ רוסלאַנד? אָט דער דאָזיקער מוסטער פונ מעכאַניציזמ באַ פריטשענ איז, ווי באַקאַנט, ניט קיינ צופעליקער. פריטשעס קאָנצעפּציע פונ עפּאָכע-סטיל איז דאָכ ענג פאַרבונדנ מיט זיינ פּרווו דערקלערנ דעמ קונסט-סטיל דירעקט פונעמ „עקאָנאָמישנ סטיל”.

די פּראָבלעמ פונ ניט גלייכער פאַרהעלטעניש צווישנ דער אַנטוויקלונג פונ מאַטעריעלער פּראָדוקציע אונ קינסטלערישער, איז ענג פאַרבונדנ באַ מאַרקסנ, ווי אויכ באַ ענגעלסנ אונ לענינענ, מיט דער קאָנצעפּציע פונ ניט גלייכמעסיקער אַנטוויקלונג פונ פאַרשיידענע איבערבויענ. אָט די דאָזיקע פּראָב-

לעמ, וואָס מיר האָבנ אינ דער ליטעראטור־קענטעניש נאָכ ניט אָנגעהויבנ ווי געהעריק צו באארבעטנ, איז, אָנ שום סאָפּעק, אײנע פונ די אקטועלסטע פּראָבלעמעס פונ אונדזער ליטעראטור-קענטעניש. קעדיי צו באקומענ א באגריפ וועגנ דער פּאָליטישער אקטועלקײַט פונ דער דאָזיקער פּראָבלעמ, וועל איכ ברענגענ אײנ בײַשפּיל. אינ זײַנ פאָרעדע צומ בוכ „ליטעראטור אונ רעוואָליוציע“ שרײַבט טראָצקי:

„אינ אָט דער הינזיכט שטעלט פאָר מיט זיכ די אנטוויקלונג פונ קונסט דעמ העכסטנ קריטערי פאר דער לעבנספייִקײַט אונ באַטײַטפולקײַט פונ יעדער עפּאָכע“.

טראָצקי באהאנדלט דאָרטנ קונסט, ווי די קרוינ פונ דער קולטור, ווי איר „בלימל“, ריידנדיק מיט טראָצקיס „בלימלדיקער שפּראכ“. מיטנ ניוואָ פונ קונסט, מיט איר קוואליטעט וויל טראָצקי שטענדיק אונ אומעטומ מעסטנ די לעבנספייִקײַט אונ באַטײַטפולקײַט פונ יעדער עפּאָכע.

איז לאָמיר זענ, וואָס פארא לעבנספייִקײַט אונ באַטײַטפולקײַט וועט כאראקטעריזירט, לעמאָשל, די עפּאָכע פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור, אויב מע זאָל זיכ שטעלנ אפּ טראָצקיס שטאנדפּונקט? זײער א דאלעסדיקע אונ נעבעכדיקע—אָט וואָס עס וועט אײַכ ענטפּערנ מיסטער טראָצקי. וואָרעמ בעעמעס, לויט טראָצקינ קומט דאָכ אויס, אז דער איבערגאנג-פּעריִאָד פונ קאפּיטאליזמ צו סאָציִאליזמ פארמאָגט ניט קײנ קונסט, אלנפאלס, וועגנ אנ אופבלי פונ קונסט אינ פּעריִאָד פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור, קענ דאָכ, לויט טראָצקיס קאפּיטוליאנטישער טעאָריע, קײנ רייד ניט זײַנ. הייסט עס, אז די דאלעסדיקע, נעבעכדיקע קונסט אינ פּעריִאָד פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור איז אנ אײדעס וועגנ דעמ דאלעסדיקנ אונ נעבעכדיקנ טאָכ פונ אונדזער עפּאָכע!

אָט צו וואָס עס מוז דערפירנ טראָצקיס קונסט-פילאָסאָפיע! אָט צוליב וועלכע אָפענע רעכילעסדיק-קאָנטר-רעוואָליוציאָנערע אויספירנ מיסטער טראָצקי האָט געשאפנ זײַנ טעאָריע וועגנ דעמ, אז אומעטומ אונ שטענדיק איז דער צושטאנד פונ קונסט א קריטערי פונעמ צושטאנד פונ דער עפּאָכע. טראָצקי האָט באוווסטזיניק אָנגעווענדט אָט די דאָזיקע טעאָריע, האָבנדיק אינ זינענ פאנאנדערוויקלענ זײַנ קאָנטר-רעוואָליוציאָנערע טעאָריע, סײַ וועגנ דער אומעגלעכקײַט אויסצובויענ בא אונדז א פּראָלעטארישע ליטעראטור, סײַ וועגנ דער אומעגלעכקײַט אויסצובויענ סאָציִאליזמ בא אונדז אינ לאנד. אויב מיר וועלנ יכ שטעלנ אפּ אזא שטאנדפּונקט פונ פּראָקלאמירנ דעמ ניוואָ פונ קונסט אלס ניוואָ פונ דער עפּאָכע, וועלנ מיר זײַנ געצווונגענ צו דערקלערנ, אז, לעמאָשל, גראָד דער געביט פונ קונסט, וועלכער שטייט אָפּ אפנ איצטיקנ עטאפּ פונ אלע איבעריקע געביטנ פונ אונדזער לעבנ, אז גראָד אָטאָ דער אָפּגעשטאנענער געביט איז קלומערשט דער קריטערי פונ אונדזער העראָיִשער טקופע פונ פּינפּיאָר.

ארויסטרעטנדיק קעגנ דער דאָזיקער וווּלגארער קאָנצעפּציע, רוקט ארויס מארקס זײַנ קאָנצעפּציע פונ ניט גלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונ פארשיידענע איבערבויענ. מארקס שרײַבט:

„פארקערט, יענער אויפנ, אפּ וועלכנ אינ די דאָזיקע עפּאָכעס האָט

מען דעראָבערט מיטלען פון לעבן, דערקלערט פארוואָס האָט אין איין
פאל די הויפט-ראָליע געשפילט פּאָליטיק און אין צווייטן—קאטאָליציזם״.

דאָ גיט מארקס דעם שליסל צו עפענען זיין קאָנצעפּציע פון ניט גלייכמע-סיקער אנטוויקלונג פון אידעאָלאָגיע. „פארשטייט זיך — טייטשט אויס אינעם זעלבן אָרט מארקס, — אז דער מיטלאלטער האָט ניט געקענט לעבן מיט קאַ־טאָליציזם און די אנטיקישע וועלט מיט פּאָליטיק״. אָבער אין פארשיידענע היסטאָרישע אומגעבונגען שפּילט די הויפט-ראָליע אמאָל די פּאָליטיק, אמאָל דער קאטאָליציזם, אמאָל קונסט, אמאָל פילאָסאָפיע א. א. וו. אין יעדער קאָנ-קרעטער היסטאָרישער סיטואציע טרעט ארויס אפּנ פּאָדערגרונט די אָדער יענע פּאָרמע פון באוווסטזיין. ענגעלס, וועלכער אנטוויקלט דאָ דעם זעלביקן גע-דאנק וואָס מארקס, שרייבט:

„דערפון באקומט זיך אזא מין דערשיינונג, אז לענדער — עקאָנאָמיש-אָפּגעשטאנענע קענען שפּילן אין דער פילאָסאָפיע א פירנדיקע ראָליע. אָבער סיי אין פראנקרייך, סיי אין דייטשלאנד איז די פילאָסאָפיע און דער אלגעמיינער אופבלי פון ליטעראטור געקומען אין יענער עפּאָכע, אלס רעזולטאט פון עקאָנאָמישער אנטוויקלונג״.*

הייסט עס, אז אויך ענגעלס שטרייכט אונטער די ניט גלייכמעסיקע אנט-וויקלונג פון אידעאָלאָגיע. נאָר אין שיין פון דער דאָזיקער קאָנצעפּציע איז מעגלעך צו פארשטיין, פארוואָס, לעמאָשל, האָט אין דייטשלאנד פונעם 18-טן יאָרהונדערט געשפּילט אזא מין גרויסע ראָליע אין דייטשישן לעבן דער לי־טעראַרישער „שטורעם און דראנג״, אין דער צייט, ווען אין פראנקרייך, לע-מאָשל, האָט דעם אויבנאָן פארנומען די פּאָליטיק. דאָס זעלבע, אויב מיר ווילן זיך דערמאָנען אָן דער ראָליע פונעם ליטעראטור-געביט אין רוסלאנד אין דער צווייטער העלפט פון 19-טן יאָרהונדערט, ווען אפ די זייטלעך פון ליטעראַריש-קריטישע זשורנאלן פלעגן פאקטיש קאָנצענטרירט ווערן די גרונט-פּראָבלעמעס פון קלאסנקאמפּ. אָבער מע מוז פאָרט געדענקען ענגעלס האנאָכע, אז אין אלע פאלן איז דער אופבלי פון דער אָדער יענער פאָרמע פון באוווסטזיין א רע-זולטאט פון עקאָנאָמישער אנטוויקלונג אין לעצטן סאכאקל. דאָס דארפ מען געדענקען, קעדיי ניט ארייןפאלן אין געפענקעניש פון דער בורזשואזער פאקטערן־טעאָריע, וואָס שטעלט פאָר דעם מאָניסטישן פּראָצעס פון געזעל-שאפטלעכן זיין און באוווסטזיין, ווי א געמיש פון גלייכווערטיקע פאק-טערן — גייסטיקע און מאטעריעלע. אין אונדזער ליטעראטור-קענטעניש איז, ווי באקאנט, ניט וויניק אויסגעקומען צו קעמפן קעגן אָט אָ דער בורזשואזער פאקטערן-טעאָריע, וואָס זעט ניט אונטערן מאבל פון פארשיידענע פאקטערן די גרונט־פּרוזשינע פונעם געזעלשאפטלעכן פּראָצעס — די איינהייט פונעם גע־זעלשאפטלעכן פּראָצעס, איר מאטעריעלע איינהייט.

## IV

די קלאסיקער פון מארקסיזם האָבן אונדז געלערנט, אז די גרונט־פּרוזשינע פון געזעלשאפטלעכן לעבן איז דער קלאסנקאמפּ. דאָ ליגט „דער יעסאָד פון

* בריוו צו ק. שמידטן.

דער גאנצער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג און איר טרייבקראפט" — זאָגט לענין. דער קלאסנקאמפּ פירט אומפארמיידלעך צו פּראָלעטארישער דיקטאטור, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אן איבערגאנג צו דער אָנקלאסעווער געזעלשאפט און איר אָנקלאסעווער סאָציאַליסטישער קולטור.

קיין איינ דערשיינונג פון געזעלשאפטלעכן לעבן, און מעמיילע אויך קיין איינ ליטעראַרישע דערשיינונג, קען ניט ווערן אנאליזירט און אופגעדעקט אויסער די ראמען פון קלאסנקאמפּ, אויסערן פּאָליטישן לעבן, אויסער פּאָליטיק, אויסער פּארטייישן קאמפּ.

די גאנצע בורזשואזע ליטעראטור־קענטעניש — די מענשעוויקעס, טראָצקיסטן, נאצדעמען, פּאָרמאליסטן און אנד. — האָבן זיך טאקע דעריבער א לאָז געטאָן אין אָנגריפּ קעגן דער „איבערהאנט פון פּאָליטישן פאקטער" אין קונסט, קעגן פּארטייישקייט פון ליטעראטור, ווייל דאָ ליגט דער שווערפּונקט פון דער מארקסיסטיש-לענינישער ליטעראטור-קענטעניש. כ'וועל דערמאָנענ די באַרימטע פּאָרמולירונג פון פּערעווערזעווס מענשעוויסטישער, קלוימערשט, מאַטעריאַליסטישער טעאָריע פון „פּאראלעלע רייען".

„דערלערנענדיק די געשטאלטנ-סיסטעם, קען דער ליטעראטור-קענער באקומען איר דערקלערונג נאָר פון דער געזעצמעסיקייט פון עם פּראָדוציר-פּראָצעס... מאָלעריי — קען גאָרניט שאפן אין דער געשטאלטנ־סיסטעם פון דער ליטעראטור; דאָס פּאָליטישע לעבן קען גאָרניט שאפן אין דער געשטאלטנ-סיסטעם פון דער ליטעראטור. און פארקערט: די ליטעראטור קען גאָרניט שאפן אין דער פּאָליטישער סיסטעם, אָדער אין מאָלעריי".

צוגלייך מיטן מענשעוויק פּערעווערזעוו איז אפן דאָזיקן געביט, אין זין פון אָפּרייסן ליטעראטור פון פּאָליטיק, געווען טעטיק דער ליטעראַרישער טראָצקיזם. אין וואָס באשטייט דער טאָך פון דער דאָזיקער טעאָריע?

פארשטייט זיך, אז קיינער פון אָט די בורזשואזע טעאָרעטיקער פון אן אויסערפּאָליטישער ליטעראטור־קענטעניש האָט ניט געהאט בעדייע אָפּצורייסן ליטעראטור-פּראָגעס פון קלאסנקאמפּ, און פון יענער קלאסנ-פּאָליטיק, וואָס איז אייגנטימלעך פאר דעם אָדער יענעם בורזשואזן ליטעראטור-טעאָרעטיקער. די קלוימערשט אפּאָליטישע קאָנצעפּציע פון אָפּרייסן ליטעראטור פון דער פּאָליטיק איז א באשטימטע פּאָליטישע קאָנצעפּציע — א קאָנצעפּציע פון קלאסנפיינט, וועלכע גרייפן אָן אפ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אונטער דער מאסקע פון אן אויסערפּאָליטישער ליטעראטור-קענטעניש.

מארקס און ענגעלס האָבן זייער פּרינציפּ פון קלאסנקאמפּ געלייגט אין גרונט אויך פון זייערע ליטעראַריש־עסטעטישע ארבעטן.ביידע קלאסיקער פון מארקסיזם האָבן ניט איינמאָל אונטערגעשטראָכן די ראָליע פונעם פּאָליטישן לעבן פאר דער ליטעראטור און קונסט ביקלאל. ענגעלס רעדט אין א דריי ארטיקלען וועגן דעם, אז דאָס פּאָליטישע לעבן פון לאנד באשטימט ניט זעלטן דעם קינסטלערישן ניוואָ פון דער ליטעראטור. די כראָנישע אָרעמקייט פונעם פּאָליטישן לעבן פון דייטשלאנד טאָרמאָזירט, לויט ענגעלס מיינונג, דעם וווקס פון איר קינסטלערישער ליטעראטור. די פארשארפונג פון פּאָליטישן לעבן, דאָס איינשליסן די ליטעראטור אין פּאָליטישן קאמפּ, אינעם קלאסנקאמפּ,

פאטערט ניט דעם טאלאנט, נאָר, פארקערט — עס באפרוכפערט אים, עס באַ־ריַיכערט אים.

„די כראָנישע אָרעמקייט, שרייַבט ענגעלס, וואָס רינגלט אים (דעם פּאָעט) ארום פון אלע זייַטן, ווירקט אפ אים זייער אָפּשוואַכנדיק, גיט געבנדיק אים די מעגלעכקייט זיך אויפצוהויבן איבער איר, פילן זיך פריַי פון איר, און אויסלאַכן זי, אויסמייַדנדיק די געפאר אליין שטענ-דיק אריַינצופאלן אין איר. אלע דייַטשישע פּאָעטן, וועלכע האָבן א וועלכן ניט איז טאלאנט, קען מען דערוויַיל אייצענען נאָר איינס — אריבער־קלייַבן זיך אין די ציוויליזירטע לענדער" (מארקס און ענגעלס, ב. V, ז. 132).

אין דעם זעלבן אָרט וויַיזט אָן ענגעלס, אז „ביזוואנען די געזעלשאפט-לעכע ווידערשפּרוכן וועלן ניט אָנעמען אין דייַטשלאנד א מער שאַרפערע פּאָרמע, אדאנק דעם, וואָס עס וועלן זיך דייַטלעכ אויסטיילן קלאסן און די בורזשואזיע וועט שנעל באהערשן די פּאָליטישע מאכט, האָט ניט אין דייַטש-לאנד גופא דער דייַטשישער פּאָעט אסאך וואָס צו דערוואַרטן".

דעם זעלבן שטאנדפונקט אף דער ראָליע פון פּאָליטישן לעבן פאר דער ליטעראטור און קונסט וויקלט לענין מיט א ווּנדערבארער טיפקייט פאנאנדער אין זייַנע ארטיקלען וועגן טאָלסטויען. לענין וויַיזט אָן, אז „דער שארפער ברוך פון אלע אלטע יעסוידעס פון דער דאָרפישער רוסלאנד האָט פארשארפט זייַן (טאָלסטויס—י. ב.) אופמערקזאמקייט, האָט פארטיפערט זייַן אינטערעס צו דעם, וואָס קומט פאָר ארום אים, האָט געבראכט צו אן איבערבראָך פון זייַן גאנצער וועלטאָנשויונג".

באזונדערס שארפ שטרייַכן אונטער מארקס און ענגעלס די נעגאטיווע ראָליע, וואָס די פּאָליטישע אָרעמקייט פון דייַטשלאנד סאָפּ 18-טן י. ה. האָט געשפּילט אין געטעס שעפערישן וועג. ענגעלס שטעלט זיך ניט אפּן שטאנד־פונקט פון יענע באלעבעסלעכ, וואָס פּרוּוון אָפּקומען מיט אלגעמיינע מעליצעס וועגן געטעס „אָלימפּישער רויִקייט", ניט אונטערשטרייַכנדיק דעם איַינרייס צווישן געטען — דעם געניִשן פּאָעט און געטען—דעם דייַטשישן באלעבעסלי דעם טשינאָווניק פון ווייַמארער הויפ. אוודע געהערט ניט ענגעלס צו יענע מאָראליסטן, וואָס פרוּוון אָנבינדן זייערע „אייביקע, אלמענטשלעכע" פּרינציפּן דעם דייַטשישן דיכטער געטע,—גלייכצייַטיק, אָבער, וויל ניט ענגעלס פארשמירן דעם פאקט, אז אין די טעג פון „גרויסן אייַזגאנג", וואָס האָט זיך א לאָז געטאָן איבער גאנץ איירָאָפּע, אין די טעג פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע, איז געטע פארבליבן א באלעבעסל און דייַטשישער פיליסטער, וואָס האָט געצייטערט פאר זייַן פּאָעטישן ווינקל. ענגעלס טרעט ארויס קעגן יענער געטעס „אָלימפּישער רויִקייט" און קלוימערשטער אפּאָליטישקייט, וואָס האָט דערלויבט געטען „מיט פייַערלעכן ערנסט זיך פארנעמען מיט קליינלעכע איניאָנים פון א נעבעכדיקן דייַטשישן הויף" אין די טעג, ווען „נאפּאָלעאָן האָט גערייניקט די אויגיַעווער פערד-שטאלן פון דייַטשלאנד". אָט דער דאָזיקער „אפּאָליטיזם" האָט, לויט ענגעלס מיינונג, אין א באַדייַטנדיקער מאָס אראָפּגע-זעצט געטעס דיכטערישע פּערזענלעכקייט.

אן אויסערגעווייינלעך־רייַכן מאטעריאל אפ לייזן די דאָזיקע טיפ-אקטועלע

פראגע—די פראגע וועגן דער צווישנבאציִונג פון פּאָליטיק און ליטעראטור, גיט די קאָרעספּאָנדענץ צווישן מארקסן און פרייליגראטן—דעם דײַטשישן סאָציִאַליסטישן פּאָעט.

אין פארלויף פון צוויי צענדליק יאָר האָבן זיך מארקס און פרייליגראט עפּונעץ אין א נאָענטן פארקער.

די געשיכטע פון די דאָזיקע צווישנבאציִונגען האָט פאר אונדז, קאָמוניסטן—ליטעראטור-קענער א קאָלאָסאלע פראקטישע און טעאָרעטישע באדײַטונג—א באדײַטונג פון א מוסטער פאר אונדזער ליטעראטור-פּאָליטיק.

ארום די דאָזיקע צווישנבאציִונגען האָט זיך אָנגעזאמלט ניט ווייניק פארשיידענע מיספארשטייענישן און פּאָליטיש-שעדלעכע טראקטירונגען. ניט קיין קליינע שולד ליגט דערבײַ אפ פראנץ מערינגס געוויסן. פארנעמענדיק אפילע לינקע פּאָליטישע פּאָזיציעס אין 2־טן אינטערנאציִאָנאַל, איז אָבער פראנץ מערינג ניט געווען אימשטאנד זיך צו באפרײַען פון דער לאסט פון דער קאנטיִאנישער עסטעטיק און אידעאליזם אין פראגעס פון ליטעראטור. זײַנע ארבעט וועגן פרייליגראטן און מארקסן טראָגט אפ זיך א בוילעטן שטעמפּל פון דער קאנטיִאנישער טעאָריע פון פאסיווער „אָנשוילעכקײַט און ניט פארינטערעסירטקײַט פון דער קונסט".

וויִאזוי שילדערט מערינג די צווישנבאציִונגען צווישן מארקסן און פרייליגראטן? מערינג שילדערט מארקסן ווי א מין „גוטן פעטער באם פּאָעטישקאפּריזפולן פרייליגראטן". לויט מערינגס מיינונג האָט מארקס ארויסגעוויזן א „לעבעדיקע סימפּאטיע און א גרויסע נאָכגיביקײַט צו די קליינע שוואכקײַטן" פון די פּאָעטן.

„ער האָט געהאלטן — שרײַבט מערינג וועגן מארקסן — אז פּאָעטן זײַנען עפּעס מאָדנע נעפאשעס, וועלכע מע דארף לאָזן גיין מיט זייער וועג און וועלכע מע טאָר ניט מעסטן אפן ארשין פון געוויינלעכע אָדער אפילע אויסערגעוויינלעכע מענטשן. זיי האָבן ליב, אז מע זאָל זיי כאנפענען, ווען מע וויל פון זיי לידער; מיט א שארפער קריטיק טאָר מען צו זיי ניט צוגיין". *

אָנוואַרפנדיק אזא מין גוטמוטיקן פּאָרטרעט פון מארקסן,—דעם ליטעראַטור-טוער, איז מערינג דאָך אליין געצוווּנגען צו אָנערקענען, אז מארקס האָט „ניט אלעמאָל" אָפּגעהיט די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע „נאָכגיביקײַט" אין באצוג צו פרייליגראטן. מערינג דערציילט וועגן א קאָנפליקט, וועלכער האָט אויסגעבראָכן אין צוזאמענהאנג מיט פרייליגראטס פּאָליטישער פרינציפּלאָזיקײַט אין דער צײַט פון די שילער-פײַערונגען. מערינגן פארורטיילט מארקסן פארן שארפן אײַנרײַסן מיט פרייליגראטן. מארקס האָט, לויט מערינג, פאראטן, אין געגעבענעם פאל, זײַן אייגענע ליטעראַרישע פּאָליטיק, אין גרונט פון וועלכער עס איז געלעגן דער פרינציפּ: „ניט צוזאמענמישן דעם פּאָעט מיטן קריטיקער", ד. ה. מוחל זײַן דעם פּאָעט זײַנע שוואכקייטן.

„מערינג שטרײַכט אונטער, אז „אין באצוג צו היינען האָט מארקס שטרענגער אײַנגעהיט זײַן נאָכגיביקײַט, איידער אין באצוג צו פרייליגראטן. מיט

Ф. Меринг, „Мировая литература и пролетариат", стр. 155. *

א ניט באהאלטענער סימפּאטיע אפן אדרעס פונעם „פרייען קינסטלער" ברענגט מערינג פאָלגנדיקע ווערטער פון פרייליגראטן:

„מיין נאטור, ווי די נאטור פון יעדן פּאָעט, פּייטיקט זיך אין פרייהייט. א פּארטיי איז אויך א שטייג און אפילע פאר דער פּארטיי זינגט זיך בעסער אויסער איר, איידער אין איר" *

מערינג כאזוערט איבער, אין טאָג געריעדט, די דאָזיקע ארגומענטאציע פון „פרייער אויסערפּארטייישער שעפערישקייט" אין זיין ארטיקל וועגן היינען.

„ער איז געווען—שרייבט מערינג וועגן היינען—א גרויסער קינסטלער, און איז טאקע דעריבער ניט געווען קיין פּאָליטיקער, וועלכער וואָלט זיך געקענט שטרענג האלטן אָן די פּאראגראפן פון דער פּראָגראם, אָדער וועמען דאָס איז געווען נייטיק". **

באלד וועל איך דערווייזן, אז זיין קאנטיאניש-פיליסטערישן פארשטייען דעם קינסטלער האָט מערינג צוגעשריבן מארקסן. נאָר פריער האלט איך פאר נייטיק צו דערמאָנען, אז ניט איינער פון אונדזערע בורזשואזע קריטיקער האָט געפּרוווט ספּעקולירן אין דעם געגעבענעם פאל מיט מארקס באוימכער „נאָכגיביקייט".

פריידיקנדיק וואָראָנסקיס אינטויִוויסטישע טעאָריע וועגן קינדערשן כאראקטער פונעם קינסטלער („דער קינסטלער איז נאַיוו ווי א קינד"), פּארופט זיך דער קריטיקער לעזשניאָוו דערביי אפ מארקסן. לעזשניאָוו שרייבט:

„אייער עמעס איז טיפער. ווי עס ווייזט אויס, עקזיסטירט ווירקלעך עפּעס א באזונדער טיפּ פון א פּסיכאָלאָגישער אָרגאניזאציע, וואָס איז כאראקטעריסטיש פארן שרייבער...

איך דערמאָן זיך אָן מארקס באציִונג צו פּאָעטן, ווי צו דערוואַקסענע קינדער".

נאָר צי האָט דען אין דער ווירקלעכקייט עקזיסטירט אזא „גוטער פעטער", א ליטעראַרישער „מייליץ-יוישער", ווי מע פּרוווט זיך פאָרשטעלן מארקסן? ניין, עס איז קיינמאָל אזא מארקס ניט געווען. מארקס האָט קיינמאָל ניט געקענט באטראכטן די שרייבער ווי אומשולדיקע קינדער, וועלכע עס ווערט ניט פארבאָטן צו טאָן, וואָס זיי ווילן. מארקס האָט גאנץ גוט געוווּסט, אז ליטעראטור איז א געווער אין קלאסנקאמף, אין קאמף פון דער פּארטיי. יעדע שורע פון זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט פרייליגראטן איז אָנגעזאפּט מיט קאמף פאר א פּאָליטיש-פארשארפטער ליטעראטור. מארקס נוצט אויס יעדע געלעגנהייט, קעדיי צו געבן זיין פּאָעטישן פריינט א לעקציע פון פּאָליטגראמעטע.

און ווען פרייליגראט אנטפּלעקט זיין קליינבירגערלעכן אינדיווידואליזם, באקומט ער א שארפן ווידערשטאנד סיי מיצאד מארקסן, סיי מיצאד ענגעלסן.

דעם 10־טן דעקאבער 1858 י. שרייבט מארקס ענגעלסן:

„פרייליגראט, וועלכער האָט ניט געקענט געפינען אין זיין לירע קיין איין טרויעריקן קלאנג באַ די „טראגישע" געשעענישן, זאָל עס

---

* דאָרטן.

** דאָרטן.

זײַן אין דער אײגענער פּאַרטײ (דאַניעלס טויט) אָדער בּיקלאָל אַף דער וועלט (קײַענע, ארסיני א. א. וו.), נעמט זיך פלוצלונג באַזינגען די דאָ־זיקע טרויעריקע געשעעניש" (ד. ה. דעם טויט פון דער פּאָעטעסע יאָהאַנע מאָקעל—י. ב.). *

אין א צווייטן בריוו טרעט מארקס ארויס נאָך שארפער קעגן דער פּאָליטי־שער פרינציפּלאָזיקײַט פון פרייליגראַטן.

ער שרײַבט:

„דער טײַוול זאָל נעמען דעם דאָזיקן צעכ פּאָעטן! מיטן דערשײַנען פון זײַן ליד וועגן מאָקעל פאַרבינדט זיך פרייליגראט מיט אונדז, ווי מיט זײַנע פרײַנט, בלויז „זייער געהיים", אָפן גייט ער אָבער האַנט בא האַנט מיט אונדזערע פײַנט". **

וויאַזוי־זשע קען מען דאָ ריידן וועגן מארקס „נאָכגיביקײַט"?

נאָך שארפער האָט ענגעלס געשטעמפּלט די פרייליגראַטאָוושטשינע. ער האָט געשריבן:

„כ'בין בעפייערש בייז אַף אָט דער גאַנצער פרייליגראַטאָוושטשינע. מיט אָט די בעלעטריסטישע כעווערלײַט איז אָט דער זעלבער אַלטער מיזמער: שטענדיק ווילט זיך זיי מע זאָל זיי אין די צײַטונגען רויכערן ווײַרעכ, מע זאָל שטענדיק דערציילן וועגן זיי דעם פּובליקום, און דער מינדסטער נעבעכדיקער פערז, וואָס זיי מײַסטרעווען אויס, איז בא זיי וויכטיקער פון דער גרעסטער וועלט־געשעעניש". (מארקס און ענגעלס, ב. XXII, ז. 470).

ווי איר זעט, האָט די ליטעראַטור־פּאָליטיק פון מארקסן און ענגעלסן קיין שום שײַכעס ניט מיט פּאָליטישער פּרינציפּלאָזיקײַט און פוילן ליבעראַליזם, אויב מע זאָל באַנוצן אונדזער איצטיקע טערמינאָלאָגיע.

טאַקע די פּאָליטישע פאַרשאַרפטקײַט פון היינעס שעפערישן טאַלאַנט האָט צוגעצויגן צו זיך מארקס סימפּאַטיעס.

מיט וואָס פאַר א סאַרקאַזם און צאָרן מארקס רעדט עס וועגן די דײַ־טשישע באַלעבעסלעכ, וועלכע אָנערקענען ניט היינען אלס פּאָעט, ווײַל בא אים פעלט „נעשאָמע" און צופיל איז ער געווען „איבערפולט מיט בייזקײַט!" ***

מארקס האָט ליב געהאַט היינען גראָד פאַר זײַן בייזקײַט, פאַר דער פּאָליטישער פאַרשאַרפטקײַט פון זײַנע לידער, פאַר זײַן האַס צו דער קייזערלעכער דײַטש־לאַנד.

פון דער אַנדער זײַט, האָט מארקס קיינמאָל ניט געפּאָכעט מיט דער האָ־לאָבליע, איז קיינמאָל ניט אַרײַנגעפאַלן אין ווולגאַריטעט. די סאָנים פון מארקסן און פון קאָמוניזם האָבן אוועקגעלייגט אַלע קויכעס, קעדיי אָפּצורײַסן פרייליגראַטן פון מארקסן. זיי האָבן געשריבן, אַז „פרייליגראַט האָט פאַרלאָרן זײַן שטימע, זײַן פרײַהײַט, זײַן אויסגעהאַלטנקײַט" פון דער צײַט, זינט ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער מארקס ווירקונג.

* „Фрейлиграт и Ма́ркс в их переписке", стр. 23

** דאָרטן.

*** מארקס—ענגעלסן—1856 י.

דיסקאָנטירנדיק פרייליגראטס ראָליע אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע, האָט מארקס אָבער אוועקגעלייגט אלע קויכעס, קעדיי פּאָליטיש איבערצורעדן פריי־ליגראטן. מארקס שטרייכט ווירקלעך אונטער די נויטווענדיקייט פון א פּאָרזיכ־טיקן צוגאנג צום פּאָעט, די נויטווענדיקייט פון דיסקאָנטירן די ספּעציפיק פון דעם ליטעראַרישן געביט. מארקס גאנצע קאָרעספּאָנדענץ מיט פרייליגראטן— איז א בוילעטער דאָקומענט פון א פילבארער, קלוגער, נאָר שטרענג־פּרינצי־פּיעלער, אומבערעכמאָנעסדיקער באציִונג צו ליטעראַטור און צו ליטעראטן.

אינעם דאָזיקן זין זעעט פאָר לענין איגנאנצן מארקס ליניע אין דער דאָ־זיקער פראגע. עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען לענינס לאנגיאָריקע פּריוואַט־שאפט מיט גאָרקין. די קאָרעספּאָנדענץ פונעם גרעסטן רעוואָליוציאָנער און דענ־קער מיטן גרעסטן פּראָלעטארישן שרייבער דערמאָנט אָן מארקס קאָרעספּאָנדענץ מיט פרייליגראטן טאקע אינעם איבעגאָנגעמערקטן זין—אינעם זין פון א מוס־טער פאר קאָמוניסטישער אָנפירונג מיט ליטעראַטור, אָבער, פארשטייט זיך, ניט אין זין פון פארגלייכן דעם פּראָלעטארישן שרייבער גאָרקי מיטן קליינביר־גערלעכן ראדיקאל פרייליגראט.

זעט, מיט וואָס פאר א פילבארקייט, **דיסקאָנטירנדיק די ספּעצי־פיק** פון דער ליטעראַטור, לענין האָט אָנגעפירט אין פארלויף פון צענדליקער יאָרן מיט גאָרקיס שעפעריש־פּאָליטישער דערציִונג. לענין הלושעט ניט גאָרקין מיט קיין האָלאָבליע, ווען יענער מאכט א טאָעס אין פּאָליטישע אָדער פילאָ־סאָפישע ארבעטן. לענין גיט א מוסטער פון קאָלאָסאלער פילבארקייט אין זיינע באציִונגען מיט גאָרקין. ער פאָלגט נאָך נאָך גאָרקיס טאָגטעגלעכן לעבן, נאָך זיין ארבעט, נאָך זיין געזונט־צושטאנד.

אין א בריוו פון 1913 י. שרייבט לענין גאָרקין:

„אָן אן אופזיכט, צי וואָס, האָט איר זיך צעלאָזן. בא מיין וואָרט, דאָס איז ניט גוט! נעמט זיך אין די הענט אריין און שטעלט איין א „פּריזשים" (רעזשים) א ביסל א שטרענגערן, ווירקלעך!

... איר האָט אָנגעהייבן ארבעטן באנאכט... מע דארף אָפּרוען און אומבאדינגט איינפירן א „פּריזשים".*

אָבער צי דען איז געגאנגען די דאָזיקע פילבארקייט אפן כעזשבן פון **פוילן ליבעראליזם און קליינבירגערלעכער נאָכגיביקייט** אין באצוג צום „**פרייען קינסטלער**"?

פאר קיין פאל ניט.

לענין איז קיינמאָל ניט געגאנגען אף קיין פּשאָרע אין פּרינציפּיעלע פּאָ־ליטישע פראגעס. לענין האָט ניט איינמאָל אונטערגעשטראָכן, אז נאָר די קלאָרע, שטאנדהאפטיקע פּאָליטישע ליניע באפרוכפּערט די קינסטלערישע שעפערישקייט־הייבט אוף דעם קינסטלער. אלס ענטפער אף גאָרקיס באמערקונג: „די מענטשן פארשטיי איך, אָבער זייערע מייסים פארשטיי איך ניט", ד. ה. אלס ענטפער אף גאָרקיס אָנערקענען זיין פּאָליטישע קורצזיכטיקייט, ענטפערט לענין: „ניט פארשטייענדיק די מייסים, קען מען ניט פארשטיין אויך די מענטשן אנדערש ווי... אויסערלעך".

---

* לענין, ב. XVI, ז. 327.

לענינ לערנט גאָרקינ סיסטעמאַטיש און אומופהערלעך, אז מע טאָר זיך ניט באַציִען זאָרגלאָז צו דער אידייִישער ריכטונג פונ א זשורנאַל.

„א זשורנאַל אָנ א ריכטונג—שרײַבט לענינ—איז א נאַרישע זאַך, אַנ אומגעלומפּערטע, א סקאַנדאַליִעזע און א שעדלעכע". *

אינ א צווייטנ בריוו ** ווײַזט ער אָנ גאָרקינ: „בעלעטריסטיק זאָלט איר לאָזנ נאָר א דעמאָקראַטישע, אָנ קלאָגערײַ, אָנ רענעגאַטישקײַט".

אונ ווענ גאָרקי האָט, אַרונטערפאַלנדיק אונטער דער ווירקונג פונ די „גאָט־שעפער", אָנגעשריבנ זײַנ „ווידע", האָט אים לענינ געשריבנ:

„ווענ מיר האָבנ געשמועסט מיט אײַך זומער אונ איך האָב אײַך דערציילט, אז איך האָב אײַך געוואָלט אָנשרײַבנ א פאַרדראָסלעכנ בריוו וועגנ דער „ווידע" א. א. וו.

איז אָט, וויר איר זעט, האָט לענינ ניט געשווינט גאָרקינ דאָס, ווענ יענער האָט א טאָעס געהאַט.

אָבער מיט וואָס פאַר א פרייד לענינ באַגעגנט יעדנ גאָרקיס דערפאָלג!

מע קענ מיט זיכערקײַט זאָגנ, אז זײַנ אַלוועלטלעכנ דערפאָלג פונ א פּראָלעטאַרישנ שרײַבער האָט גאָרקי ניט וויניק צו פאַרדאַנקענ לענינען.

מע טאָר אויך ניט פאַרבײַגיינ לענינס אַרטיקל „די פּאַרטייִישע אָרגאַניזאַציע אונ די פּאַרטייִישע ליטעראַטור". דאָ שטרײַכט לענינ ווידער אונטער די ראָליע פונ דער פּאָליטישער אָנפירונג מיט דער ליטעראַטור.

לענינ שרײַבט:

„עס איז אָנ צווייפל, אז די ליטעראַטור גיט זיך וויי‌ניקער פונ אַלצ אונטער דער מעכאַנישער אויסגלײַכערײַ, דער ניוועלירונג, דער הערשאַפט פונ דער מערהײַט איבער דער מינדערהײַט".

דאָך, צוגלײַך מיט דעם, וואַרפט לענינ אונטער א שאַרפע קריטיק אַלע אינטעליגענטיש־אינדיווידואַליסטישע ריידערײַענ וועגנ „פרײַ זײַנ פונ דער געזעלשאַפט", פונ דער „פּאַרטייִישער שטײַג", ווי פרייליגראַט האָט געזאָגט.

שאַפנדיק א לעגענדע וועגנ מאַרקסנ, ווי וועגנ א „נאָכגיביקנ", א „ליבהאָבער פונ שיינער ליטעראַטור" אונ באַשיצער פונ „פּאָעטישע קינדער"—האָט דער אויטער פונ דער „לעגענדע" וועגנ לעסינגנ—פראַנצ מערינג—דערוויזנ אַנ איבעריקנ מאָל, אז אפילע די לינקע אינעמ 2 אינטערנאַציאָנאַל האָבנ זיך ניט געקענט באַפרײַענ פונ דער קאַנטיאַנישער עסטעטיק—די עסטעטיק פונ 2 אינטערנאַציאָנאַל.

די בורזשואַזע ליטעראַטור־קענטעניש האָט ניט איינמאָל געפּרוווט אַטאַקירנ דעמ גרונט־פּרינציפּ פונ דער מאַרקסיסטיש־לענינישער ליטעראַטור־קענטעניש, דעמ פּרינציפּ פונ קלאַסנקאַמפּ, אַרויסגייענדיק פונ דער טעאָריע, אז דער שעפער פונ קונסט־ווערטנ, דער אינטעליגענט, שוועבט איבער קלאַסנ. אָנהייבנדיק פונ דער בורזשואַזער קולטור־היסטאָרישער שול, וואָס בלאָזט פאַנאַנדער אומגעהייער די ראָליע פונ דער אינטעליגענצ אַלס א מינ איבערקלאַסעווע קאַטעגאָריע,

* לענינ, ב. XIV, ז. 374.

** לענינ, ב. XV, ז. 326.

און, ענדיקנדיק מיט דער מענשעוויסטיש-טראָצקיסטישער קאָנצעפּציע וועגן דער אינטעליגענץ, וואָס „פאַרטרעט קלאַסן"‚—האָבן אַלע סאָנים פון מאַרקסיסטיש-לענינישער ליטעראַטור־קענטעניש געפּרוּווט אַזוי אַרום אַרונטערריַיסן די מאַרקסיסטישע קאָנצעפּציע פון קלאַסנקאַמף. מאַרקס און ענגעלס האָבן אונדז איבערגעלאָזט אָט דער פראַגע געגעבן אַ שאַרף געווער. קעגן די פאַרשיידענע בורזשואַזע טעאָריעס וועגן דער אינטעליגענץ, וואָס שטייט, קלוימערשט, איבער קלאַסן, רוקן אַרויס מאַרקס און ענגעלס דעם פּרינציפּ פון „אַרבעט-צעטיילונג אינעם קלאַס גופא, בייס איין טייל פון דעם דאָזיקן קלאַס טרעט אַרויס אינעם דאָזיקן קלאַס גופא, אַלס זיינע דענקער (אַקטיווע שעפערישע אידעאָלאָגן פון קלאַס, וואָס זייער הויפּט-פאַרנאָסע איז אויסאַרבעטן אילוזיעס פונעם דאָזיקן קלאַס וועגן זיך זעלבסט), אין דער צייט, ווען דער צווייטער טייל זיינער באַציט זיך צו די דאָזיקע אילוזיעס פּאַסיוו און רעצעפּטיוו, וויַיל אינדערעמעסן זיינען זיי אַקטיווע מיטגלידער פון דעם דאָזיקן קלאַס און האָבן ווייניק צייט אויף צו-זאַמענשטעלן אילוזיעס און געדאַנקען וועגן זיך זעלבסט".*

מאַרקס און ענגעלס באַטראַכטן, אַלזאָ, די אינטעליגענץ אַלס אַ באַשטאַנדטייל פון אַ באַשטימטן קלאַס און דאָרטן, ווו די בורזשואַזע אידעאַליסטישע ליטעראַטור-קענטעניש זעט איין קלוימערשטע איבערקלאַסעוודיקייט, זעט מאַרקס בלויז צייטווייַליקן איינרייס, וואָס קען זיך טרעפן צווישן דער בורזשואַזער אינטעליגענץ און איר קלאַס,—אַן איינרייס, וואָס „פאַרשווינדט אַליין פון זיך טייקעף ווי נאָר עס באַוויַיזט זיך אַ וועלכע ניט איז פּראַקטישע קאָליזיע, וואָס דראָט דער עקזיסטענץ פון קלאַס".

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן סכום געדאַנקען געפינט זיך מאַרקס און ענגעלס קאָנצעפּציע וועגן הערשנדיקע געדאַנקען, וואָס זיינען געדאַנקען פונעם הערשנדיקן קלאַס. די דאָזיקע קאָנצעפּציע ליגט אַלס גרונט-שטיין פון דער מאַרקסיסטיש-לענינישער טעאָריע פון קלאַסנקאַמף אין ליטעראַטור. וויפל איז אונדז אויסגעקומען צו קעמפן קעגן די פאַרשיידענע טעאָריעס וועגן עפּאָכע-סטילן, וואָס נעמען אַראָפּ אין טאָג די מאַרקסיסטיש-לענינישע לערע וועגן הערשנדיקע אידייעס פונעם הערשנדיקן קלאַס, וואָס נעמען אַראָפּ אין טאָג דעם פּרינציפּ פון קלאַסנקאַמף אין ליטעראַטור. מאַרקס און ענגעלס טרעטן אַרויס אין אַ ריי ערטער זייער שאַרף קעגן דער קאָנצעפּציע פון עפּאָכע-סטילן, זיי שרייבן:

„אויב מע זאָל באַם באַטראַכטן דעם היסטאָרישן פּראָצעס אָפּטיילן פונעם הערשנדיקן קלאַס זיינע הערשנדיקע געדאַנקען; אויב מע זאָל זיי אָביעקטיוויזירן, צוגעבנדיק זיי אַ זעלבשטענדיקע באַדייטונג און אָפּקומען בלויז מיט קאָנסטאַטירן, אַז אין אַ באַשטימטער עפּאָכע האָבן געהערשט אַזעלכע און אַזעלכע געדאַנקען, ניט אינטערעסירנדיק זיך מיט די פּראָדוציר-באַדינגונגען און מיט די פּראָדוצירער פון די דאָזיקע געדאַנקען; אויב, הייסט עס, מע זאָל לאָזן אין דער זייט די אינדיווידן און די היסטאָרישע אומגעבונג, וואָס ליגט אין יעסאָד פון די געדאַנקען,—איז קען מען, לעמאָשל, זאָגן, אַז אין דער עפּאָכע, ווען עס

---

* מאַרקס—ענגעלס, אַרכיוו־בוך I, ז. 231.

האָט געהערשט די אריסטאָקראַטיע, האָבנ געהערשט די באַגריפנ: ערע, טרײַהײַט א. אז. וו. אינ דער עפּאָכע, ווענ עס האָט געהערשט די בורזשואַזיע—די באַגריפנ: פרײַהײַט, גלײַכהײַט א. א. וו.".

דער באַגריף „עפּאָכע־סטיל" איז, אלזאָ, א רעזולטאַט פונ טויטער אבסטראקציע, אויסער געשיכטע, אויסער קלאַסנקאמפּ, אויסער „די פּראָדוצירער פונ די דאָזיקע געדאַנקענ".

V

אינ זײַנ ארטיקל „דער דײַטשישער סאָציאַליזמ אינ לידער אונ פּראָזע" באַהויפּטעט ענגעלס, אז די אָפּוועזנהײַט פונעמ „דערציילער־טאַלאַנט" איז באַדינגט „מיט דער אומבאַשטימטקײַט פונ דער וועלטאָנשויונג".* דער הויכער ניוואָ פונ דער וועלט־אָנשויונג, די בולטע פאָרשטעלונג וועגנ דער „פאַרבינדונג פונ באַזונדערע פאַקטנ, וועגנ וועלכע מע דאַרפ דערציילנ, מיט די אלגעמיינע באַדינגונגענ", האַלט ענגעלס פאַר א נייטיקער פאָרהאַנאָכע פאַר דער פאַנאַנדערבליִונג פונעמ קינסטלערישנ טאַלאַנט. אינ קעגנפאַל דראָט דעמ שרײַבער די געפאַר צו פאַרלירנ די מאַכט איבער זײַנע געשטאַלטנ. זײַנ א באַלעבאָס פונ זײַנע געשטאַלטנ אונ ניט זייער בלינד געצײַג, ניט קיינ קנעכט אינ א „פאַרקישעפטנ קרײַז פונ געשטאַלטנ"—אָט וואָס די קלאַסיקער פונ מאַרקסיזמ האַלטנ פאַר א נייטיקנ באַדינג פונ גרויסער קונסט. קעגנ דעמ פאַטאַליזמ פונ דער מענשעוויסטישער פערעווערזעווישער טעאָריע, וואָס נעמט אראָפּ די פּראָבלעמ פונ באַוווסטזיניקנ פאַרטראַכט פונעמ קינסטלער, רוקט מאַרקס אַרויס דעמ פּרינציפּ פונ דער קלאַסעווער ציל־אײַנשטעלונג אונ באַוווסטזיניקײַט אינ דער מענטשלעכער טעטיקײַט.

מאַרקס שרײַבט:

„נאָר אפילע דער סאַמע ערגסטער ארכיטעקטער אונטערשיידט זיכ, פונ סאַמע אָנהייב אָנ, פונ דער בעסטער בינ מיט דעמ, וואָס איידער ער נעמט זיכ בויענ א קעמערל פונ וואַקס, האָט ער עס שוינ אויסגעבויט אינ זײַנ קאָפּ".**

אָט דעמ דאָזיקנ „קאָפּ־כאַראַקטער" פונעמ קינסטלערישנ שאַפנ, ניט מוירע האָבנדיק פאַר באַשולדיקונג אינ „ראַציאָנאַליזמ" אונ „טרוקנקײַט" — שטרײַכט ענגעלס אונטער, ווענ ער שרײַבט:

„... ווער עס אינטערעסירט זיכ ניט אינ זײַנ דענקענ מיטנ רעזולטאַט, ווע מעס פילאָסאָפיע עס אָנערקענט ניט איר אייגענע אויפגאַבע, יענער איז געגליכנ צו אזא קינסטלער, וועלכער וואָלט גענומענ מאָלנ אינ דער וועלט ארײַנ, אינגאַנצנ ניט טראַכטנדיק וועגנ דעמ, וואָס פונ זײַנ ארבעט וועט ארויס".***

„מאָלנ אינ דער וועלט ארײַנ"—דאָס הייסט, אינ א באַדײַטנדיקער מאָס פאַרקלענערנ די קוואַליטעט פונ דער קינסטלערישער שאַפונג.

אינעמ בריוו צו מינע קאַוטסקי**** האַלט ענגעלס פאַר נייטיק ספּעציעל אונ-

* מאַרקס אונ ענגעלס, ב. V, ז. 126.

** מאַרקס, „קאַפּיטאַל", ב. I, ז. 149 .

*** מאַרקס אונ ענגעלס, ב. II, ז. 128.

**** ארכיוו מאַרקס אונ ענגעלס, I (6), ז. 318.

טערצושטרײַכן די ראַליע פונעם באַוווסטזיניקן עלעמענט אינעם שאפונג-פּראָצעס. אין קעגנזאַץ צו דעם מענשעוויסטישן פאַטאַליזם און סטיכיייִשקײַט פון דער „נאַרישער" פּאָעזיע, פּאָדערט ענגעלס „די מאַכט פון שרײַבער איבער זײַן שאַפונג".

צי דראָט ניט אַזאַ קאָנצעפּציע מיט דער געפאַר פון אַ טענדענציִעזער ליטעראַטור?

ענגעלס האָט ניט קיין מוירע פאַר דער שרעק-געשטאַלט פון „טענדענציִעזער" ליטעראַטור. עס איז ניטאָ קיין שום שרעקלעכעס אין דער טענדענציִעזער ליטעראַטור—מעלדעט ענגעלס.*

„איך בין ניט אין קיין פאַל—שרײַבט ער—קיין קעגנער פון דער טענדענציִעזער פּאָעזיע אַלס אַזאַ. דער פּאָטער פון דער טראַגעדיע עסכיל און דער פּאָטער פון דער קאָמעדיע אַריסטאָפאַן זײַנען ביידע געווען בוילעט אויסגעדריקטע טענדענציִעזע פּאָעטן, דאָס זעלבע אויך דאַנטע און סערוואַנטעס...

די הײַנטצײַטיקע רוסישע און נאָרוועגישע שרײַבער, וועלכע שרײַבן אויסגעצייכנט ראָמאַנען, זײַנען אַלע טענדענציִעז".

איך האָב שוין פריִער גערעדט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג לעגין האָט צוגעגעבן דער טענדענץ, דער ריכטונג אין דער ליטעראַטור. דעם דאָזיקן געדאַנק אַנטוויקלט לענין און באַרײַכערט אים אין זײַן באַוווסטן אַרטיקל „די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציע און די פּאַרטייִשע ליטעראַטור". דאָ גיט לענין זײַן באַוווסטע קאָנצעפּציע פון פּאַרטייִשער ליטעראַטור, וועלכע דאַרף ווערן אַ טייל פון דער אַלגעמיין-פּראָלעטאַרישער זאַך, וועלכע דאַרף זײַן „אָפּגעבונדן מיטן פּראָלעטאַריאַט". אָט אַזאַ אויפן שטעלט לענין דעם ערשטן מאָל אין איר גאַנצער טיפקײַט די פּראָבלעם פון פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אַלס טענדענציִעזע ליטעראַטור.

גלײַכצײַטיק אָבער טרעט ענגעלס שאַרף אַרויס קעגן יענעם מין טענדענציִעזקײַט, וואָס עס האָבן געפּריידיקט פאַרשיידענע „וואַרע סאָציאַליסטן". ענגעלס פאַרבינדט די פּראָבלעם פון טענדענציִעזקײַט מיט דער פּראָבלעם פון שעקספּיריזירן די ליטעראַטור. בײַם מאַרקס און ענגעלס שטרײַכן אונטער די פּאַרטייִשקײַט פון קונסט, איר פּאָליטישע פאַרשאַרפטקײַט, מיינען זיי אָבער ניט בעשומויפן יענע זיסינקע מאָראַליזירנדיקע טענדענץ-ליטעראַטור, ווו אָנשטאָט שעקספּירישער לעבעדיקײַט און לײַביקײַט, ווו אָנשטאָט שעקספּירישער היסטאָרישער קאָנקרעטקײַט און מאַסן-לײַדנשאַפטלעכקײַט טרעטן אַרויס אידעאַליסטישע סכעמעס, מאָראַליזירנדיקע מאַנעקענען, „רופּאָרן פון עפּאָכע-גײַסט", ווי מאַרקס רופט אָן שילערס געשטאַלטן.

ווי פאַרשטייען מאַרקס און ענגעלס דעם קאַמף קעגן טענדענציִעזער ליטעראַטור?

אין זײַן אַנאַליז פון עזשען-סיו—„פּאַריזשער סוידעס"—שרײַבט מאַרקס:

„די פּערסאָנאַזשן בײַ עזשען-סיו (רעזיאַקאַ, מאַסטאַק) מוזן אָנגעגעבן זײַן (דעם אַווטערס י. ב.) פּערזענלעכע שרײַבערישע קאַוואָנע—

* דאָרטן.

צו צווינגען די פּערסאָנאַזשן, אַז זיי זאָלן האַנדלען אַזוי אָדער אַנדערש— אַלס אַ רעזולטאַט פון זייער אינערלעכן געדאַנקענגאַנג, אַלס אַ באַוווּסט-זיניקן מאָטיוו פון זייער האַנדלונג. זיי דאַרפן שטענדיק באַהויפּטן, אַז אָט אין דעם האָב איך זיך פאַריכט...״

אָט אין וואָס מאַרקס זעט איין דעם טאָך פון מאָראַליזירנדיקער, נאַקעטער טענדענציעזקייט: דער שרייבער פּרוּווט מעכאַניש אָנבינדן זיינע געשטאַלטן אייגענע מאָראַלישע סענטענצן אַזוי, אַז זיי קוועלן ניט אַרויס פון דער געשטאַלטן-סיסטעם.

אין אַ צווייטן אָרט שטרייכן ווידעראַמאָל אונטער מאַרקס און ענגעלס, אַז אָט די געוויינהייט — מעכאַניש אָנצובינדן אייגענע מאָראַליזירנדיקע סענטענצן זייערע געשטאַלטן—איז כאַראַקטעריסטיש פאַר „שרייבער פונעם נידע-ריקן גראַד״, וואָס „קאָמפּענסירן דעם מאַנגל פון ליטעראַרישער קונסט אין זייערע ווערק מיט פּאָליטישע אָנצוהערענישן, וואָס דאַרפן גאַראַנטירן זייער דערפאָלג באַם פּובליקום״. *

אין אַ צווייטן אָרט — אין זיין בריוו צו לאַסאַלן, אין צוזאַמענהאַנג מיט לאַ־סאַלס דראַמע „פראַנצ פאָן זיקינגען״, רעדט ענגעלס וועגן שרייבערס „אַרגומענ-טירנדיקע רייד״, וואָס פאַרבייטן די אינערלעכע געזעצמעסיקייט פון דער גע-שטאַלטן־סיסטעם און פון יעדער געשטאַלט באַזונדער. אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין יענעם אָרט פון ענגעלס בריוו צו מיס האַרקנעס, ווו עס ווערט געזאָגט:

„איך בין ווייט דערפון איך זאָל אייך באַשולדיקן, פאַרוואָס איר האָט ניט אָנגעשריבן קיין ריין סאָציאַליסטישע דערציילונג, „אַ טענדענ-ציעזן ראָמאַן״, ווי מיר דייטשן זאָגן, אין וועלכן עס וואָלטן גערימט געוואָרן די סאָציאַלע און פּאָליטישע אידייעס פונעם אווטער. דאָס איז בעשומויפן ניט דאָס, וואָס איך מיין. וואָס מערער דעם אווטערס אָנ-שויונגען זיינען באַהאַלטן, אַלץ בעסער איז עס פאַרן קונסטווערק. דער רעאַליזם, וואָס איך האָב אין אויג, אַנטפּלעקט זיך אפילו, ניט גע-קוקט אַף דעם אווטערס אָנשויונגען״.

„די טענדענץ—שרייבט אין אַ צווייטן בריוו (צו מינע קאַוטסקי) ענגעלס— דאַרף אַליין אַרויסקוועלן פון דער לאַגע און פון דער האַנדלונג״—אַזוי אַרום ווערט אַראָפּגעריסן דער שלייער פון די באַרימטע מעליצעס וועגן טענדענציע-זער אוןריינער קונסט. די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם פירן דאָ דעם קאַמף אַף צוויי פראָנטן.

שטעלנדיק אָבער די פּראָבלעם פון פּאָליטישער טענדענץ, פון באַוווּסטזיין אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור, האָבן די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם קיינ־מאָל ניט פאַרגעסן זיך באַוואָרענען פון פאַרשיידענע וווּלגאַריזאַטערס אין דער דאָזיקער פראַגע. אַז די פּראָבלעם פון באַוווּסטזיין איז זייער אַן אַקטועלע פאַר אונדזער ליטעראַטור-פראָנט, זאָגט איידעס דער פאַקט, וואָס ביז דער היסטאָרי-שער באַשטימונג פון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב) וועגן איבערבויען די ליטעראַריש-קינסט-לערישע אָרגאַניזאַציעס, האָבן דאָסראָוו קריטיקער היפּש וווּלגאַריזירט אין דער

* מאַרקס—ענגעלס, ב. VI, ז. 25.

דאָזיקער פראַגע. וואָס, אויב ניט וואולגאַריזאַציע האָט געשטעקט אינעם בריוו פון סעקרעטאַריאַט פון „ראַאפּ“, ווו עס איז געוועזן אָנגעשריבן, אַז דער קינסט-לערישער מעטאָד ווערט איינגאַנצן אונטערגעוואָרפן דעם שרייבערס אידעאָלאָגישער איינשטעלונג“?

מע האָט געפּרוווט מעכאַניש דערקלערן מיט וועלט־אָנשויונג די מינדסטע דעטאַלן פון א קונסטווערק! מע האָט געפּרוווט אַריינוואַרפן אין פּאָליטיש־קינסטלערישן קיירעם יעדן איינעם, וואָס איז לויט דער מיינונג פון דעם אָדער יענעם קריטיקער ניט געשטאַנען פעסט אָפּ דער פּלאַטפאָרמע פון „דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן שעפערישן מעטאָד“.

אַזוי ווי עס וואָלט געווען א מעכאַניסטישע פאַרבינדונג צווישן פי־לאָסאָפישע אָנשויונגען, פּאָליטישע איבערצייגונגען און דעם שעפערישן מע-טאָד פונעם קינסטלער!

מאַרקס און ענגעלס האָבן אין א גאַנצער ריי ערטער געוואָרנט פון אזא מין וואולגאַריזירן. אָט וואָס מאַרקס שרייבט אין זיין בריוו צו ענגעלסן:

„די בעהיימע רוגע האָט באַוויזן בא פּרוצן, אַז שעקספּיר איז ניט געווען קיין דראַמאַטישער פּאָעט דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין פילאָסאָפישע סיסטעם. שילער, ווידער, ווי א קאַנטיאַנער, איז אַן עמעסער „דראַמאַטישער פּאָעט“ (מאַרקס און ענגעלס, ב. XXII, ז. 368).

מאַרקס, ווי איר זעט, כויזעקט אָפּ פון דער „בעהיימע רוגע“, וואָס שטעלט שילערן אלס דראַמאַטורג העכער פאַר שעקספּירן נאָר דערפאַר, וואָס שעקספּיר האָט ניט פאַנאַנדערגעוויקלט זיין פילאָסאָפישע סיסטעם, ווי דאָס האָט געטאָן שילער. לויט מאַרקס געדאַנק ווערט ניט דער קינסטלערישער טאַלאַנט און זיין שעפערישער מעטאָד אָפּגעשאַצט מעכאַניש לויט דעם, ווי דער קינסטלער אַנט־וויקלט פילאָסאָפיש זיינע געדאַנקען. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז דער אָדער יענער שרייבער זאָל אין זיין ווערק זיך אופהויבן העכער פון זיין באַגרענעצטער וועלטאָנשויונג, ווי דאָס קאָנסטאַטירט מאַרקס באַם שרייבער עזשען סיו. דאָס זעלבע, אין טאָג, קאָנסטאַטירן מאַרקס און ענגעלס אין זייערע אָפּרופן וועגן געטען, בא וועמען דער קינסטלערישער טאַלאַנט האָט די גאַנצע צייט געשטריטן מיט א נידעריקער באַגרענעצט-בעלעבעסלדיקער פּאָליטישער וועלטאָנשויונג. דאָס זעלבע, גאַנץ ברייט מאָטיווירט, אַנטוויקלט ענגעלס אין זיין בריוו צו מיס האַרקנעס, ווען ער ווייזט אָן, אַז באַלזאַקס גרויסקייט, ווי א רעאַליסט, באַשטייט אין דעם, וואָס דער קינסטלערישער רעאַליסטישער טאַ-לאַנט זיינער האָט זיך אין אים געוועלט קעגן זיינע פּאָליטישע פּאָרורטיילן און זיי קינסטלעריש גוויוער געווען.

בא לענינען קענט איר געפינען א ריי ערטער, אין וועלכע עס ווערט פאַנאַנדערגעוויקלט דער זעלבער געדאַנק וועגן דער ניט גלייכמעסיקער אַנטוויק־לונג פון פאַרשיידענע באַוווסטזיין־פאָרמעס באַם קינסטלער. אין זיין אָפּרוף וועגן סינקלערן שרייבט לענין:

„סינקלער איז א סאָציאַליסט פון געפילן אָן טעאָרעטישער ביל-דונג. ער שטעלט די פראַגע פּראָסט, זייענדיק אופגעבראַכט פון דער מילכאָמע, וואָס רוקט זיך אָן און זוכנדיק א רעטונג פון איר אין סאָ־ציאַליזם... א נאַיווע, טעאָרעטיש ניט קיין דורכגעטראַכטע,

נאָר א טיף־ריכטיקע וואָרענונג קעגן דער באַנאַליזירונג פון סאָציאַליזם און א רוף צו רעוואָלוציאָנערן קאמפּ".

די אָפּוועזנהייט פון טעאָרעטישער בילדונג, טעאָרעטישע ניט דורכגעטראכט־קייט קען זיך צייטנווייז צונויפפּאָרן, לויט לענינס מיינונג, מיט א טיף ריכטי־קער קינסטלערישער שילדערונג און אָפּשפּיגלונג פון דערווירקלעכקייט. די קלאַסיקער פון מארקסיזם פלעגן, אזוי ארום, שטענדיק אונטערשטרייכן די ספּע־ציפישע געזעצמעסיקייט, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר א קונסט־דערשיינונג, זיי פלעגן ניט אָפּקומען מיט אלגעמיינע ווערטער וועגן „ניוואָ פון קלאסנבאוווסטזיין", פּאָליטישער רעאקציאָנערקייט, אָדער פּראָגרעסיווקייט א. א. וו.

ארויסטרעטנדיק שארף קעגן יעדער פאָרמאַליסטישער קונצמאכעריי אין קונסט, קעגן יעדן פּרווו צו באטראכטן א קונסטווערק, ווי א רעזולטאט פון טעכנישער מעלאָכע, האָבן אָבער די קלאַסיקער פון מארקסיזם קיינמאָל ניט פארגעסן צו דיסקאָנטירן די ראָליע פון שרייבערישער טעכניק, די ראָליע פון פאָרמע־דערגרייכונגען.

ריידנדיק וועגן ראפאעלס שאפונג און אויפדעקנדיק די סאָציאַל־עקאָנאָמישע וואָרצלען פון זיין טאלאנט, שטרייכט אָבער גלייכצייטיק מארקס אונטער, אז „ראפאעלס שאפונג, ווי די שאפונג פון יעדן קינסטלער, איז געווען באדינגט מיט די טעכנישע דערפאָלגן אין קונסט, וואָס זיינען ביז אים דערגרייכט געוואָרן". *

מארקס און ענגעלס האָבן געגעבן א ריי מוסטערן פון קאָנקרעטן קונסט־אנאליז, ווו האנט בא האנט, אין דיאַלעקטישער איינהייט, גייט דער אנאליז פון אינהאלט און פאָרמע.

די פּאָלעמיק, וואָס די קלאַסיקער פון מארקסיזם האָבן געפירט מיט לאַ־סאַלן אין צוזאמענהאנג מיט לאסאלס טראגעדיע „פראנצ פאָן זיקינגען", איז־בעראשט מאמעש מיט דעטאלקייט פון פאָרמע־אנאליז. דער אנאליז פון פאָרמע פארנעמט דערביי ביז גאָר א בעקאָוועדיקן אָרט. זעט פון וואָס מארקס הייבט אָן:

... צוערשט דארף איך לויבן די קאָמפּאָזיציע און די האנדלונג...
און איצט די צווייטע זייט פון דער מעדאל: צוערשט—איז עס א ריין פאָרמעלער מאָמענט—אויב דו האָסט שוין געשריבן אין פערזן, האָסטו דאָך געקענט באארבעטן דיינע יאמבן אביסל מער קינסטלעריש... (מארקס, בריוו צו לאסאלן, „ליטעראטורנאָיע נאסלעדסטוואָ", נומ. 3).

מארקס הייבט אָן פון דער קאָמפּאָזיציע! ער רעדט וועגן יאמבן, וועלכע זיינען, לויט זיין מיינונג, שוואך באארבעט בא לאסאלן!

מארקס באהאלט ניט אויך דאָס, אז די פאָרמאַליסטן־עפּיגאָנען, „פּראָ־פעסיאָנעלע פּאָעטן", ווי ער זאָגט, האָבן קיין זאך ניט בא דער נעשאָמע, כוץ א „גלאַטער" פאָרמע, אָבער ער באשטייט אף דער נויטווענדי־קייט אכטונג צו געבן אף דער סטראָפע. אינעם סאָף בריוו צו לאסאלן לייגט

* מארקס־ענגעלס, ב. IV, ז. 380.

אפילע מארקס פאָר זײַנע קאָנקרעטע ענדערונגען פון די סטראָפעס.

די דאָזיקע קאָנקרעטקײַט איז צו זען פיל מאָל אין די בריוו פון מארקסן צו פרייליגראטן, ווען עס גייט די רייד וועגן דעם לעצטנס לידער.

פאר מארקסן, פארשטייט זיך, ווערט דער אנאליז פון דער טראגעדיע „פראנץ פאָן זיקינגען" ניט אויסגעשעפּט מיט דער פראגע וועגן באארבעטן די יאמבן און קאָמפּאָזיציע. מארקס, ווי באוווּסט, האָט אופגעהויבן אין דעם דאָזיקן בריוו א רײ פראגעס פון דער קאָלאָסאלסטער וויסנשאפטלעכער און פּאָליטישער וויכטיקײַט, אָבער אונדז אינטערעסירט אינעם געגעבענעם קאָנטעקסט די באציִונג פון מארקסן צום „פאָרמע-אנאליז.

ענגעלס גייט בוכשטעבלעך נאָך דער דאָזיקער טראדיציע, ער האָט אויך, ניט קיין מוירע צו ריידן וועגן דער „פאָרמעלער זײַט".

„אָפּשטעלנדיק זיך צוערשט אף דער פאָרמעלער זײַט, וויל איך אָפּמערקן, אז איך בין געווען זייער אָנגענעם איבעראשט מיט דער פײַנער פארקניפּונג און מיט דעם אף דורך און דורך דראמאטישן כא-ראקטער פון דער פיעסע... אין געביט פון ווערסיפיקאציע האָט איר, עמעס, זיך דערלויבט געוויסע פרײַהײַטן" („ליטעראטורנאָיע נאסלעדסטוואָ, נומער 3).

ווי איר זעט, רעדט אויך ענגעלס וועגן דער ווערסיפיקאציע, וועגן דער דראמאטישקײַט פון דער פארקניפּונג א. א. וו.

אין דער גרויסער רעצענזיע „דער דײַטשישער סאָציאַליזם אין לידער און פּראָזע", פירט ענגעלס א קאמף קעגן די כאלטורישע לידער-פלעכטער, קעגן ליטעראַרישער אמעראצעס.

פאר אונדזער איצטיקער מארקסיסטיש-לעניניסטיש ליטעראטור-קענטעניש שפּילט אָט די דאָזיקע פראגע א קאָלאָסאלע ראָליע.

מיר האָבן זייער ווייניק ליטעראַרישע קריטישע ארבעטן, ווו די ספּעציפישע שפּראך פונעם קינסטלער זאָל געפינען דעם געהעריקן אָפּקלאנג. אָפּטער קומט מען אָפּ מיט אַלגעמיינע פּובליציסטישע ווערטער, מע דערציילט איבער די פאבול—און פארטיק.

דער שרײַבער קען זיך אָבער מיט אזא „קריטיק" ניט באַנוּגענען. ער פאָדערט פון דער קריטיק, זי זאָל ארײַנדרינגען „אין דער טעכניק פון דער זאך, אין די דעטאלן". ער פאָדערט פון דער קריטיק, זי זאָל געבן קאָנקרעטע אָנווײַזונגען, זי זאָל ריידן אף דער שפּראך פון קונסט, אופדעקנדיק די איינהײַט פון אינהאלט און פאָרמע.

אָט פארוואָס עס איז אזוי וויכטיק אונטערצושטרײַכן יענע ערטער, ווו מארקס און ענגעלס שטעלן די פּראָבלעם פון ספּעציפיק אין ליטעראטור-קענטעניש.

## VI

צי ווידערשפּרעכט ניט דער פּרינציפּ פון פּארטיייִשער, טענדענציִעזער ריכטונג-ליטעראטור דעם פּרינציפּ פון אָביעקטיווער דערקענטעניש, דעם פּרינציפּ פון דער עמעסדיקײַט פון דער ליטעראטור?

ניין, עס ווידערשפּרעכט ניט!

ארויסטרעטנדיק קעגן סטרוּוויאַנישן בורזשואזן אָביעקטיוויזם, שטרײַכט לעניג אונטער, אַז „מאטעריאַליזם שליסט אײַן אין זיך, אַזוי צו זאָגן, פּאַר־טייִשקײַט" און גלײַכצײַטיק איז דער מאטעריאַליסט קאָנסעקווענטער פונעם אָביעקטיוויסט און פירט דורך טיפער, פולער זײַן אָביעקטיוויזם".

די קלאַסיקער פון מארקסיזם האָבן הויך געשעצט די בעסטע קינסטלערישע שאפונגען פון דער וועלט־ליטעראטור פאר זייער אָביעקטיוון דערקענטעניש־ווערט, פאר זייער עמעסדיקײַט.

וועגן דער ראַליע פון „רעאַליסטישער עמעסדיקײַט" אין דער קינסטלערישער שאפונג רעדט ענגעלס אינעם בריוו צו דער שרײַבערין הארקנעס. דער עמעס פון קינסטלערישן דערציילן—זאָגט ענגעלס—„באַנײַט די אַלטע געשיכטע", ד. ה. די שאבלאָנע פאבול—און אפ אזא אויפן פארהיט ער דעם שרײַבער פון „קינסטלעכע באַפּוצונגען". *

ענגעלס פאָדערט פונעם קינסטלער „טרײַ איבערגעבן טיפּישע כאראקטערס אין טיפּישע אומשטאנדן".

לעניג, ווי באַוווּסט, האָט ניט איינמאָל געקעמפט פאר דער עמעסדיקײַט אין דער קונסט. די עמעסדיקײַט פון דער קונסט שטרײַכט לעניג אונטער אין זײַנע ארויסזאָגונגען וועגן אנרי באַרביוסן, וועגן סינקלערן און וועגן טאָל־סטויען.

טאָלסטויס קראפט פונעם קינסטלערישן טאלאנט זעט לעניג אין „אראָפּרײַסן אַלע מאַסקעס", אין „ניכטערן רעאַליזם".

אין איינעם פון זײַנע ארטיקלען פון 1854 י. שרײַבט מארקס וועגן די ענגלישע רעאליסטן פּאָלגנדיקעס:

„די הײַנטצײַטיקע גלענצנדיקע שול פון די רעאַליסטן אין ענגלאַנד, וואָס אירע אָנשוילעכע און בוילעטע באַשרײַבונגען האָבן דעמאַסקירט פאר דער וועלט אסאך מער פּאָליטישע און סאָציאַלע עמעסן, איידער דאָס האָבן געטאָן אַלע פּאָליטיקער, פּובליציסטן און מאָראַליסטן צוזאַמענגענומען, האָט געשילדערט אַלע שיכטן פון דער בורזשואַזיע"... א. א. וו.

די זעלבע דערקענטעניש־אָביעקטיווקײַט אין דער קונסט שטרײַכט מארקס אונטער אין זײַן קאָרעספּאָנדענץ מיט לאַסאַלן איבער דעם לעצטנס טראַגע־דיע „פראנץ פאָן זיקינגען". דאָ אנטוויקלט מארקס באַזונדערס בוילעט זײַן שטאַנדפּונקט אפ אָביעקטיווקײַט און אפ עמעסדיקײַט פון דער קונסט.

פּונקט אַזוי ווי די „מענטשלעכע באַגריפן—זײַנען אַן אָפּבילד פון ווירק־לעכע זאַכן" (ענגעלס), אַזוי זײַנען אויך די קינסטלערישע געשטאַלטן אַן אָפּבילד פון דער ווירקלעכקײַט, אַן אָפּשפּיגלונג פון דער ווירקלעכקײַט אין דער אָדער יענער מאָס. און טאָקע דעריבער און טאָקע אין יענער מאָס, אין וועלכע די קינסטלערישע שאפונג איז אַ שפּיגל פון דער ווירקלעכקײַט—האָט זי פאר אונדז אַ ווערט, זי באַרײַכערט אונדזערע קענטענישן מער, ווי „דאָס האָבן געטאָן אַלע פּאָליטיקער, פּובליציסטן און מאָראַליסטן צוזאַמענגענומען", ווי מארקס זאָגט.

* „Лит. наследство" № 2

מארקס גיט אונדז אפ אזא אויפן אין די הענט א גלענצנדיק געווער אין קאמפ פאר דער טעאָריע פון אָפּשפּיגלונג אין דער ליטעראטור — קעגן אלע אגנאָסטישע טעאָריעס, יעראָגליפן־טעאָריעס פון פּלעכאנאָווישן נוסעך א. א. וו.

לאָמיר זיך דערמאָנען, וויאזוי מארקס האָט געשטעלט די פּראָבלעם פון אָביעקטיוויקייט פון דער קינסטלערישער געשטאלט.

„וואלטאסאר — שרייבט מארקס וועגן איינער פון די געשטאלטן אין לאסאלס טראגעדיע — קען זיך געוויס פאָרשטעלן, אז אויב זיקינגען וואָלט ניט באהאלטן זיין אופשטאנד אונטער דער מאסקע פון א ריטער־לעכן געשלעג... וואָלט ער געזיגט. אָבער צי קענען מיר זיך האלטן בא דער דאָזיקער אילוזיע?" *

דעם קריטערי פון אן עמעסדיקער געשטאלט זעט איין מארקס אין איר מאָס פון אָפּשפּיגלען די ווירקלעכע פּראָצעסן. מארקס דערלאָזט ניט קיין אילוזאָ־רישקייט פון געשטאלט.

לאסאל, ווידער, פארטיידיקט דעם סוביעקטיוו־אידעאליסטישן שטאנדפונקט. לאסאל פארענטפערט זיך מיט דעם, וואָס „אין דער דראמע האָבן מיר צו טאָן ניט מיט א קריטיש־פילאָסאָפישן עמעס, *נאָר מיט אן עסטעטישער אילוזיע*".

לאסאל שטרייכט אונטער די גאנצע צייט, אז ער מעג זיך באגיין מיט דער געשיכטע און מיט דער ווירקלעכקייט ווי ער וויל, ווייל ער, קלוימערשט, גיט די טראגעדיע פון אן „*אייביקן קאָנפליקט, וועלכער כאזערט זיך איבער בא יעדער רעוואָליוציע*".

און טאקע קעגן דעם דאָזיקן *אויסערהיסטאָרישן, אבסטראקטן* צוגאנג פונעם דראמאטורג זיינען ארויסגעטראָטן מארקס און ענגעלס.

זיי ביידע שטרייכן אונטער, אז לאסאל האָט ניט פארשטאנען די קלאסן־צווישנבאציִונגען פון יענער עפּאָכע, וועלכע ער האָט געפּרווט קינסטלעריש באווייזן.

ווי א טיפּישער בורזשואזער ליבעראל האָט לאסאל „געשטעלט העכער די ליטעריש־ריטערלעכע אָפּאָזיציע פאר דער פּלעביייש־מיונצערישער".

און דאָס דאָזיקע ניט פארשטיין די קלאסן־צווישנבאציִונגען האָט אין א באַ־דייטנדיקער מאָס געבראכט שאָדן דער טראגעדיע. די אבסטראקטע, אויסערהיס־טאָרישע העלדן פון דער טראגעדיע האָבן זיך פארוואנדלט, ווי מארקס זאָגט, אין „פּראָסטע רופּאָרן פונעם צייט־גייסט", אָן קאָנקרעט־היסטאָרישע רעאלע אינדיווידועלע שטריכן, אָן „שעקספּירישער לעבעדיקייט", ווי ענגעלס זאָגט.

אָט ווי מארקס און ענגעלס האָבן געשטעלט די פּראָבלעם פון אָביעקטיוויער דערקענטעניש אין דער קונסט.

פּלעכאנאָוו האָט, ווי באקאנט, ניט זעלטן געפּלאָנטערט אין דער דאָזיקער פראגע. זיין האנאָכע דעם אגנאָסטיציזם אינדער פראגע וועגן יעראָגליפן לאָזט זיך פילן אין זיין ליטעראריש־קריטישער טעטיקייט. פּלעכאנאָוו האָט ניט פאר־שטאנען די אָביעקטיוויקייט און ריכטיקייט פון טאָלסטויס פּויערישע געשטאלטן,

* „Лит. Наследство" № 3.

ער האָט זיי באַטראַכט ווי „צייכנס" פונעם גײַסטיקן לעבן פונעם פּאַרעצ—טאָלסטוי און האָט ניט געזען טאָלסטויען, ווי א „שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָליוציע".

גלײַך נאָך פּלעכאַנאָוון האָבן דעם דאָזיקן אַגנאָסטיציזם אָנגעהויבן פּריידיקן אַלע בורזשואַזע שולן אין אונדזער ליטעראַטור־קענטעניש (די פּערעווערזעווצעס, טראָצקיסטן, פּערעוואַלצעס).

לענין, ווי באַקאַנט, האָט אופגעהויבן די מאַרקסיסטישע קאָנצעפּציע וועגן באַגריף, וואָס איז „אַן אָפּבילד פון דערווירקלעכקײַט", אַף דער הייך פון דער לענינישער אָפּשפּיגלונג־טעאָריע. לענין איז ניט איינמאָל אָנגעפאַלן אַף דער באָגדאַנאָווטשינע און אַף דער פּלעכאַנאָווישער יעראָגליפן־טעאָריע. די לענינישע אַרטיקלען וועגן טאָלסטויען, ווי א „שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָליוציע" גיבן א גלענצנדיקן בײַשפּיל פון אָנווענדן די אָפּשפּיגלונג־טעאָריע צו דער ליטעראַטור.

און אָט איז אינטערעסאַנט איצט אָפּצומערקן: פּלעכאַנאָוו האָט פּונקט ווי לענין געוווּסט וועגן דער קאָרעספּאָנדענץ פון מאַרקסן מיט לאַסאַלן איבער דער טראַגעדיע „פראַנץ פאָן זיקינגען".

נאָר פּלעכאַנאָוו האָט קיין איין וואָרט ניט געזאָגט וועגן יענער פאַרניכטנדיקער קריטיק, וואָס מאַרקס האָט געגעבן דער לאַסאַלישער אויסערהיסטאָרישער אַבסטראַקטער, סוביעקטיוו־אידעאַליסטישער קאָנצעפּציע פון דער טראַגעדיע אין אַלגעמיין. פּלעכאַנאָוו ציטירט דאָס לאַסאַלישע פאַרשטיין די טראַגעדיע און גיט צו פון זיך:

„דאָס, וואָס לאַסאַל רעדט וועגן דער טראַגעדיע, קען מען זאָגן וועגן דער בעלעטריסטיק ביקלאַל און וועגן אונדזער בעלעטריסטיק ביפּראַט" (פּלעכאַנאָוו, ב. X, ז. 61).

פּלעכאַנאָוו האָט דאָ אינזינען די פאָלקיסטישע בעלעטריסטיק. אָבער פּלעכאַנאָווס אַרטיקלען וועגן דער פאָלקיסטישער בעלעטריסטיק דעקן טאַקע אויף באַזונדערס בוילעט די אויסערהיסטאָרישע, אַבסטראַקט־אידעאַליסטישע אָנשויונגען פון פּלעכאַנאָוון.

לענין פאַרופט זיך אויך אין איין אָרט אַף דער קאָרעספּאָנדענץ פון מאַרקסן מיט לאַסאַלן, אָבער לענין טאַפּט אָן מיט אַן אויסשליסלעכער טיפקײַט דעם טאָך פון לאַסאַלס טאָעס.

לענין שרײַבט:

„און מאַרקס האָט שוין, אָנמערקנדיק אין אַלגעמיינע שטריכן די גאַנצע ליניע פון די צוקונפטיקע מיינונג־פאַרשיידנהײַטן פון די לאַסאַליאַנער און אײַזענאַכער, אופגעוואָרפן לאַסאַלן, אז ער פאַלט ארײַן אין א טאָעס „מיט דעם, וואָס ער שטעלט העכער די לוטעריש־ריטערלעכע אָפּאָזיציע פאַר דער פּלעבייִש־מיונצערישער".*

לענין זעצט דאָ גלײַך איבער מאַרקס שפּראַך אַף דער שפּראַך פון דער ווירקלעכקײַט: די לוטעריש־ריטערלעכע אָפּאָזיציע—דאָס איז אונדזער ליבעראַל־גוטבאַזיצערישע אָפּאָזיציע און די פּלעבייִש־מיונצערישע—דאָס איז די פּראָלעטאַריש־פּויערישע.

* לענין, ב. XV, ז. 347.

די לעניניסטע אָפּשפּיגלונג-טעאָריע איז א נייטיקע פאָרהאנאָכע פאר לייזנ די פּראָבלעמ פונעמ אָביעקטיוו-ריכטיקנ אָפּשפּיגלענ דיווירקלעכקײט. ניט אומזיסט באטראכטנ אלע טעאָרעטיקער פונ 2-טנ אינטערנאציאָנאל, אָנהויבנדיק פונ קאוטסקינ אונ ענדיקנדיק מיט אדלערנ—די אָפּשפּיגלונג-טעאָריע ווי א „שוינ לאנג באגראָבענע אונטערנ טומל אונ געלעכטער פונ דער קריטישער פילאָסאָפיע". ווײל די פאלסיפיקאטערנ פונ מארקסנ קענענ ניט זענ אינ דער אָפּשפּיגלונג-טעאָריע א גרונט-רונג פונ דער פילאָסאָפיע פונ מארקסיזמ-לעניניזמ.

* *
*

עס איז אומעגלעך אינ איינ ארטיקל אויסצושעפּנ די גאנצע רײַכקייט פונ די אידייעס, וועלכע עס האָבנ ארײַנגעטראָגנ אינ אונדזער ליטעראטור-קענטעניש די קלאסיקער פונ מארקסיזמ.

די לעצטע פארעפנטלעכטע ארטיקלענ אונ בריוו פונ מארקס אונ ענגעלס עפענענ אופ אלצ נײַע אונ נײַע גלענצנדיקע זײַטלעכ פונ דער מארקסיסטיש-לעניניסטישער עסטעטישער יערושע.

דער גרעסטער מארכ פונ דער צווייטער העלפט פונ אונדזער יאָרהונדערט—קארל מארקס, האָט ניט געקענט ניט ווערנ דער גרונטלייגער פונ אונדזער עסטעטיק.

די קראפט פונ זייער לײַדנשאפט האָבנ מארקס אונ ענגעלס געווענדעט קעגנ דער בורזשואזער „וואטערקלאָזעט-עסטעטיק" אונ קעגנ דער שילער-קאנטיאנישער „עסטעטישער איליוזיע".

טאָ זאָלנ ווילדעווענ די „כאזיירימ אונ הינט פונ דער בורזשואזער רעאקציאָנערער עסטעטיק!" זאָלנ היטלערס פאשיסטישע באנדעס מאָביליזירנ זייער פינצטערע מאכט אפּ אויסצוראָטנ דעמ מארקסיזמ-לעניניזמ! זאָלנ די קאָנטער-רעוואָליוציאָנערע נאצדעמאָקראטנ שטעלנ זייער לעצטע קאָרט אפּ אונדזער ליטעראטור! זייער לידעלע איז אָפּגעזונגענ.

קיינמאָל האָט נאָכ אזוי טרעפלעכ ווי איצט ניט געקלונגענ מארקס ווערטל וועגנ דער עסטעטיק פונ דער בורזשואזיע.

די בעסטע פאָרשטייער פונ דער עסטעטישער קולטור פונ דער מענטשהײַט רײַסנ איבער מיט דער צעפוילטער עסטעטיק פונ דער הײַנטצײַטיקער בורזשואזער וועלט אונ גייענ אוועק אונטער די פאָנעס פונ קאָמוניזמ אונ סאָציאליסטישער בויונג.

אונ הײַנט, אינעמ 50-טנ יאָרטאָג נאָכנ טויט פונ אונדזער גרויסנ לערער, קענענ מיר איבערכאזערנ די ווערטער פונ זײַנ פרײַנט ענגעלס אפּנ טויט פונ מארקסנ:

„אימ האָבנ מיר צו פארדאנקענ דאָס אלצ, וואָס מיר זײַנענ געוואָרנ, אונ די גאנצע הײַנטצײַטיקע באוועגונג איז געוואָרנ דאָס, וואָס זי איז איצט, אדאנק זײַנ טעאָרעטישער אונ פראקטישער טעטיקײַט, אָנ אימ וואָלטנ מיר נאָכ ביז איצט געבלאָנדזשעט אינדערפינצטער". *

אימ האָבנ מיר אויכ צו פארדאנקענ דעמ שארפנ געווער פונ פּראָלעטאריאט—דעמ לענינизמ, וואָס איז דער „מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ

---

* Архив Маркса и Энгельса I (VI), стр. 223.

און פּראָלעטארישער רעוואָלוציע", דאָס הייסט, „די קאָנקרעטיזירונג און די ווײַ-טערדיקע אנטוויקלונג פונעם קריטישן און רעוואָלוציאָנערן מעטאָד פון מארקסן — פון זײַן מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק".*

אים האָבן מיר, פאָלגלעך, צו פארדאנקען אויך אונדזער גרויסער אלפאר-באנדישער קאָמוניסטישער פארטיי, וואָס איז געשאפן און ווערט אָנגעפירט ביז זײַנע געבאָטן, וואָס בויט, אונטער דער אָנפירונג פונעם בעסטן לענינעץ און מארקסיסט פון אונדזער צײַט — דעם כ' סטאלין, דעם סאָציאַליזם אף איין זעקסטל פונעם ערד־קויל, און וואָס האָט הויך איבער דער גאנצער ארבעטנ-דיקער מענטשהײַט אופגעהויבן די רויטע פאָן פון מארקסיזם־לעניניזם, די פאָן פון די אידייעס פון מארקס, ענגעלס, לענין און סטאלין.

---

* Сталин „Вопросы Ленинизма"..

י. נוסינאָוו

# ראָזע ליוקסעמבורג וועגן קינסטלערישער ליטעראַטור

## I

דאָס לעבן פון גרויסע פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציאָנערן איז ניט נאָר א מוסטער פון אופירונג פאר יעדן ארבעטער, פאר יעדן געוויינטלעכן אָנטיילנעמער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע—עס אנטהאלט אין זיך באַדייַטנדיקע עלעמענטן, וואָס כאראקטעריזירן דעם מענטשן פון דער קומענדיקער אָנקלאסעווער געזעלשאפט.

די גרויסע פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציאָנערן שטעלן מיט זיך פאָר אין דער אָדער אין יענער מאָס, יעדערער אף זייַן אויפן, פאָרבילדער פונעם קומענדיקן מענטשן. דאָס גאנצע לעבן זייערס איז פארפולט מיט די אינטערעסן פון רעוואָליוציאָנערן קאמפ, זיי גיבן אים אָפּ דעם גאנצן ווילן זייערן, די גאנצע ענערגיע, זייערע טאלאנטן און זייער וויסן. קעמפנדיק מיט דער קלאסעווער אייגנטימערישער געזעלשאפט, מיט דער אונטערדריקונג פון איין מענטשן דורך דעם צווייטן, שטרעבן זיי צו א פולן, פארגאנצטן הארמאָנישן לעבן.

קלאָגנדיק זיך דערויף, אז דער קאפּיטאליזם צעברעכט דעם מענטשן, האָט קארל ליבקנעכט איינמאָל געזאָגט:

„ס'איז א פארשאָלטענע צייַט, און פונדעסטוועגן קען מען, דארף מען דורכלעבן א פארגאנצט לעבן". (קארל ראדעק—„ראָזע ליוקסעמבורג, קארל ליבקנעכט, לעאָ יאָגיכעס". מאָסקווע, 1924, רוסיש, ז. 45).

אָט אזא פאָרבילד פונעם קומענדיקן מענטשן איז געווען ראָזע ליוקסעמבורג. פאר איר האָט דורכלעבן „א פארגאנצט לעבן" געהייסן, פריִער פון אלץ, דורכלעבן א לעבן, וואָס איז אינגאנצן און ביזן סאָף געווענדט אף פולשטענדיק און אף אייביק בייַצוקומען די קלאַסע פון דער אייגנטימערישער קלאסעווער געזעלשאפט, נעמענדיק בא איר דאָס בעסטע, וואָס זי האָט געשאפן—די קונסט; דורכלעבן א לעבן, וואָס איז פול מיט די אינטערעסן פון אייגענער אומדערמידלעכער שאפונג.

אין יאנוואר 1917 שרייַבט זי פון דער טורמע אין איינעם אירע א בריוו צו לויִזע קאוטסקי:

„בייס די גאנצע וועלט איז אופגעטרייסלט ביזן גרונט, באמי איך זיך

בלויז צו פאַרשטיין, וואָס און פאַרוואָס ס'האָט זיך געטראָפן, און אויב איך האָב אויסגעפילט מײַן כוויו, בין איך ווידעראַמאָל רויִק און די שטימונג איז בא מיר א גוטע. נו, און ווײַטער בלײַבט מיר נאָך אלץ, וואָס עס פרייט מיך אין דער געוויינטלעכער צײַט: מוזיק און מאָלערײַ, די וואָלקנס, קלײַבן געוויקסן פרילינג־צײַט, גוטע ביכער, און דו, און מימי, און נאָך אסאך, אסאך אנדערע זאכן, קירצער גערעדט, איך בין זייער רײַך און איך האָף צו פאַרבלײַבן רײַך ביזן סאָף. מיר איז ביקלאל ניט פאַרשטענדלעך און איך קען ניט פאַרלײַדן אָט דאָס צעשמאָלצן ווערן ביזן סאָף אין די זאָרגן פונעם לויפנדיקן טאָג. גיב א קוק, לעמאָשל, מיט וואָס פארא קאלטער רויִקײַט געטע איז געשטאנען איבער די געשעענישן פונעם טאָג. דערמאָן זיך נאָר, וואָס ס'איז אים אויסגעקומען איבערצולעבן: די גרויסע פראנצויזישע רעוואָליוציע, וואָס איז פונדערנאָענט, אָן ספק, אויסגעקומען, ווי א בלוטיקער און לאכלוטן צילזאָזער פארס; דערנאָך, פון 1793 ביז 1815 יאָר, אן אומאויפהערלעכע קייט פון מילכאָמעס, אין מעשעך פון וועלכע די וועלט האָט אויסגעוויזן פּאָשעט ווי א דול־הויז,—און מיט וואָס פארא מין רויִקייט, מיט וואָס פאַר א מין גײַסטיקן גלײַכגעוויכט האָט ער פאָרגעזעצט אין יענער צײַט זײַנע אויספאָרשונגען וועגן דער מעטאמאָרפאָזע פון די געוויקסן, וועגן דער טעאָריע פון פארבן, וועגן טויזנט אנדערע זאכן. איך פאָדער ניט, אז דו זאָלסט שרײַבן לידער, ווי געטע, נאָר זײַן פאַרשטיין דאָס לעבן—די אוניווערסאליטעט פון די אינטערעסן, די אינערלעכע הארמאָניע—קאָן יעדערער אנטוויקלען אין זיך אָדער, לעכאָלאפּאָכאָס, שטרעבן צו דעם. און אויב דו וועסט זאָגן, אז געטע איז ניט געווען קיין פּאָליטישער קעמפער, איז מיין איך, אז גראָד א פּאָליטישער קעמפער דארף טאקע שטרעבן צו דערהייבן זיך איבער דער אלטעגלעכקײַט. אנדערש וועט ער פארזונקען ווערן אין פוסטע קלייניקײַטן. פארשטייט זיך, אז איך האָב דערבײַ אין אויג א קעמפער פון גרויסן מאסשטאב, און ניט קיין פליוגער פונעם קאליבער „גרויסע מענטשן" פון אײַער קאָמפאניע".

ראָזע ליוקסעמבורג מאכט כויזעק פון די „גרויסע מענטשן" פון דער רענעגאטישער קאָמפאניע קאוטסקיס, וואָס זייער פילאָסאָפירן איז בלויז א צודעק פאר זייער סאָציאלער לאקײַשקײַט.

זייער פרעטענציעזקײַט שטעלט זי קעגן געטעס אוניווערסאליטעט פון אינטערעסן און די אינערלעכע הארמאָניע, וואָס זיינען אייגנטימלעך דעם פּאָליטישן קעמפער פון גרויסן מאסשטאב. ווי א פּאָליטישער קעמפער, ווי א רעוואָליוציאָנערער מארקסיסט, שטרעבט זי צו פארשטיין די סאָציאלע געשעענישן און אז זי פארשטייט, „וואָס און פארוואָס ס'האָט זיך געטראָפן", שטרעבט זי אויסצופילן איר סאָציאלן כויוו פון א פּראָלעטארישן רעוואָליוציאָנער. דאָס גיט איר א געטע־רויִקײַט און עס דערלויבט איר צו לעבן מיט א פולן הארמאָניש־שעפערישן לעבן אין דער טורמע, צו פרייען זיך אין די באדינגונגען פון דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע מיטן פרילינג און מיטן געזאנג פון די פייגל אין טורמע־הויף, אײַנלעבן זיך אין די געשטאלטן פון די איבערגעלייענטע ביכער, ארויסרופן בא זיך אין זיקאָרן די קלאנגען פון דער געליבטער מוזיק, מיט פארכאפונג איבערשאפן אין דײַטש „די געשיכטע פון מײַן צײַט־מענטש" פון וו.ג. קאָראָלענקאָ.

אונ איינע פונ די אנטפלעקונגענ פונ איר הארמאָניש-פולנ, פארביקנ אונ פילארטיקנ לעבנ—א לעבנ פונ א קעמפערנ—איז געווענ דער אינטערעס צו קונסט, צו ליטעראטור, וואָס זײַנענ אויכ געווער פונ קלאסנקאמפ.

ראָזע ליוקסעמבורג האָט ניט געארבעט ספעציעל איבער די פראגעס פונ ליטעראטור-טעאָריע אונ ליטעראטור-געשיכטע. די זאמלונג ארטיקלענ אירע איבער ליטעראטור אונ אירע באזונדערע ליטעראַרישע ארויסזאָגונגענ אונ באמערקונגענ, וואָס זײַנענ צעוואָרפנ אינ אירע עקאָנאָמישע אונ פּאָליטישע ארבעטנ, אינ אירע בריוו, שטעלנ פאָר מיט זיכ, לויט דער צאָל, בלויז א קליינעמ טייל פונ איר גאנצער ליטעראַרישער יערושע. נאָר זי האָט דאָס גאנצע לעבנ אירס זיכ אינטערעסירט מיט ליטעראטור, זי האָט גוט געקענט אלצ, וואָס איז מערער ווערטפול, אלצ, וואָס עס אנטהאלט אינ זיכ די וועלט-ליטעראטור. ווי א רעדנער, ווי א פובליציסט, ווי א פּאָלעמיסט—באנוצט זי שטענדיק ציטאטעס פונ דער קלאסישער ליטעראטור, באזונדערס פונ דער דײַטשישער, אָפטער פונ אלצ—פונ געטענ,—געפינענדיק אינ זײַנע בילדער פארגלײַכונגענ, וואָס זײַנענ געפערלעכ פאר אירע פּאָליטישע קעגנערס.

די מערהײַט ארטיקלענ פונ ראָזע ליוקסעמבורג איבער ליטעראטור, ווי אויכ פיל איינצלנע ארויסזאָגונגענ אירע, זײַנענ קימאט שטענדיק אינ גרונט דורכגעדרונגענ מיטנ באוווסטזײַנ וועגנ דער באדײַטונג פונ ליטעראטור, ווי א פאקטער פונ קלאסנקאמפ, אונ זיי אָטעמענ מיט דער ליידנשאפט פונ א פּאָליטישנ קעמפער. איר קריטיק איז אינ ס׳ראָוו פאלנ אינ גרונט פארטייִש אונ איז גערירכטעט צו טאט. אייניקע פונ אירע עטיודנ זײַנענ אפילע א מוסטער דערפונ, וויאזוי מע דארפ פארשטיינ די דיאלעקטיק פונעמ ליטעראַרישנ פראָצעס. לויט דער פארשיידנארטיקײַט אונ לויט דער טיפקייט פונ קענענ די זאכ, וואָלטנ זיי געווענ א קאָוועד אפילע פאר א הויכ-קוואליפיצירטנ ספעציאליסט—ליטעראטור-קענער. אונ דאָכ איז פאראנ אינ אירע ארטיקלענ אונ ארויסזאָגונגענ וועגנ ליטעראטור א ריי ניט-מארקסיסטישע אונ שטרײַטבארע האנאָכעס, א ריי ניט בוילעטע צווייפלהאפטיקע פאָרמולירונגענ אונ פעלערהאפטיקע ערטער.

געבנדיק א ווידערשטאנד די סאָציאַל-רענעגאטנ, וואָס ספעקולירנ אפ ראָזע ליוקסעמבורגס פעלערנ, האָט וולאדימיר איליטש געשריבנ:

„מירנ ענטפערנ דערופ מיט צוויי שורעס פונ איינעמ זייער א גוטנ רוסישנ מאָשל: אָדלערס קומט אמאָל אויס אראָפצולאָזנ זיכ נידעריקער פונ א הונ, נאָר הינער וועלנ זיכ קיינמאָל ניט אופהייבנ ווי אָדלערס. ראָזע ליוקסעמבורג האָט געגרײַזט אינ דער פראגע וועגנ דער אומאָפהענגיקײַט פונ פוילנ; זי האָט געגרײַזט אינ 1903 יאָר אינעמ אָפשאצנ דעמ מענשעוויזמ; זי האָט געגרײַזט אינ דער טעאָריע פונ קאפיטאל-אָנזאמלונג; זי האָט געגרײַזט, בייס זי האָט אינ יולי 1914, צוזאמענ מיט פלעכאנאָוונ אונ וואנדערוועלדע, קאוטסקי א. אנד. פארטיידיקט די פארייניקונג פונ די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס; זי האָט געגרײַזט אינ אירע טורמע-שריפטנ אינ 1918 יאָר (זי האָט דערנאָכ, אז זי איז ארויס פונ דער טורמע, אינ סאָפ 1918 אונ אינ 1919 פאריכט דעמ גרעסטנ טייל פונ אירע פעלערנ), אָבער ניט געקוקט אפ אלע אירע פעלערנ, איז זי געווענ אונ איז געבליבנ אנ אָדלער; אונ ניט נאָר דער אָנדענק וועגנ איר וועט שטענדיק זײַנ טײַער פאר די קאָמוניסטנ פונ דער גאנצער וועלט, נאָר די ביאָגרא-

פיע אירע און א פולע זאמלונג פון אירע ווערק (וואָס מיט זיי האָבן אזוי אומדערלאָזבאר פארשפעטיקט די דײַטשישע קאָמוניסטן, וועמען מע קען מויכל זײַן טיילווײַז נאָר צוליב דער אומגעהערטער צאָל קאָרבאָנעס אין זייער שווערן קאמפּ), וועלן זײַן זייער א נוצלעכע לעקציע אַפּ צו דערציִען אסאך דווירעס קאָמוניסטן אין דער גאנצער וועלט. „די דײַטשישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע איז נאָכן 4-טן אווגוסט 1914 יאָר א שטינקענדיקער טויטער קערפּער" — אָט מיט וואָס פאר א ווערטער ראָזע ליוקסעמבורגס נאָמען וועט אַרײַנגיין אין דער געשיכטע פון דער אַלוועלטלעכער ארבעטער-באוועגונג. און אפּן הינטערהויף פון דער ארבעטער-באוועגונג, צווישן די קופּעס מיסט, וועלן הינער אזוינע, ווי פּאול לעווי, שיידעמאַן, קאוטסקי און די איבעריקע קאָמפּאַניע זיך קוויקן, פאר-שטייט זיך, מיט די פעלערן פון דער גרויסער קאָמוניסטקע. „יעדערן — זײַנס" („וועגן אַרופשטײַגן אַפּ די הויכע בערג", ווערק, רוס. אויסגאבע, באנד XX, צווייטער טייל, ז.ז. 490—491).

אָט די אַלגעמיינע לענינישע כאראקטעריסטיק פון ראָזע ליוקסעמבורג איז וויכטיק אויך בענוגייע אירע ליטעראַריש-קריטישע ארבעטן. זיי זײַנען די שאפונג פון א רעוואָליוציאָנערן אָדלער, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן א ריי פעלערן.

ס'איז ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקײַט, אז די „הינער" פון דער ליטע-ראַרישער קריטיק, וואָס וועלן זיך גראָבן אפּן הינטערהויף פון דער פּראָלעטאַרי-שער ליטעראַרישער באוועגונג, „וועלן זיך באזונדערס קוויקן מיט די פעלערן פון דער גרויסער קאָמוניסטקע" און וועלן שטרעבן צו באַרעכטיקן מיט איר אווטאָריטעט זייערע מיסט-„טעאָריעס". לאָמיר זיי ניט שטערן צו טאָן זייער ארבעט, מירן נאָר איבערכאַזערן וו. אי. לענינס ווערטער:

„יעדערן — זײַנס".

די אויפגאבע פון דער מארקסיסטיש-לענינישער ליטעראַטור-קענטעניש בא-שטייט אין דעם, אז מע זאָל אויסנוצן און אײַנהיטן פון ראָזע ליוקסעמבורגס ליטעראַרישער ירושע אלץ, וואָס קען באַרײַכערן דעם אײַזערנעם פאָנד פון אונדזער ליטעראַטור-קענטעניש, מע זאָל אויפדעקן און דערקלערן דעם קוואַל פון אירע אייגצלנע פעלערן.

## II

די ליטעראַריש-קריטישע ירושע פון ראָזע ליוקסעמבורג, אויב ניט רעכע-נען באזונדערע באמערקונגען פון אנדערע אירע ארבעטן און פון איר קאָרעס-פּאָנדענץ, באשטייט פון 6 ארטיקלען, אָנגעשריבענע אין פארלויף פון 20 יאָר— פון 1898 ביז 1918.

ראָזע ליוקסעמבורג, וואָס איז א צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאַרישער רע-וואָליוציאָנער ניט נאָר לויט אירע איבערצײַגונגען, נאָר אויך לויט איר רע-וואָליוציאָנערער פּראַקטיק, איז געווען פארבונדן, דעריקער, מיט דרײַ אָטריאַדן פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט: מיטן פּוילישן, רוסישן און דײַטשישן.

זי האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די קולטורן פון אָט די דרײַ פעלקער: פונעם פּוילישן, רוסישן און דײַטשישן. אירע ליטעראַריש-קריטישע ארטיקלען זײַנען

דעריבער טאַקע געווידמעט די קלאַסישע דערשײַנונגען פֿון אָט די דרײַ ליטע־ראַטורן.

אירע אַרבעטן זײַנען:

1. „אַדאַם מיצקעוויטש" — אַן אַרטיקל, וואָס איז אָנגעשריבן אין צוזאַמענ־האַנג מיטן הונדערטסטן יאָרטאָג, זינט ס'איז געבוירן געוואָרן דער גרויסער פּוי־לישער דיכטער; פֿאַרעפֿנטלעכט איז דער אַרטיקל געוואָרן צום ערשטן מאָל דעם 24־טן דעקאַבער 1898 יאָר אין דער צײַטונג „Leipziger Volkszeitung" וואָס איז אין יענער צײַט געווען דער אָרגאַן פֿון לינקן פֿליגל פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי.

2. אַן אַרטיקל „דאָס בילד פֿון לעבן", וואָס איז געווידמעט שילערן און איז אָנגעשריבן געוואָרן נאָכדעם, ווי ס'איז דערשינען מערינגס בוך וועגן דעם דיכטער. דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען אָפּגעדרוקט אין טעאָרעטישן אָרגאַן פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע „Die Neue Zeit", אין נום. 31 פֿאַרן 1904־1905 יאָר.

די ווײַטערדיקע דרײַ אַרטיקלען זײַנען געווידמעט ל. נ. טאָלסטויען און זײַנען פֿאַרבונדן מיט טאָלסטויס 80-יאָריקן יובילײ און מיט זײַן טויט:

3. „דער עפּיגאָן פֿון אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם", אָפּגעדרוקט אין סענטיא־בער 1908, אינעם אָרגאַן פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פֿון פּוילן און ליטע „Przeglond Socyaldemokraticzny"

4. „ליעוו טאָלסטוי" — פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם זשורנאַל „Die Gleichheit" אינעם נומער פֿונעם 3-טן דעקאַבער 1910.

5 „טאָלסטויס פֿאַרבליבענע קינסטלערישע ווערק" — דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען אָנגעשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערשײַנען אין דײַטש, אין לאַ־דיזשניקאָווס אויסגאַבע, דרײַ בענדער „פֿאַרבליבענע" טאָלסטויס ווערק. דער אַרטיקל איז פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם צווייטן באַנד „Die Neue Zeit" פֿאַרן 1913 יאָר.

6. דעם גרעסטן פֿון אירע אַרטיקלען „די נעשאַמע פֿון דער רוסישער לי־טעראַטור" (וועגן קאָראָלענקאָ) האָט ראָזע ליוקסעמבורג אָנגעשריבן אין ברעסלאַ־ווער טורמע אין 1918 יאָר; דאָ האָט זי איבערגעזעצט אין דײַטש „די געשיכטע פֿון מײַן צײַט-מענטש" און אַלס אַ פֿאָרוואָרט צו דער דאָזיקער איבערזעצונג האָט זי אָנגעשריבן דעם דאָזיקן אַרטיקל.

ניט געקוקט אַף דער גוואַלדיקער אָרעמקײַט פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע" אינעם געביט פֿון ליטעראַרישער קריטיק, האָט די דײַטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי ניט באַמיט זיך צונויפֿצוזאַמלען און אַרויסגעבן אין אַ באַזונדער באַנד אָט די אַלע אַרטיקלען. זיי זײַנען געבליבן ניט קיין איבערגעדרוקטע אין די אַלטע זשורנאַלן און צײַטונגען.

פּונקט אַזאַ גלײַכגילט צו די ליטעראַריש-קריטישע אַרבעטן פֿון ראָזע ליוקסעמבורג האָט אַרויסגעוויזן אויך די רוסישע קריטיק. ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע זײַנען אָט די אַרטיקלען אירע געווען אומבאַוווסט פֿאַרן רוסישן לייענער. און אַפֿילע איצט איז פֿון אָט די 6 אַרבעטן ליוקסעמבורגס פֿאַראַן אין רוסיש בלויז 4:

1. דער אַרטיקל „אַדאַם מיצקעוויטש" איז פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם 6־טן בוך „קראַסנאַיאַ נאָווי" פֿון 1929 יאָר.

2. „דער עפּיגאָנ פון אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם” אין פּ. קאָנס איבערזעצונג — איז אָפּגעדרוקט אין 1928 יאָר, אינעם 8-טן נומער פון דעם זעלביקן זשורנאַל.

3. דער ארטיקל „ל. טאָלסטוי” — אין דער איבערזעצונג פון ר. קאָוונאטאָר — האָט זיך צום ערשטן מאָל באוויזן אינעם זשורנאַל „נא פּאָסטו„ (1-טן מיי 1924) און איז דערנאָך איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער ערשטער אויסגאבע פונעם צווייטן באנד פון דער זאמלונג „ליטעראַטור און קונסט אין דער מארקסיסטישער באלויכטונג”, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורכן ב. סטאָלפּנער און פּ. יושקעוויטש; דער דאָזיקער ארטיקל איז דערנאָך אריין אויך אין דער ליטעראַריש-קריטישער זאמלונג „וועגן טאָלסטויען”, ארויסגעגעבן דורכן „גיז”, צום 100-יאָריקן יובילײ פון ל. נ. טאָלסטוי, אונטער דער רעדאקציע פון וו. מ. פריטשע.

און, לעסאָף, דער ארטיקל „די נעשאָמע פון דער רוסישער ליטעראַטור” איז אָפּגעדרוקט אין א באזונדער ביכל, אין דער איבערזעצונג פון ל. קרוטאָווסקע, אונטער גאָרנפעלדס רעדאקציע („גיז” 1922).

III

אין א בריוו צו לויזע קאַוטסקי, פונעם 18-טן פעברואַל 1917, שרייבט ראָזע ליוקסעמבורג וועגן געלסוואָרטיס ראָמאַן „ברידער אין דער וועלט”:

„איך האָב נעכטן איבערגעלייענט אים ביזן סאָף און בין זייער צופרידן. עמעס, דער דאָזיקער ראָמאַן איז מיר אסאך וויניקער געפעלן, איידער „דער רײַכער מענטש”, ניט געקוקט דערויף, און עפּשער טאַקע דערפאַר, וואָס דאָרטן פּרעוואַלירט די סאָציאַלע טענדענץ. אין א ראָמאַן קוק איך ניט אויף דער טענדענץ, נאָר אויף דער קינסטלערישער טעמע”.

און א צווייטן מאָל שרייבט זי צו דער זעלביקער קאַוטסקי:

„איר האָט א טאָעס, אויב איר מיינט, אז איך בין געשטימט קעגן די מאָדערנע דיכטער. עמעס, כ'האָב בא זיי אלעמען אביסל מוירע פאַר זייער מײַסטערישן פולקומען באהערשן די פאָרמע, פאַר דעם פּאָעטישן אויסדרוק און פאַר דעם, וואָס עס פעלט בא זיי דערבײַ די גרויסע, איידעלע וועלטאָנשויונג. אָט די דאָזיקע צווייענדיקייט רופט זיך אָפּ אין מײַן הארץ מיט אזא מין פוסטקייט, אז די שיינע פּראָזע ווערט פאַר מיר פאַרוואַנדלט אין א גרימאַסע. זיי גיבן, געוויינלעך, וווּנדערבאַר איבער די שטימונגען, נאָר שטימונגען שאפן נאָך ניט דעם מענטשן” (בריוו פון 24/11—1917 י.).

אָט די צוויי אויסצוגן אנטהאלטן אין זיך ראָזע ליוקסעמבורגס נעגאַטיווע פּראָגראַם אין געביט פון ליטעראַטור. אין זיי איז פאָרמולירט דאָס, וואָס זי נעמט ניט אָן.

זי נעמט ניט אָן קיין עסטעטישע ווירטואָזישקייט, קיין אויסערלעכע שיינקייט, זי נעמט זיי אויף, ווי אן אָנשטעל, ווי א גרימאַסע.

זי נעמט ניט אָן דאָס אימפּרעסיאָניסטישע פּסיכאָלאָגיזירן, ווײַל „שטימונגען שאפן נאָך ניט דעם מענטשן”. זי שטעלט ארויס אלס גרונט-פאָדערונג צו דער קונסט — די טיפע פאַרענדיקטע וועלטאָנשויונג, די „גרויסע איידעלע וועלטאָנשויונג”.

אפ אָט דעם געדאנק באשטייט זי אין דעם ארטיקל „די פארבליבענע ווערק פון טאָלסטויען״:

„אָן גרויסקייט פון פערזענלעכקייט, אָן גרויסקייט פון וועלטאָנשויונג איז ניטאָ קיין גרויסע קונסט״.

מיט דעם דאָזיקן געדאנק זײַנען דורכגעדרונגען אירע אָפּשאצונגען פון מיצקעוויטשען, שילערן. דער דאָזיקער געדאנק האָט דיקטירט ראָזע ליוקסעמבורגן איר אויסשליסלעכן אינטערעס צו קלאסישער ליטעראטור, איר פּיִעטעט צו דער רוסישער ליטעראטור. דעם דאָזיקן געדאנק האָט זי געגעבן באגרינדעט אינעם ארטיקל „די נעשאָמע פון דער רוסישער ליטעראטור״.

זי שרײַבט דאָרט:

„פארכאפּן און דערשיטערן קאָן נאָר דער, וואָס איז אליין פארכאפּט און דערשיטערט. פארמאָגן דעם גרעסטן טאלאנט איז נאָך ניט גענוג אפּ צו האָבן א דויערנדיקע ווירקונג. ווער קען לייקענען דעם טאלאנט און אפילע די געוויסע פונעם אבאט מאָנטי? ווער וואָלט זיך אונטערגענומען אָפּלייקענען דעם טאלאנט פון סען בעוו? זיי זײַנען אָבער פארבליבן אומבאדײַטנדיקע דערשײַנונגען אין דער פראנצויזישער ליטעראטור, זייער ווירקונג איז געווען זייער א באגרענעצטע אין פארגלײַך מיט זייער טאלאנט. דאָס אלץ האָט פאסירט דערפאר, ווײַל זיי זײַנען געווען מענטשן אָן געגרונטעוודיקע איבערצײַגונגען, אָן א פעסטער וועלטאָנשויונג. מאָנטי האָט „שטענדיק געזונגען לויבגעזאנגען יעדן זיגער און סען בעוו האָט היינט פארברענט דאָס, צו וואָס ער האָט זיך נעכטן געבוקט״.

די דאָזיקע זאָרגלאָזיקייט זייערע בענעגייע איבערצײַגונגען, אָט דאָס, וואָס זיי האָבן ניט געהאט קיין טיפע וועלטאָנשויונג, האָט אין טאָך געמאכט צונישט די גאנצע באדײַטונג פון זייער טאלאנט, אומגעבראכט און פארוואנדלט אין אן עפּיזאָד פון דער אייראָפּעיִשער קולטור די גאנצע שאפונג זייערע.

„קעדיי צו האָבן א שטאנדהאפטיקע ווירקונג, קעדיי בעעמעס צו דערצײַען די געזעלשאפט, דארף מען האָבן מער ווי טאלאנט, מע דארף האָבן א דיכטערישע פערזענלעכקייט, א כאראקטער, אן אינדיווידואליטעט, וואָס זאָל זיך באזירן אפּ דער פעסטונג פון א פארענדיקטער פילאָזאָפּישער פערזענלעכקייט, א פארענדיקטער פילארומנעמענדיקער וועלטשויונג״.

דער קאמף פאר דער סאָציאַליסטישער ליטעראטור קען פאר אונדז ניט זײַן אָפּגעטיילט פונעם קאמף פאר א דיאַלעקטיש-מאטעריאַליסטישער, מארקסיסטיש-לענינישער וועלטנאָשויונג פונעם שרײַבער. אין אָט דעם קאמף האָט די סאָציאַליסטישע ליטעראטור אין דער פערזאָן פון ראָזע ליוקסעמבורג אן אווטאָריטעטן אָנשפאר.

אָבער אונדזער ליטעראַרישע באוועגונג קאָן זיך אָנשפארן אפּ ראָזע ליוקסעמבורג ניט נאָר אין איר קאמף אפּ „רעכטס״ מיט דער אידייענלאָזיקייט, מיטן פאָרמאליסטישן עסטעטיזם, מיטן אימפּרעסיאָניסטישן אינטויִטיוויזם, וואָס פאר אים איז דאָס איבערגעגעבן אין א קינסטלערישן ווערק די שטימונג—דער יעסאָד פון קונסט.

די פּראָלעטאַרישע ליטעראטור קען זיך אָנשפארן אפּן אווטאָריטעט פון

ראָזע ליוקסעמבורג אויך אינעם קאַמף קעגן די „לינקע" אָפּנייגן אין די אייגענע רייען.

ראָזע ליוקסעמבורג האַלט פאַר א כיסאָרן אין דער קינסטלערישער שאַפונג, ווען די טענדענץ פּרעוואַלירט איבער דער קינסטלערישקייט.

מיר ווייסן שוין, אַז פאַר ראָזע ליוקסעמבורג קען ניט זיין קיין קינסטלערישקייט אָן אידייישקייט. אין אירע אַרטיקלען וועגן ל. נ. טאָלסטויען כאָטש זי ניט איינמאָל איבער, אַז טאָלסטוי איז טאַקע דערפאַר געווען א גענִיאַלער שרייבער, ווייל ער איז שטענדיק געווען „ניט נאָר אַן אומדערמידלעכער קינסטלער, נאָר אויך אַן אומדערמידלעכער סאָציאַלער דענקער". זי פאָדערט, אָבער, אַז דער סאָציאַלער געדאַנק פונעם שרייבער זאָל זיך אַנטפּלעקן דורך דער קינסטלערישער שילדערונג.

דאָ מוז מען זיך פּינקטלעך צונויפריידן וועגן דעם באַגריף—טענדענציעזקייט. יעטווידער קינסטלעריש ווערק, ווי דאָס איז שוין פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש, דריקט אויס א באַשטימטע אידעאָלאָגיע פון דער אָדער יענער סאָציאַלער גרופּע, הייסט עס, אַז עס איז שטענדיק אידייִש. אַן עסטעטיש-פאָרמאַליסטיש ווערק איז פּונקט אַזוי אידייִש, ווי א טיפּפּסיכאָלאָגיש ווערק, ווי אַן אָפן אַגיטאַציאָנעל ווערק. אויב מיר זאָלן אונטער טענדענציִעזקייט פאַרשטיין אידייִשקייט אינעם קינסטלערישן ווערק, וועט דעמלט יעדער קינסטלעריש ווערק זיין טענדענציִעז. לויט איר סאָציאַלער פונקציע, לויט דער שליכעס, וואָס עס פּילט אויס די אַזויגערופענע „ריינע קונסט", קעדיי צו פאַרטיידיקן א באַשטימטע סאָציאַלע גרופּע, אונטערשיידט זי זיך ניט פון קיין שום „טענדענציִעזער" קונסט. די „ריינע" קונסט דינט עמעצן פּונקט אַזוי, ווי עס דינט די טענדענציִעזע קונסט, דעריבער איז ניטאָ קיין שום גרונט און ס'האָט קיין שום זין ניט צו טיילן די קונסט אויף קינסטלערישער און טענדענציִעזער, אויף אידייִשער און אידייענלאָזער, ווייל ס'איז בּיקלאַל ניטאָ קיין אידייענלאָזע קונסט.

אַזאַ מין טיילן דריקט נאָר אויס דעם כאַראַקטער, מיט וועלכן ס'איז אין דער קונסט אויסגעדריקט די אָדער יענע אידייִשקייט.

אין זיין בריוו צו פ. לאַסאַלן וועגן „פראַנץ פאָן־זיקינגען" האָט קאַרל מאַרקס, קריטיקירנדיק די דראַמע, געשריבן, אַז לאַסאַל וואָלט געדאַרפט מער „שעקספּיריזירן, אין דער צייט, ווען איצט, זאָגט ער, האַלט איך דאָס שילדערירן, דאָס פאַרוואַנדלען אינדיווידן אין פּאָשעטע רופּאָרס פונעם גייסט פון דער צייט—פאַרן גרעסטן כיסאָרן דיינעם". דאָ איז אָנגעמערקט דער גרונט־אונטערשייד צווישן קינסטלערישקייט און טענדענציעזקייט.

קינסטלערישקייט איז דאָרט, ווו דאָס איינשטעלן דעם שרייבערס וועלט־אָנשויונג, זיינע אידייעס—איז א געזעצמעסיקער רעזולטאַט פון דעם כאַראַקטער, פון דער אויפפירונג בא די געשילדערטע פּערסאָנאַזשן, פון זייער האַנדלונג און פון זייערע אַרויסזאָגונגען, וואָס ווערן באַדינגט דורך דער דראַמאַטישער האַנדלונג. קינסטלערישקייט איז דאָרט, ווו די געשטאַלטן זיינען אַן אַנטפּלעקונג פונעם „גייסט פון דער צייט". טענדענציִעזקייט איז דאָרט, ווו די פּערסאָנאַזשן זיינען „א פּאָשעטער רופּאָר פונעם גייסט פון דער צייט". קינסטלערישקייט איז דאָרט, ווו די אידייִשקייט וואַקסט אַרויס פון די געשטאַלטן, וואָס טיפּיזירן די סאָציאַלע ווירקלעכקייט. טענדענציִעזקייט איז דאָרט, ווו די געשטאַלטן זיינען

בלויז א פערזאָניפיצירונג פונעם אוועטערס אידייעס, פונעם אוועטערס פאָרשטעלונגען וועגן דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט. טענדענציעזקייט איז דאָרט, ווו די געזעצמעסיקע אופירונג פון די פערסאָנאַזשן ווערט פארביטן אפן אוועטערס אונטערשטופן, ווו די געזעצמעסיקע ארויסזאָגונגען פון די פערסאָנאַזשן, וואָס וואקסן ארויס פון זייער אופירונג, ווערן פארביטן מיט רייד, וועלכע דער אוועטער לייגט זיי אריין אין מויל אריין, אָדער מיטן אוועטערס אורטיילן און מיט זיין אָפּשאצן די אופירונג און די רייד פון זיינע פערסאָנאַזשן. אָט טאקע קעגן אזא טענדענציעזקייט טרעט ארויס ראָזע ליוקסעמבורג און שטעלט איר אקעגן — די קונסט „פון גרויסן סטיל", בא וועלכן דער אוועטער „איראָניזירט ניט איבער זיינע אייגענע באשעפענישן, שמייכלט ניט, ווי געלסוואָרטי, בערנארד שאָו אָדער אָסקאר ווײַלד, נאָר ער „שטייט צו ענדע מיט ציטערנדיקע ליפּן און מיט ברייט צעעפנטע אויגן, אין וועלכע עס בלישטשען טרערן", אפילו ווען ער שאפט „די סאמע בלוטיקע סאטירע אפ דער מאָדערנער געזעלשאפט", ווי דאָס האָט געטאָן גערהארד הויפּטמאן אין זיין „עמאנויל קווינט" (ציטירטער בריוו פונעם 18/2—1917 י.).

די פראגע וועגן דער ראָליע פון פּסיכאָלאָגיע אין אונדזער ליטעראטור האָבן אייניקע קריטיקער זיך געפּרוּווט פאָרשטעלן אזוי, אז דאָ גייט א קאמף פאר פּסיכאָלאָגיש-באאָבאכטערישער קונסט אָדער פאר אן אקטיווער, קעמפערישער קונסט, וואָס ווייס ניט פון פּסיכאָלאָגיזם און וואָס מוז, לויט דער נויטווענדיקייט, בלייבן אפן געגעבענעם עטאפּ ניט גענוג קינסטלעריש; „ווייל אויך דו יאָגסט זיך, ווי ס'האָט געזאָגט דער כ' בעזימענסקי — נאָך א פארשפּיצטן פערז, נאָך א מער ראפינירטער אליטעראציע, פארלירסטו די טעמפּן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג".

דער שטייגער-ראָמאן און די סאטירישע דראמע קענען זיין אין איינער און דער זעלבער מאָס אקטועל, אין איינער און דער זעלבער מאָס סאָציאַל פארשארפט, אָבער זייער סאָציאַלער ווערט וועט באשטימט ווערן דורך דער מאדרייגע פון זייער קינסטלערישקייט. מיט אנדערע ווערטער, ער וועט באשטימט ווערן דערמיט, אפ וויפל זייער אידייִשקייט דרינגט אומפארמיידלעך און געזעצמעסיק ארויס פון די געשטאלטן, וואָס ווערן געגעבן אין די דאָזיקע ווערק.

די קעגנשטעלונג צווישן קינסטלערישקייט און טענדענציעזקייט אנטשפּרעכט בא ראָזע ליוקסעמבורג דער קעגנשטעלונג צווישן „שעקספּיריזירונג", אלס א טיפּע קינסטלערישע אנטפלעקונג פונעם „גייסט פון דער צייט", און „שילעריזירונג" אלס „פארוואנדלונג פון אינדיווידן אין פּאָשעטע רופּאָרס פונעם גייסט פון דער צייט".

דער קאמף, וואָס פירט זיך לויט מארקס געבאָט, פאר שעקספּיריזירן די פּראָלעטארישע ליטעראטור קעגן דעם שילעריזירן זי, איז א קאמף קעגן אירע „וויכטיקע כעסרוינעס". אין דעם דאָזיקן קאמף, ווי מיר האָבן געזען, האָט אונדזער ליטעראטור הינטער זיך אן אווטאָריטעט. ראָזע ליוקסעמבורג טרעט אנטשיידן ארויס קעגן טענדענציעזקייט, פאר אן אקטועלער ליטעראטור פון „גרויסן סטיל", וואָס „באזירט זיך אפ דער פעסטונג פון א פארענדיקטער פיל-ארומנעמענדיקער וועלטאָנשויונג".

## IV

מיט טיפֿן פֿאַרשטייַן די דיאַלעקטיק פֿון ליטעראַרישן פּראָצעס און די פּראָבלעם פֿון ליטעראַרישער יערושע איז דורכגעדרונגען ראָזע ליוקסעמבורגס אַרטיקל וועגן אַדאַם מיצקעוויטשן און דער אַרטיקל וועגן שילערן.

מיט א יאָר פֿאַר מיצקעוויטשעס הונדערטיאָריקן יובילײ און פֿאַרן פֿאַר־עפֿנטלעכן איר אַרטיקל וועגן אים, האָט ראָזע ליוקסעמבורג אין איר אַרבעט („Die neue Zeit" „Von Stufe zur Stnfe" XIV-טער בוך, 1897) געוויזן, וויאַזוי די פּוילישע בורזשואַזיע און קלייַנבורזשואַזיע האָט זיך געשטעלט אַף די קני פֿאַרן רוסישן צאַר און האָט פֿאַראַטן מיצקעוויטשעס אַלע נאַציאָנאַלע אידעאַלן:

„די פֿייַערונג פֿון הונדערט יאָר קאָנסטיטוציע, דעם 3-טן מייַ 1891, דער נאַציאָנאַלער טרויער אין 1893 יאָר און דער טאָג פֿון קאָסטיושקאָ אין 1894 י." זייַנען באַצייכנט געוואָרן בלויז „מיט אַן אַרויסטרעטונג פֿון א הייַפֿעלע וואַקל־דיקע סטודענטן, וועלכע האָבן זיך אַליין דערשראָקן פֿאַר זייער דרייסטקייַט,— דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ס'איז פֿאַרבליבן פֿון דער נאַציאָנאַלער אַרמײ".

דאָס גאַנצע אָפּיציעלע פּוילן, די הערשנדיקע קלאַסן פֿון פּוילן האָבן טרי־ומפֿירט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס קיין פּוילן איז געקומען צופֿאָרן דער רוסישער זעלבסטהערשער „דער קעניג פֿון פּוילן", וואָס האָט אייַנגעשטעלט זייַן הערשאַפֿט אין פּוילן אַף מיצקעוויטשעס בלוט.

דער קלענסטער רעמעז אַף דער אומאָפּהענגיקייַט פֿון פּוילן האָט געקענט „קאַליע מאַכן אָט די גאַנצע עקלהאַפֿטע מאַניפֿעסטאַציע, נאָר קיין איינציקער קלאַנג האָט זיך ניט אַרויסגעריסן פֿון די מיילער" בא די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס זייַנען צוגעפֿאַלן צום שטיוול פֿונעם רוסישן צאַר".

דערפֿאַר „האָט די צאַרישע רעגירונג דערלויבט צו שטעלן אין וואַרשע א דענקמאָל דעם גרויסן דיכטער פֿון דער פּוילישער פֿרייַהייַט — מיצקעוויטשן. מע האָט דערלויבט, אַז פּוילן זאָל ערן דעם דיכטער מיצקעוויטשן דעמלט, ווען דער פּאַטריאָט און דער רעוואָלוציאָנער מיצקעוויטש האָט שוין אָנגעוואָרן יעטווידע ווירקונג.

דער פֿראַגע וועגן דעם, וואָס איז געווען און וואָס איז געוואָרן פֿאַר פּוילן אַדאַם מיצקעוויטש, איז געווידמעט דער אַרטיקל „אַדאַם מיצקעוויטש".

די אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט געהערשט אין מיצקעוויטשעס צייַטן, האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער מאַכט פֿון דער רוסלענדישער זעלבסטהערשונג. די זעלבסט־הערשונג האָט אייַנגעהיט דאָס לייַבייגנטום און האָט באַוואָרנט די מאַגנאַטן „פֿון דער געפֿאַר פֿון פֿויערישע אופֿשטאַנדן". די מאַגנאַטן האָבן ניט געהאַט קיין שום באַזונדערן גרונט אַף צו בענקען נאָך דער נאַציאָנאַלער פֿאַרגאַנגענ־הייַט. זייער שאַפֿונג איז געווען א דורכויסיק נאָכמאַכן דעם אָנגעפֿודערטן, דעם אויסגעדראָשענעם פֿראַנצויזישן קלאַסיציזם, וואָס די כאַראַקטעריסטישע שטריכן זייַנע זייַנען אין דער שרייַבערישער שאַפֿונג פֿון דער פּוילישער אַריסטאָקראַ־טיע געווען — „צוגעגלעטע, אויסגעפּוצטע פּוסטע פֿאָרמע און אָפּוועזנהייַט פֿון אינדיווידואַליטעט, פֿון אינערלעכן געפֿיל און פֿון טיפֿן געדאַנק".

גאָר אַנדערש איז געווען די לאַגע פֿונעם קלייַנפּריציש־ן אַדלטום, וואָס האָט ניט פֿאַרמאָגט די אַלע פּריווילעגיעס, מיט וועלכע ס'האָבן זיך געניצט די גרויסע

מאגנאטן, און וואָס איז פאַראַרעמט געוואָרן מאַכמעס דעם וווקס פונעם קאַפּי-טאַליזם. אין די מאַסן פונעם קליינפּריצישן אַדלטום האָבן געזאָטן אָפּאָזיציאָ-נעלע שטרעמונגען, וועלכע האָבן, נאַטירלעך, געמוזט אָננעמען אַ נאַציאָנאַלן כאַ-ראַקטער, זוכנדיק זייער אידעאַל אין דער פאַרגאַנגענהייט. עס האָט אָנגעהויבן רייפן צו ווערן דער אופשטאַנד פון 1831 יאָר".

די ליטעראַטור פונעם גרויסן אַדלטום האָט מיט די מעטאָדן פון קלאַסי-ציזם געלויבט די געגנוואַרט, די ליטעראַטור פונעם קליינאַדלטום האָט זיך גע-ווענדעט צו דער פאַרגאַנגענהייט פון פּוילן, וואָס האָט אָנגענומען מיסטישע קאָנטורן. די פאָרמע אַפּ אויסצודריקן די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייט האָט זי גע-פונען אין דער דייטשישער ראָמאַנטיק.

„קלאַסיציזם און ראָמאַנטיזם — אָט דאָס זיינען געווען די ווידערשפּרוכן, וועלכע זיינען איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער ספערע פון קונסט, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן אין דער עקאָנאָמיק און אין דער פּאָליטיק און האָבן זיך אײַנגיכן אויסגעדריקט אין געקלאַנג פון שטאָל און אין געטראַסק פון שיסערייַ אין די מוירדישע שלאַכטן".

דער קלאַסיציזם פון די מאַגנאַטן האָט געגעבן בלויז מיטלמעסיקייטן, לי-טעראַרישע באַלמעלאָכעס. דער ראָמאַנטיזם פונעם קליינבירגערלעכן, מוירדישן אַדלטום האָט אַרויסגערוקט אַ ריי גלענצנדיקע טאַלאַנטן, אינדערשפּיץ מיט אַדאַם מיצקעוויטשן.

דער דיכטער פון די מער פּראָגרעסיווע קרייזן פון פּוילן פון יענער צייט, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, — אַדאַם מיצקע-וויטש — איז געוואָרן דער „אָביעקטיווער שטייגער-שרייבער פון דער נאַציאָ-נאַלער פאַרגאַנגענהייט". אין „פּאַן טאַדעוש" האָט ער געגעבן ניט „קיין גע-זעלשאַפט, וואָס עס שפּאַרט פון איר געזונט, וואָס אַנטוויקלט זיך לויט אַ שטייגנדיקער ליניע און וואָס האָט דערגרייכט ביז צום קולמינאַציע-פּונקט פון איר אַנטוויקלונג, נאָר, פאַרקערט, אַ געזעלשאַפט אַ פּוילנדיקע, אַ געזעל-שאַפט פון אומקומענדיקע". זיין „פּאַן טאַדעוש" איז דעריבער, אין אַ געוויסער מאָס, קרויוויש צו דאָן קיכאָטן. אָבער טאַקע דורכ אָט דער קרויוועשאַפט מיט דאָן-קיכאָטן האָט זיך אַנטפּלעקט זיין מייסטערישער אָביעקטיוויזם.

ראָזע ליוקסעמבורג באַווייזט ווייטער, ווי אַזוי דאָס צעגראָמירן די נאַציאָ-נאַלע באַוועגונג האָט געבראַכט מיצקעוויטשן צו פּרוכטלאָזן, קערפּערלאָזן מיס-טיציזם, וועלכער האָט באַטייט, אַז די ראָמאַנטישע דיכטונג האָט באַנקראָטירט אין רעזולטאַט דערפון, וואָס דער אַדל איז אָפּגעגאַנגען אַפּן הינטערפּלאַן פון דער געשיכטע.

ראָזע ליוקסעמבורג באַנעמט די אויסשליסלעכע היסטאָרישע ראָליע פון אַדאַם מיצקעוויטשעס שאַפן, נאָר זי פאַרורטיילט די „געוויגנהייט פון די פּוי-לישע סאָציאַליסטן אומבאַדינגט אַרויסצובאַקומען פון מיצקעוויטשעס ווערק סאָציאַליסטישע אָנשויונגען". זי האַלט, אַז „די דאָזיקע פּרווון זיינען ציללאָז און פּרוכטלאָז". און זי באַמערקט דערבײַ זייער ריכטיק, אַז די שאַטירונג פון אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם, וואָס איז פאַראַן בא מיצקעוויטשן, איז געווען פאַרבונדן מיט זיין רעליגיעזן מיסטיציזם.

ראָזע ליוקסעמבורג האָט ריכטיק אונטערגעשטראָכן, אַז אינעם מאָדערנעם

פּוילן געהער אדאַם מיצקעוויטש בלויז דעם אַרבעטער־קלאַס, און ניט דערפאַר, ווײַל ער איז געווען אַ סאָציאַליסט—ער איז קיין סאָציאַליסט ניט געווען, נאָר דערפאַר, וואָס „אַ באַוווסטזיניקער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט שטעלט מיט זיך פאָר יענעם איינציקן סאָציאַלן שיכט, וואָס איז פאַרינטערעסירט און קען זיך שטעלן אַפ דער וואַך פון דעם, וואָס איז געווען די קולטורעלע דעראָבערונג פונעם פּאָליטיש־באַנקראָטירטן נאַציאָנאַליזם״.

ראָזע ליוקסעמבורג דעמאַסקירט מיט רעכט די נאַיווע טענדענץ צו שיל־דערן אַלע קעמפער פון דער פאַרגאַנגענהײַט ווי סאָציאַליסטן, זי באַשטייט אָבער דערויף, אַז מיצקעוויטשעס ירושע געהערט זיעם פּראָלעטאַריאַט, ווײַל דער פּראָלעטאַריאַט איז דער איינציקער יורש פון יענע אַלע שעפערישע ווערטן, וואָס האָבן געהאַט אַ פּראָגרעסיוון באַטײַט פאַר דער געגעבענער עפּאָכע. פון דער צווייטער זײַט, פאַרפלאַכט אָבער ראָזע ליוקסעמבורג די פראַגע וועגן קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרײַונג, וועגן דער ראָליע פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַר דעם קלאַסנקאַמף. זי שרײַבט:

„אין דער הײַנטצײַטיקער פּוילן, ווו די דײַטשיש־יידיש־פּוילישע בורזשואַזיע שטעלט מיט זיך פאָר דעם סאַמע אינטערנאַציאָנאַלן און אַנטי־נאַציאָנאַלן טיפּ קאַפּיטאַליסט, ווו די אַריסטאָקראַטיע איז טיילווײַז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בורזשואַזיע און טיילווײַז האָט זי דעגראַדירט ביז צו אינטעלעקטועלן באַרבאַ־ריזם, ווו דער קליינער אַדל איז טיילווײַז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קליינביר־גערטום, טיילווײַז—זיך פּויעריזירט, ווו דאָס פּויערטום איז געבראַכט געוואָרן צו אַ שטאַפּל, וואָס ליגט נידעריקער פון קולטור־ניוואָ—אין אָט דעם פּוילן איז דער פּראָלעטאַריאַט דער איינציקער היטער פון דער נאַציאָנאַלער קולטור״.

אין דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק פון די אייגנטימערישע קלאַסן ווערט באַשטימט ניט דערשאַצט דער באַטײַט פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַר דעם קליינבירגערטום, באַזונדערס פאַר דעם רויִנירטן. דאָ אין אַ ליטעראַריש־קריטישער אַרבעט רײַסן זיך דורך יענע טענדענצן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס זײַנען ביקלאַל טיפּיש פאַר ראָזע ליוקסעמבורגס סיסטעם און וועלכע לענין האָט אַזוי אַנטשיידן באַשטריטן.

V

מיט דער שטרעבונג היסטאָריש צו פאַרשטיין דעם שרײַבער פון דער פאַרגאַנגענער עפּאָכע און אָפּשאַצן זײַן באַדײַטונג פאַרן אַרבעטער־קלאַס איז אויך דורכגעדרונגען ראָזע ליוקסעמבורגס אַרטיקל „וועגן שילערן". זי פאַר־שטייט אויסגעצייכנט, אַז שילער האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָליע אינעם רעוואָליוציאָניזירן דעם דײַטשישן אַרבעטער־קלאַס, נאָר דער דײַטשישער אַר־בעטער איז שוין אָבער איבערגעוואַקסן אָט די צײַט פון „אומקלאָרע שטרע־בונגען צו די ליכטיקע הייכן פון דעם „אידעאַלן", וואָס ער פלעגט געפינען בײַ שילערן. איצט „קען און דאַרף דער דײַטשישער אַרבעטער־קלאַס מיט דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיוויקײַט קעגנשטעלן זיך אַפילו שילערן, וואָס איז געווען אַ מעכטיקע דערשײַנונג פון דער בורזשואַזער קולטור,—אַנשטאָט

דעם, ער זאָל זיך סוביעקטיוו צעשמעלצן אין אים אָדער, ריכטיקער געזאָגט, ער זאָל אים צעשמעלצן אין זײַן אייגענער וועלטאָנשויונג״.

ראָזע ליוקסעמבורג האָט שוין דעמאָלט כויזעק געמאַכט פון די אָפּאָרטוניסטישע „קריטיקער״ פון מאַרקסן, וועלכע זײַנען שטענדיק בעסער גרייט געווען צו באַטייליקן זיך אינעם רעווידירן די „קראַנקע ערטער״ פון מאַרקסלערע, איידער צו פאַרנעמען זיך מיט ווירקלעך רעווידירן די ווולגאַרע ליבעראַלע אָפּשאַצונגען פון שילערן „לויט דעם אויסגעדראָשענעם שאַבלאָן״.

זי זאָגט, אַז שעצן שילערס אָנדענק, אַלס א רעוואָליוציאָנערן דיכטער, און ניט דיסקרעדיטירן דערבײַ די קלאַסעווע באַזונדערקײַטן און דעם קלאַסעוון כאַראַקטער פון זײַן רעוואָליוציאָנערישקײַט, ווי עס טוען די אָפּאָרטוניסטישע, רעוויזיאָניסטישע קריטיקער, „דערווײַזט שוין אַן און פאַר זיך, אַז מע קערט זיך אום פונעם פּאַרטײַפּטן און פאַרהערלעכטן קוק אָפּ דער „רעוואָליוציאָנערישקײַט״, וואָס מאַרקס האָט געשאַפן דורך זײַן טעאָריע, דעם דיאַלעקטיש־היסטאָרישן מאַטעריאַליזם,—צו יענעם פּיליסטערישן פאַרשטיין, וואָס זעט אײַן א „רעוואָליוציע״ אין יעדן פּראָטעסט קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, ד. ה. שוין גופא אינעם אויסערלעכן אויסדרוק פון פּראָטעסט, ניט געקוקט אָפּ זײַן אינערלעכער טענדענץ, אָפּ זײַן סאָציאַלן אינהאַלט״.

זי לאַכט אויס אָט די קריטיקער, וואָס זײַנען ניט אימשטאַנד צו פאַרשטיין די ווידערשפּרוכן פון שילערס שאַפונג, די ווידערשפּרוכן צווישן דעם רעוואָליוציאָנערן אידעאַליזם פון זײַנע דראַמעס און זײַן באַציונג צו דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע, און זוכן א דערקלערונג אין שילערס „אַקלימאַטיזירן זיך באַם הויף״. זי מאַכט כויזעק פון אָט דעם קלוימערשטן מאַטעריאַליזם, וואָס איז א פעלשונג פון מאַרקס מאַטעריאַליסטישן פאַרשטיין די געשיכטע.

ראָזע ליוקסעמבורג מאַכט, פּונקט ווי מערינג, קלאָר, אַז שילערס וועלטאָנשויונג און שאַפונג, מיט אַלע זײַערע ווידערשפּרוכן, זײַנען א רעזולטאַט פון דער „היסטאָרישער און סאָציאַלער אָרעמקײַט פונעם דעמאָלטיקן דײַטשלאַנד״ און ניט פון שילערס קלוימערשטער רענעגאַטישקײַט. זי דערווײַזט, אַז שילערס אַנטלויפן „פון דער סאָציאַלער אָרעמקײַט אין דעם ליכטיקן קעניגרײַך פון ריינער קונסט״ איז געווען אַרויסגערופן גראָד דורך אָט דער סאָציאַלער אָרעמקײַט. שוין אין שילערס אידעאָלאָגיע גופא האָט געשטעקט זײַן באַזונדערע סאָציאַלע אַקטועלקײַט. דער רעפאָרמיסטישער פאַריינפאַכער פאַרשטייט עס ניט, נאָר פאַר א דיאַלעקטישן מאַטעריאַליסט איז דאָס קלאָר. דעריבער איז „ביכדיי אָנצונעמען שילערן, דאַרף מען פריער פון אַלץ פאַרשטיין קאַרל מאַרקסן״, דעמאָלט וועט ווערן קלאָר, אַז די דײַטשישע סאָציאַלע אָרעמקײַט פון שילערס עפּאָכע האָט באַשטימט דעם באַגרענעצט־רעוואָליוציאָנערן כאַראַקטער פון זײַן שאַפונג.

ראָזע ליוקסעמבורג איז באַשטימט גערעכט, בײַ זי קריטיקירט די סקאַרבאָווע, ליבעראַלע פראַזעאָלאָגיע און דעם ווולגאַריזירטן מאַטעריאַליזם פון די רעוויזיאָניסטן. נאָר זי שטעלט זיך אָפּ אויף אידעאַליסטישע פּאָזיציעס, ווען זי שטרעבט צו דערקלערן א רייַ עלעמענטן אין שילערס שאַפונג מיט די אייגנשאַפטן פון „אַן עמעסן דראַמאַטורג פון מאָנומענטאַלן סטיל״ און מיטן „אין ק

טינקט פון א קינסטלער". זי רעכנט, אַז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָליוציע „וואָלט אָן סאָפעק פארכאַפּט שילערן,—דעם דראַמאַטורג, ווי א מעכטיק בילד, ווי א טיטאַנישע שלאַכט פון היסטאָרישן גײַסט, ווען ער זאָל זי קענען דער-זען אפ א מעהאַלעכ פון איינעם אָדער צוויי יאָרהונדערטן. געפירט בלויז מיטן אינסטינקט פון א קינסטלער, וואָלט ער דעמאָלט זיך באַצויגן צו איר מיט דער זעלבער היסטאָרישער גערעכטיקייט, ווי צו דער היסטאָרישער ראָליע פון פרידלענדערן אָדער ווי צום קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט בא דער שווייצארישער פויערישער דעמאָקראַטיע".

אינעם אָפּשאַצן די נאַטור פונעם קינסטלער איז ראָזע ליוקסעמבורג ארײַנגעפאַלן, אזוי ארום, אינ געפענקעניש צו דער אידעאַליסטישער ליטעראַטור־קענטעניש פון איר צײַט. ס'איז עמעס, אַז שילער איז געווען אַן „עמעסער דראַמאַטורג פון מאָנומענטאַלן סטיל", אָבער דער אינטערעס פון יעטווידן דראַמאַטורג צו מאַסן-עפעקטן אָדער צו אינטימע איבערלעבונגען, צו היסטאָריש-רעוואָליוציאָנערע שלאַכטן אָדער צו רעאַקציאָנער־היסטאָרישע סיוזשעטן—איז קלאַסעווע באַדינגט. ראָזע ליוקסעמבורג דערקלערט בעפיירעש ניט ריכטיק דעם פאַקט, אַז שילער „האָט געשעפּט זײַנע סיוזשעטן אינ די היסטאָרישע שלאַכטן ניט דערפאַר, וואָס זיי זײַנען געווען רעוואָליוציאָנער און אפ וויפל זיי זײַנען געווען רעוואָליוציאָנער, נאָר דערפאַר, וואָס זיי פארקערפּערן אינ זיך דעם טראַגישן קאָנפליקט אינ זײַן העכסטן גראַד און אקטועלקייט". די שטרעבונג פון דראַמאַטורג צו פאַר־קערפערן דעם „טראַגישן קאָנפליקט אינ זײַן העכסטן גראַד און אקטועלקייט" אומאָפּהענגיק פון דער רעוואָליוציאָנערישקייט פון אָט דעם קאָנפליקט, שטאַמט ניט פון די עפּעס באַזונדערע אייגנשאַפטן פון אַן „עמעסן דראַמאַטורג", נאָר פון דער קלאַסעווער נאַטור פון זײַן גאַנצער שאַפונג. און אויכ די מעגלעכקייט ארויסצוווײַזן „היסטאָרישע גערעכטיקייט" בענעגייע צו דער רעוואָליוציע, די מעגלעכקייט קינסטלעריש צו שילדערן זי, ווערט באַשטימט ניט דערמיט, צי איז זי אָפּגעטיילט פונעם דראַמאַטורג מיט א גענוגנדיקער צאָל יאָרהונדערטן, צי ניין,—נאָר ווידעראַמאָל טאַקע דערמיט, אפ וויפל דאָס קינסטלערישע שילדערן די רעוואָליוציע, און נאָכמער דאָס „עמעסע" שילדערן, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, דאָס אָביעקטיווע שילדערן די רעוואָליוציע, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער היסטאָרישערווירקלעכקייט — אַנטשפּרעכט די קלאַסן-אויפגאַבעס פונעם שרײַבער.

ס'איז עמעס, אַז די סיוזשעטן פון גרויסע היסטאָרישע שלאַכטן האָבן צו־געצויגן צו זיך שילערן דעריקער דערפאַר, ווײַל זיי האָבן אַנטהאַלטן אינ זיך טראַגישע קאָנפליקטן. נאָר שוינ גופע דאָס זוכן טראַגישע קאָנפליקטן, איגנאָרירנדיק דערבײַ דעם רעוואָליוציאָנערן כאַראַקטער פון די דאָזיקע קאָנפליקטן, ניט דערשאַצנדיק דערבײַ די סאָציאַלע נאַטור פון אָט די היסטאָרישע שלאַכטן, איז געווען באַדינגט ניט מיט זײַנע אייגנשאַפטן פון אַן „עמעסן דראַמאַטורג" און מיטן „אינסטינקט פון א קינסטלער", נאָר מיט דער סאָציאַלער נאַטור פון א שרײַבער פון דער אומעכטיקער דײַטשישער רעוואָליוציאָנערער קלאַסן-בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך געשראָקן פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע. די דאָזיקע סאָציאַלע נאַטור זײַנע האָט באַשטימט

זײַנ „אינסטינקט פונ א קינסטלער” אונ אלע אייגנשאפטנ פונ זײַנ מאָנומענטאלנ סטיל.

ראָזע ליוקסעמבורג האָט זיך דאָס אלץ ניט גענוג קלאָר געמאכט, טיילווײַז צוליב דעם נידעריקנ טעאָרעטישנ ניוואָ פונ ליטעראַטור־קענטעניש אונ קונסט־קענטעניש בא דער דײַטשישער סאָציִאל־דעמאָקראטיע אונ אויך צוליב דעם, וואָס זי אליינ האָט זיך מיט קיינ טעאָרעטישער ארבעט איבער קונסט-קענטעניש ספעציִעל ניט פארנומענ. אָבער נאָכמער איז עס געווענ דערפאר, וואָס זי האָט אינ אירע קריטישע ארטיקלענ געצאַלט צינז די אידעאליסטישע טענדענצנ אינ געביט פונ קונסט-קענטעניש, יענע טענדענצנ, וועלכע זײַנענ אפילע אינ די בעסטע צײַטנ פונעמ 2־טנ אינטערנאציִאָנאל געווענ אזוי שטארק צווישנ דער דײַטשישער סאָציִאל־דעמאָקראטיע. די ווירקונג פונ אָט די אידעאַליסטישע טענדענצנ האָט זיך באזונדערס אָפגערופנ אפ אירע ארטיקלענ וועגנ דער רוסישער ליטעראַטור.

## VI

פונ די פיר ארטיקלענ, וואָס זײַנענ געווידמעט דער רוסישער ליטעראַטור, זײַנענ דרײַ, ווי מיר האָבנ שוינ אויבנ אָנגעוויזנ, וועגנ ל. נ. טאָלסטויענ.

שעצנדיק זייער הויך טאָלסטויענ, דעקט ראָזע ליוקסעמבורג אופ אלע כעסרוינעס פונ זײַנ סיסטעם אונ לערע. אינ דער הינזיכט שליסנ זיך אָנ ראָזע ליוקסעמבורגס ארטיקלענ אינ א גרויסער מאָס צו וו. אי. לענינס ארבעטנ וועגנ טאָלסטויענ אונ אונטערשיידנ זיך שטארק פונ די ארטיקלענ, וואָס די מענשעוויקעס האָבנ געשריבנ אינ צוזאמענהאנג מיט טאָלסטויס טויט, כאָטש אינ די דאָזיקע ארטיקלענ האָבנ באקומענ א מער בולטנ אויסדרוק די טעאָרעטישע אונ פאָליטישע פעלערנ פונ ראָזע ליוקסעמבורג.

לענינ האָט אָבער פריִער פונ אלצ אופגעדעקט די סאָציִאל-היסטאָרישע וואָרצלענ פונ טאָלסטויס שאפונג אונ סיסטעם, ער האָט אופגעדעקט זייער ראָליע אינעמ קלאסנקאמפ, וואָס איז געגאנגענ אינ רוסלאנד צווישנ די יאָרנ 1861 אונ 1905, אונ האָט דורכ אָט דעמ קלאסנ־אנאליז געגעבנ זײַנ געניִאלע אָפשאצונג פונ טאָלסטויענ.

ראָזע ליוקסעמבורג האָט קימאט אויסגעמיטנ די פראגע וועגנ טאָלסטויס סאָציִאלע וואָרצלענ. זי גיט אָפ דער דאָזיקער פראגע בלויז עטלעכע שורעס:

„געבוירנ אונ אויסגעוואקסנ אינעמ לײַבייגנשאפטלעכנ רוסלאנד פונ ניקאָלײַ דעמ 1-טנ, האָט ער אינ די רײַפע יאָרנ זײַנע צוגעזענ, ווי ס'האָט באנקראָטירט די שוואכע ליבעראלע באוועגונג פונ די 60-ער יאָרנ, דערנאָכ:—די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג פונ דער סאָציִאליסטישער אינטעליגענצ אינ די 70-ער אונ 80-קער יאָרנ; אפ דער עלטער האָט ער איבערגעלעבט דעמ אָנהייב פונעמ פראָלעטארישנ קאמפ, אונ שוינ ניט לאנג פארנ טויט—די רעוואָליוציע” (עס רעדט זיך, פארשטייט זיך, וועגנ דער רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר—י. נ.).

ראָזע ליוקסעמבורג, דער רעוואָליוציאָנערער מארקסיסט, האָט גופע פארשטאנענ, אז די זאכ איז ניט נאָר אינ דער עפּאָכע, אינ וועלכער דער שרײַבער שאפט, נאָר אינעמ קלאס, וואָס דורכ זײַנ סאָציִאלנ וועזנ ווערט באַשטימט דעמ שרײַבערס שאפונג. זי האָט אָבער ניט אוועקגעשטעלט אונ ניט

אופגעקלערט די דאָזיקע פראַגע, וואָס עס האָט זיך, פאַרשטייט זיך, אָפּגערופן אַף איר אָפּשאַצן ל. נ. טאָלסטויען.

דאָס, וואָס ר. ליוקסעמבורג האָט ניט גענוג פאַרפינקטלעכט די קלאַסן-נאַטור פון טאָלסטויס שאַפן שטאַמט פון די אַלגעמיינע פעלערן אין דער ליטעראַרישער קריטיק פונעם 2-טן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט ניט דערשאַצט דעם פונקציאָנעלן באַטײַט פון קונסט. אין געגעבענעם פאַל איז דאָס ניט דערשאַצן דעם באַטײַט פון פויערטום פאַר טאָלסטויס שאַפן א סאַכאַקל פון דעם, וואָס ר. ליוקסעמבורג האָט קלאָר ניט דערשאַצט דעם באַטײַט פון פויערטום פאַר דער רעוואָליוציע, און דאָ שליסט זיך אָן די ליוקסעמבורג-סיסטעם טיילווײַז צום טראָצקיזם. זײַענדיק קעגן דער שטאַרק-פאַרשפּרייטער מיינונג,—וואָס איז געווען, אַגעוו, אויך די מיינונג פון פּלעכאַנאָוון—אַז טאָלסטוי דער דענקער האָט זייער שלעכט געווירקט אַף טאָלסטוי דעם קינסטלער, לייקנט ראָזע ליוקסעמבורג אינגאַנצן אָפּ, אַז ס׳איז בײַ טאָלסטויען געווען אַזאַ קאָנפליקט צווישן דעם קינסטלער און דעם שרײַבער.

דורכפירנדיק א פּאַראַלעל צווישן טאָלסטויען און איבסענען, שרײַבט זי:

„איבסען דער קינסטלער איז ניט זעלטן א קאָרבן פון די אומגעלונגענע פּרוּוון מיצאַד איבסענען—דעם דענקער, בײַ טאָלסטויען, אָבער, שוואַכט דער דענקער ניט אָפּ זײַן קינסטלערישן זשעני" („עפּיגאָנען פונעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם").

נאָכמער, ראָזע ליוקסעמבורג האַלט, אַז די אידייעס פון טאָלסטויִזם האָבן באַזונדערס געווירקט פונקט דעמאָלט, ווען טאָלסטוי האָט זיך אויסגעדריקט אין זײַנע קינסטלערישע בילדער, און ניט אין זײַנע טראַקטאַטן, וועלכע זײַנען געווען „בלאָסע דיסערטאַציעס און בריִעס וועגן רעליגיע, וועגן מאָראַל, וועגן מישפּאָכע און דערציִונג, וועגן דער אַרבעטער-פראַגע".

ראָזע ליוקסעמבורג ענדערט דאָ פּלעכאַנאָווס פאָרמולע. פּלעכאַנאָוו האָט געהאַלטן טאָלסטויען פאַר א גרויסן קינסטלער און פאַר א שלעכטן דענקער. ער האָט גערעכנט, אַז דער דענקער מאַכט א טעל פונעם קינסטלער. ראָזע ליוקסעמבורג וואַרפט אָפּ אָט די קעגנשטעלונג צווישן טאָלסטוי—דעם דענקער און דעם קינסטלער. זי זאָגט, אַז טאָלסטויס געדאַנק אַנטפּלעקט זיך מיט דער גרעסטער פולקייט און באַדײַטנדיקייט דורך די געשטאַלטן, דורך דער קינסטלערישער שאַפונג, און ווערט פאַרוואַנדלט אין א בלייכער דיסערטאַציע, ווען טאָלסטוי וואַרפט אַוועק די קינסטלערישע שאַפונג און הייבט אָן צו אַנטוויקלען זײַן געדאַנק מיט דער הילף פון סילאָגיזמען און לאָגישע באַגריפן.

ר. ליוקסעמבורג פאָרמולירט דאָ צופיל קאַטעגאָריש. די פעלערן פון דער טאָלסטוי-סיסטעם האָט געהאַט א נעגאַטיוון באַטײַט אַף דער קינסטלערישקייט פון פילע זײַנע ווערק. נאָר אין קעגנשטעלן טאָלסטויען איבסענען ליגט אַן אַנדער ריכטיקער געדאַנק: די פולקייט פון טאָלסטויס וועלטאָנשויונג, זײַן גרויסע קאָנסעקווענטקייט, זײַן טיפע איבערצײַגונג, זײַן טרײַקייט צו זײַנע אידייעס—דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו א פיל העכערער און פולקומענער איינהײַט צווישן דענקער און קינסטלער בײַ טאָלסטויען, ווי בײַ איבסענען.

טאָלסטוי האָט זיך פאַר די לעצטע 30 יאָר פון זײַן לעבן ווייניק פאַרנומען מיט קינסטלערישער שאַפונג. דאָס איז פאָרגעקומען דערפאַר, ווײַל „זײַנע

זוכענישנ און געדאנקענ האָבנ אימ געבראכט צו אזעלכע אויספירנ, אז זײַנ אייגענע קינסטלערישע שאַפונג האָט זיכ אימ אָנגעהויבנ אויסווײַזנ פאר א פוסטע שפי-לעכל". ווענ ער פלעגט זיכ אָבער אינ אָט די 30 יאָר נעמענ צו קינסטלערי-שער שאפונג, פלעגט ער אלעמאָל דערזענ, אז „ס'איז ניט פארשווונדנ געוואָרנ זײַנ ארטיסטישער זשעני און ער האָט געשאפנ הויכע מוסטערנ פונ קונסט, ניט געקוקט דערויפ, וואָס זײַנע קינסטלערישע ווערק זײַנענ געווענ דורכויס דורכגעדרונגענ מיט זײַנ סיסטעמ".

צו אָט דעמ געדאנק, וואָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרנ אינ 1908 יאָר, קערט זיכ ראָזע ליוקסעמבורג אומ אינ 1913 יאָר, בייט זי גיט אנ אָפשאצונג יענע קינסטלערישע ווערק פונ ל. נ. טאָלסטויענ, וועלכע ער האָט געשאפנ, הויפט-זאכלעכ, נאָכ זײַנ „קריזיס" און אפ וועלכע ס'איז באזונדערס געלעגנ דער שטעמפל פונ זײַנ „לערע".

אינ דעמ ארטיקל „די פארבליבענע ווערק פונ ל. נ. טאָלסטויענ" פּאָלעמי-זירט זי מיט יענע, וואָס האָבנ אָפגעטיילט טאָלסטויענ דעמ קינסטלער פונ טאָלסטויענ דעמ מאָראליסט.

„אזא צוגאנג זאָגט איידעס, אינ בעסטנ פאל, וועגנ דעמ, אז זיי פאר-שטייענ לאכלוטנ ניט טאָלסטויענ, ווײַל פאר דעמ, וואָס איז ארײַנגעדרונ-גענ אינ דער וועלט פונ זײַנע געדאנקענ, וועט אפ אייביק בלײַבנ ניט צוטריט-לעכ זײַנ קונסט אָדער, לעכאָלאָפּאָכעס, דער עמעסער קוואל אירער".

ראָזע ליוקסעמבורג גיט א הויכע אָפשאצונג אזוינע ווערק פונ ל. נ. טאָל-סטוי, ווי „דער טײַוול", „דער פאָטער סערגיי", „דער לעבעדיקער מעס", אינ וועלכע ס'איז מער פונ אלצ אנטבלויזט די אידעאָלאָגיע פונ טאָלסטוי דעמ „מאָראליסט" און וועלכע ווערנ אָפגעשאצט ווי שוואכע ווערק גראָד דערפאר, וואָס אפ זיי ליגט דער שטעמפל פונ טאָלסטויִזמ.

אָט די הויכע אָפשאצונג פונ טאָלסטויס פארבליבענע ווערק שטאמט בא ר. ליוקסעמבורג דערפונ, וואָס זי שטעלט און לייזט ריכטיק די פראגע וועגנ דער באדײַטונג פונ דער וועלטאָנשויונג פאר דער שאפונג.

זי שטרײַכט ניט איינמאָל אונטער, אז טאָלסטויס וועלטאָנשויונג איז אנ און פאר זיכ רעאקציאָנער (צו דעמ וועלנ מיר זיכ נאָכ אומקערנ) און ניט געקוקט דערויפ, האָט טאָלסטוי דערגרייכט צו אויסערגעווײנלעכע קינסטלערישע הייכנ. דאָס איז מעגלעכ געוואָרנ דערפאר, ווײַל זײַנ שאפונג איז ביז צומ סאָפ געווענ דורכגעדרונגענ מיט זײַנ וועלטאָנשויונג, און דערפאר, וואָס די דאָזיקע וועלטאָנשויונג גופע איז געווענ אנ איינהײַטלעכע, א ברייטע און אנ ערנסטע, טאָלסטוי האָט אינ איר טיפ און אופריכטיק געגלויבט. „זוכעניש איז פאר אימ ניט קיינ ליטעראַרישע באשעפטיקונג, וואָס איז לאכלוטנ ניט פארבונדנ מיט זײַנ פריוואט לעבנ, ווי בא אנדערע „עמעסזוכער" פונ דער מאָדערנער ליטעראטור: זי איז פאר אימ א פערזענלעכע פראָבלעמ, מיט וועל-כער ס'זײַנענ דורכגעדרונגענ אלע זײַנע איניאָנימ און געפילנ און וועלכע הערשט פולשטענדיק איבער זײַנ ארט לעבנ, איבער זײַנע באציִונגענ מיט דער פאמיליע און מיט די פרײַנט, איבערנ כאראקטער פונ זײַנ ארבעט און איבער זײַנ שאפונג".

דאָ שטעלט ר. ליוקסעמבורג צוויי פראגנ, וואָס האָבנ אנ אקטועלנ ווערט

פאר אונדזער ליטעראטור-קענטעניש אונ פאר דער ליטעראַרישער קריטיק. דאָס איז די פראגע וועגנ דער אזויגערופענער פאלשער אידיי, וועגנ דער ראָליע פונ דער שרייַבערישער אופריכטיקייַט אונ שעפערישער אָרנסטלעכקייַט. פאר דער קינסטלערישקייַט פונ זייַנע ווערק.

ג. וו. פּלעכאנאָוו האָט, ווי באוווסט, דערקלערט, אז א הויכ-קינסטלעריש ווערק איז ניט מעגלעכ, אויב סע איז געבויט אפ א פאלשער אידיי, אונטער וועלכער ער האָט פארשטאנענ א רעאקציאָנערע אידיי. ר. ליוקסעמבורג ווארפט אָפּ אזא ניט דיאלעקטישע, אבסטראקטע, אינ טאָכ, אידעאליסטישע שטעלונג פונ דער פראגע. זי אָנערקענט, אז דער „אָפּגעריסענער פונ דעמ היסטאָרישנ גרונט, געזעלשאפטלעכער אידעאל פונ טאָלסטויענ שוועבט אינ דער אטמאָספער פונעמ אינדיווידואליסטיש-מאָראלישנ „טכיעס-האמייסימ״, וואָס איז באפארבט מיט די אורעלט-קריסטלעכע טענער, אָדער אינ בעסטנ פאל,—אינ ז׳ער אטמאָספער פונעמ אומקלאָרנ, אגרארנ קאָמוניזמ. באמ לייזנ די פראגע, וואָס האָט אימ געמאטערט, איז טאָלסטוי דאָס גאנצע לעבנ זייַנס פארבליבנ אנ אוטאָפיסט אונ א מאָראליסט״. הייסט עס, אז זי מאכט זיכ גענוג קלאָר דעמ רעאקציאָנערנ כאראקטער פונ טאָלסטויס געזעלשאפטלעכנ אידעאל. פאר איר איז ניט ווייניקער קלאָר דער אידעאליסטישער כאראקטער פונ טאָלסטויס לערע. טאָלסטוי, זאָגט זי, איז שטענדיק געוועזנ אנ אוטאָפיסט אונ א מאָראליסט. נאָר קינסטלערישקייַט ווערט ניט באשטימט בלויז מיט דער רעאקציאָנערקייַט אָדער מיט דער פּראָגרעסיווקייַט פונעמ שרייַבער, פונקט ווי זי ווערט ניט באשטימט בלויז מיט דער נאטירלעכער קינסטלערישער באגאבטקייַט, וואָס דאָס מאכט זי קלאָר אפ די בייַשפילנ פונ יענסענענ אונ טיילווייַז פונ איבסענענ אונ ביערסאָנענ. אפ צו שאפנ הויכע קינסטלערישע ווערק דארפ מענ האָבנ אנדערע מיילעס:

„פאר דער קונסט אונ פאר איר ווירקנדיקער קראפט איז וויכטיק ניט דער סאָציאלער רעצעפּט, דאָס לייזנ א פּראָבלעמ, נאָר גופע דאָס שטעלנ זי, די טיפקייַט, די דרייסטקייַט אונ די אופריכטיקייַט באמ צוגאנג צו איר. אינ דער הינזיכט, אינ פּראָצעס פונ אופדעקנ דעמ גאנג פונ זייַנע געדאנקענ אונ פונ זייַנ אינערלעכנ קאמפּ, האָט אונדז טאָלסטוי געגעבנ דאָס העכסטע, אונ דאָס האָט אימ דערלויבט צו דערגרייכנ ביז צומ העכסטנ אויכ אינ דער קונסט. יענע אומבעראכמאָנעסדיקע ערלעכקייַט, מיט וועלכע ער האָט קריטיקירט דאָס גאנצע געזעלשאפטלעכע לעבנ אינ אלע זייַנע דערשייַנונגענ פונעמ שטאנדפּונקט פונ זייַנ אידעאל, האָט אימ געגעבנ א מעגלעכקייַט קינסטלעריש צו דערזענ אָט דאָס גאנצע לעבנ, אינ דער גאנצער פילארטיקייַט פונ זייַנע פאָרמעס אונ צווישנבאציִונגענ, אונ ווערנ, אזוי ארומ, יענער ניט-דערגרייכבארער עפּיקער, וועלכער איז אנטשטאנענ פאר אונדז אינ זייַנע רייַפע יאָרנ אינ „מילכאָמע אונ שאָלעמ״, אונ אפ דער עלטער—אינ „כאדזשי מוראט״ אונ אינ „פאלשנ קופּאָנ״.

אינ דעמ געגעבענעמ פאל, פּונקט ווי אינ אייניקע אנדערע פאלנ, שאצט איבער ראָזע ליוקסעמבורג טאָלסטויענ, ווענ זי דערקלערט, אז טאָלסטוי האָט קינסטלעריש דערזענ דאָס גאנצע לעבנ אונ די גאנצע פילארטיקייַט פונ זייַנע פאָרמעס אונ צווישנבאציִונגענ. דאָס איז אנ אופגאבע, וואָס וועט זייַנ צוטריטלעכ

בלויז א קינסטלערישנ זשעני מיט א דיִאלעקטיש-מאטעריִאליסטישער וועלט-אָנשויונג. טאָלסטוי האָט עס ניט געקענט לייזנ טאקע דערפאר, וואָס ער איז געווענ פריִער א פאטאליסטישער דעטערמיניסט, אונ דערנאָכ—א מענטש פונ קריסטלעכנ ניט-ווערנ זיכ, אונ ניט קיינ דיִאלעקטישער מאטעריִאליסט. אָבער דער דאָזיקער ר. ליוקסעמבורגס פעלער אנולירט ניט דעמ ווערט פונ איר שטעלנ די פראגע וועגנ דער באדײַטונג פונ דער שרײַבערישער עמעסדיקײַט אונ איבערצײַגטקײַט פאר דער קינסטלערישקײַט.

דער עמעס, די אופריכטיקײַט, די ערלעכקײַט פונעמ שרײַבער זײַנענ ניט קיינ קריטעריִ פונ קינסטלערישקײַט,—שרײַבער אבסאָליוט ערלעכע אונ אופ-ריכטיקע שאפנ, פונדעסטוועגנ, ניט זעלטנ זייער מיטלמעסיקע ווערק. די דאָזיקע מײַלעס זײַנענ אָבער די נייטיקסטע פאָרהאנאָכעס פאר קינסטלערישקײַט. אָנ זיי זײַנענ קיינ עמעסע קונסטווערק ניט מעגלעכ אונ קיינ שומ באטיר-לעכע באגאבטקײַט, קיינ שומ באהערשנ די ליטעראַרישע טעכניק וועט דאָ ניט העלפנ. די דאָזיקע ארויסזאָגונגענ ליוקסעמבורגס דארפנ באזונדערס פאר-געדענקענ אייניקע ניט גענוג דיִאלעקטיש אונ אָפטמאָל אפילע ניט גענוג לאָ-גיש דענקענדיקע כאווײרימ.

די אָנהענגער פונ פלעכאנאָווס טעאָריע וועגנ דער „פאלשער אידיי" דארפנ זיכ ארײַנטראכטנ אינ דעמ זינ פונ ראָזע ליוקסעמבורגס ווערטער, אז „פאר דער קונסט אונ פאר איר ווירקנדיקער קראפט איז וויכטיק ניט דער סאָציִא-לער רעצעפט, ניט דאָס לייזנ א פראָבלעמ, נאָר גופע דאָס שטעלנ זי, די טיפקײַט, דרייסטקײַט אונ אופריכטיקײַט אינעמ צוגאנג צו איר".

דער סאָציִאלער רעצעפט פונ „פאָטער סערגיי", פונ „פאלשנ קופאָנ" אונ פונ א רײ אנדערע ווערק, באזונדערס פונ טאָלסטויס „פארבליבענע" ווערק, איז א רעאקציִאָנער-אוטאָפיסטישער. זייער אידיי איז, ווי ס'האָט געזאָגט וו. אי. לענינ אונ ווי עס פארשטײט אויכ ראָזע ליוקסעמבורג,—„רעאקציִאָנער אינ סאמע פינקטלעכנ אונ אינ סאמע טיפנ זינ פונ אָט דעמ וואָרט". פונדעסט-וועגנ האָט זיכ טאָלסטוי אינ זיי אופגעהויבנ אפ א גיואלדיקער קינסטלערישער הייכ.

צי קענ מענ פונ אָט דער ליוקסעמבורגס באהויפטונג מאכנ אנ אויספיר, אז אויכ אינ אונדזערע צײַטנ קענ מענ שאפנ הויכע קונסט-שעדעווערנ, וואָס זאָלנ זײַנ דורכגעדרונגענ מיט רעאקציִאָנערע, אוטאָפיסטישע אידייענ? מיר רעכענענ, אז אזעלכע אויספירנ טאָר מענ ניט מאכנ, אונ גראָד דערפאר, ווײַל קעדיי צו שאפנ אזוינע ווערק, מוז מענ האָבנ, ווי ראָזע ליוקסעמבורג זאָגט, א ברייטע, ערנסטע אונ איינהײַטלעכע וועלטאָנשויונג, מע דארפ האָבנ דעמ שרײַבערס „אופריכטיקײַט, ערלעכקײַט אונ עמעסדיקײַט" אינ אָט דער איינ-הײַטלעכער וועלטאָנשויונג.

אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, אונ נאָכמער, בא אונדז אינ פ.ס.ס.ר., איז אומעגלעכ צו שאפנ איצט שעדעווערנ, וואָס זאָלנ זײַנ דורכגעדרונגענ מיט רעאקציִאָנערע, אוטאָפיסטישע אָדער הומאניסטיש-אידעאליסטישע סאָציִאלע רעצעפטנ. די ביז צומ סאָפ אנטבלויזטע פאלשקײַט פונעמ קאפיטאליזמ פונ די הערשנדיקע קלאסנ, די אומבאהאָלפנקײַט אונ צווייעדיקײַט פונ דער קליינ-בורזשואזיע אונ פונ דער אינטעליגענצ, וואָס האָט ליב פארשיידענערליי או-

טאָפיסטישע, אידעאַליסטישע סאָציאַלע רעצעפטן און הומאַניסטישע מאָראַליזירונג, פאַרניכטן יעטווידע מעגלעכקײַט, אַז ס'זאָל זיך אויספאָרמירן כאָטש א וויפל ניט איז באַדײַטנדיקע, כאָטש א וויפל ניט איז קאָנסעקווענטע וועלטאָנשויונג, שוין אָפגערעדט פון דער מעגלעכקײַט, אַז ס'זאָל זיך שאַפן „א ברייטע, ערנסטע און איינהײַטלעכע וועלטאָנשויונג". זיי נעמען אָפ בא די פאַבריקאַנטן פון די דאָזיקע „סאָציאַלע רעצעפטן" יעטווידע מעגלעכקײַט פון „טיפער אויפריכטיקײַט, ערלעכקײַט און עמעס" באַם זוכן מיטלען אָפ אָנצווענדן זייערע רעצעפטן; זיי מאַכן פאַר גאַנץ סאָפעקדיק זייער גלויבן אין דער ווירקונג פון זייערע סאָציאַלע פאַבריקאַטן.

דער פראָלעטאַריאַט, וואָס בויט דעם סאָציאַליזם, האָט געפונען דעם ריכטיקן סאָציאַלן רעצעפט אָפ אויסהיילן אַלע שלאַפקײַטן פון דער מענטשהײַט. אין אונדזער עפּאָכע קען נאָר די פילאָסאָפיע פונעם פראָלעטאַריאַט, דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם, געבן דעם שרײַבער די פעסטונג פון א פאַרענדיקטער אַלץ אַרומנעמענדיקער וועלטאָנשויונג. נאָר פון אָט דער איינהײַטלעכער וועלטאָנשויונג, פון דער מאַרקסיסטיש-לענינישער וועלטאָנשויונג, קען זיך אין אונדזער עפּאָכע אויסאַרבעטן פאַר שרײַבער יענע „טיפע ערנסטקײַט, ערלעכקײַט און עמעס, מיט וועלכער טאָלסטוי איז צוגעגאַנגען צו זײַנע שאַפונגען" און אָן וועלכע ס'איז ניט מעגלעך קיין שום גרויסע קונסט, ווי סע זאָל ניט זײַן „מעכטיק די קינסטלערישע באַגאַבטקײַט" פונעם שרײַבער און ווי ס'זאָל ניט זײַן אומבאַגרענעצט די מאַכט פונעם שרײַבער איבער די טעכנישע מיטלען פון דערציילן".

אָט דאָס איז דער אומפאַרמײַדלעכער אויספיר, וואָס א שרײַבער פון אונדזער צײַט דאַרף מאַכן פון ראָזע ליוקסעמבורגס ווערטער וועגן דער ראָליע פון טאָלסטויס וועלטאָנשויונג אין זײַן שאַפונג.

## VII

ראָזע ליוקסעמבורג שאַצט זייער הויך ל. נ. טאָלסטויען ניט נאָר ווי א קינסטלער, האַלטנדיק אים פאַרן „גרעסטן קינסטלער פון דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרהונדערט, ניט נאָר אין דער רוסישער, נאָר אין דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור" („ליעוו טאָלסטוי"). פונקט ווי לענין, שאַצט זי אים אויך זייער הויך, ווי א קריטיקער פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

„ס'איז ניטאָ,—שרײַבט זי—קיין איינציקער סאַנקציאָנירטער דורך דער טראַדיציע אינסטיטוט פון דער מאָדערנער סאָציאַלער אָרדענונג, וועלכן טאָלסטוי זאָל ניט דעמאַסקירן, ניט באַווײַזן זײַן פאַלשקײַט, זײַן אומזיניקײַט און אַמאָראַלישקײַט". דער קלויסטער און די מעלוכע, מילכאָמע און מיליטאַריזם, הייראַט און דערציִונג, רײַכקײַט און פוילקײַט, פיזישע און גײַסטיקע אויסשטאַרבונג פון די אַרבעטנדיקע, עקספּלואַטאַציע, אונטערדריקונג פון די פאָלק-מאַסן, די צווישנבאַציִונגען פון די געשלעכטן, די קונסט און וויסנשאַפט אין זייער מאָדערנעם אויסזען,—דאָס אַלץ נעמט טאָלסטוי אונטער אַן אומבאַראַכמאָנעסדיקער, פאַרניכטנדיקער קריטיק, וואָס אין איר גייט ער שטענדיק אַרויס פון די אַלגעמיינע אינטערעסן און פונעם קולטורעלן פראָגרעס פון די ברייטע מאַסן" („דער עפּיגאָן פונעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם").

ר. ליוקסעמבורג דעקט אופ די קראפט פונ טאָלסטויס קריטיקירנ די הערשנדיקע קלאסנ דורכ דעמ, ווי אזוי דער דײַטשישער בורזשואזער אוילעמ האָט אופגענומענ די דאָזיקע קריטיק. בײַס מע שטעלט טאָלסטויס א זאכ, „עפנט זיכ א גײַסטיקער אָפּגרונט״ צווישנ אָט דעמ אוילעמ אונ טאָלסטויען.

„אפ דער שטעלונג פונ „לעבעדיקנ מעס״,—דערציילט ר. ליוקסעמבורג,—איז דער דײַטשישער בורזשואזער אוילעמ געלאָפנ צוליב דעמ ציגײַנער-כאָר אונ צוליב דער פיקאנטער מײַסע מיטנ געט״. נאָר ער „האָט, ווײַזט אויס, ניט אָנגעהויבנ צו פארשטײנ, אז דאָס שיטנ זיכ אפ אימ טאקע די פעטש פונ דער סצענע, ווו די אָנשטענדיקע כאָשעווודיקע געזעלשאפט ווערט געשילדערט אינ דער גאנצער אינערלעכער אָרעמקײַט אירער, אינ איר באגרענעצטקײַט אונ קאלטנ עגאָיזמ״ („טאָלסטויס פארבליבענע ווערק״).

דאָ, אינעמ אָפּשאצנ טאָלסטויס קינסטלערישנ זשעני אונ זײַנ קריטיק פונ די הערשנדיקע קלאסנ, דערנעענטערט זיכ ר. ליוקסעמבורג ווידעראמאָל צו לענינענ, אונ דעריבער טאקע פארמאכט זי אפ קיינ איינ רגע ניט די אויגנ,—ניט געקוקט דערופ, וואָס זי שאצט זייער הויכ טאָלסטויענ אלס קינסטלער אונ אלס דעמאסקירער פונ די אייגנטימערישע קלאסנ,—אפ דעמ רעאקציאָנערנ כאראקטער פונ זײַנע אידייעס.

„די רעאקציאָנערע באפארבונג פונ טאָלסטויס אידייִשער ריכטונג איז קלאָר אפילע נאָר בא אנ אויבערפלעכלעכנ באקענענ זיכ מיט אימ״ („דער עפּיגאָנ פונ אוטאָפּיסטישנ סאָציאליזמ״).

זי שטרײַכט אונטער, אז דאָס אזוי גערופענע קריסטנטומ פונ טאָלסטויענ אונטערשיידט זיכ זייער טיפ פונ דער אָפּיציעלער קלויסטער-רעליגיע. ניט געקוקט דערופ, האלט זי, אז „די אָפּאָזיציע קעגנ דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג באקומט א רעאקציאָנערע באפארבונג, ווענ זי דריקט זיכ אויס אינ מיסטישע פאָרמעס״.

אינעמ ארטיקל „ליעוו טאָלסטוי״, וואָס איז אָנגעשריבנ נאָכנ טויט פונעמ שרײַבער, שטרײַכט זי נאָכאמאָל אונטער, אָנמערקנדיק דעמ אונטערשייד צווישנ „טאָלסטויס קריסטנטומ אונ דער אָפיציעלער קירכע״: „נאָר פונדעסטוועגנ טרעט אינ טאָלסטויס „קריסטיאנישער לערע״ בוילעט ארויס א רעאקציאָנערער שטריכ״. זי מאכט קלאָר, אז „אָט דער רעאקציאָנערער שטריכ איז אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ מיטנ איקערדיקנ שוואכנ פונקט אינ טאָלסטויס גאנצנ סאָציאלנ אנאליז. ער האָט פארשאָלטנ די מאָדערנע געזעלשאפט פונעמ שטאנדפונקט פונ מאָראל, יושער, ליבע צומ פאָלק, אונ האָט דערבײַ ניט פארשטאנענ די סאָציאלע פארהעלטענישנ פונ אָט דער געזעלשאפט, פונ וועלכע עס דרינגענ אומפארמײַדלעכ ארויס אויכ די געזעלשאפטלעכע מיטלענ אפ צו פארווירקלעכנ דעמ סאָציאליזמ דורכנ קלאסנקאמפ״.

טאָלסטוי האָט זיכ, אזוי ארומ, אָפּגעקערעוועט פונעמ איינציקנ אויסוועג, וואָס עס ווײַזט אימ אָנ דער ארבעטער-קלאס. ניט געקוקט דערופ, וואָס זײַנ סאָציאלע קריטיק שטעלט אימ „אינ די רייענ פונ סאָציאליזמ, אינ די רייענ פונעמ רומפולנ אוואנגארד פונ די גרויסע מויכעס, וועלכע באלײַכטנ דעמ מאָדערנעמ פראָלעטאריאט זײַנ היסטאָרישנ באפרײַערישנ וועג... איז קיינער ניט

געוועזן אזוי ווײַט פון פארשטיין די מאָדערנע ארבעטער-באוועגונג פון איר אידייִשן אינהאלט, ווי ליעוו טאָלסטוי („ליעוו טאָלסטוי"?).

ראָזע ליוקסעמבורג אנטוויקלט אַ שארפע קריטיק פון די מעטאָדן, מיט וועלכע טאָלסטוי האָפט צו פארווירקלעכן זײַן אידעאַל. זי דעקט אוף די אָרעמ-קײַט פון זײַנע מאָטיוון קעגן דער ארבעטער-באוועגונג און די אידעאַליסטישע וואָרצלען פון זײַן קריטיקירן דעם פראָלעטאריאט.

זי שאַצט אָבער אביסל איבער די באדײַטונג פון טאָלסטויס קריטישער רעאַליע, זי האָט א נייגונג צונויפצומישן זײַן קריטיק פון די הערשנדיקע קלאסן מיט דער פראָלעטארישער קריטיק. זי איז גענייגט איבערצושאַצן דעם סאָציאַ-ליסטישן כאראקטער פון זײַן אידעאַל און זי פארפינקטלעכט ניט אין קיין גע-וואגנדיקער מאָס דעם אונטערשייד צווישן טאָלסטויס סאָציאַליזם ניט נאָר מיט דעם פראָלעטארישן סאָציאַליזם, נאָר אפילו מיטן סאָציאַליזם פון פוריע און סען-סימאָן.

אזוי, לעמאָשל, אינעם ארטיקל „דער עפיגאָן פון אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם" איז, כאָטש זי באמערקט אין אָנהייב ארטיקל, אז „טאָלסטוי איז ניט קיין מאָ-דערנער סאָציאַליסט, ער האָט ניט באנומען און ניט פארשטאנען די מאָדערנע ארבעטער-באוועגונג", דאָך רעזומירט זי איר איבערגעבן טאָלסטויס אָנשויונ-גען מיט א קאטעגאָרישער דערקלערונג: „אזוי ארום איז טאָלסטויס סאָציאַלער אידעאַל — סאָציאַליזם".

זי האלט, אז טאָלסטוי איז געווען קעגן סאָציאַליזם, אלס א פּאָליטישע באוועגונג, מיט אנדערע ווערטער, — קעגן די פראָלעטארישע מעטאָדן פון קאמף פארן סאָציאַליזם, נאָר ער איז אָבער געווען פאר סאָציאַליזם, אלס אַן אידעאַל, אלס א געווונטשענע פאָרמע פון אײַנאָרדענען די געזעלשאפט.

ווי-זשע זײַנען געווען יענע סאָציאַלע סיבעס, וואָס האָבן ניט געלאָזט טאָלסטויען צו באנעמען און פארשטיין די מאָדערנע ארבעטער-באוועגונג, האָבן אים ניט געלאָזט ווערן קיין פראָלעטארישער סאָציאַליסט?

ר. ליוקסעמבורג, ווי מיר האָבן שוין געהאט אָנגעוויזן, ענטפערט: טאָלסטוי „איז אויסגעוואקסן און רײַף געוואָרן נאָך אין דעם פריִערדיקן לײַבייגנטי-מערישן רוסלאנד פון ניקאָלײַ דעם 1־טן, ווו ס'איז נאָך ניט געווען די מאָ-דערנע ארבעטער-באוועגונג". ווײַטער, האָט ער צוגעזען דעם קראַך פון דער ליבעראלער באוועגונג פון די 60-קער יאָרן און פון דער פּאָלקיסטישער בא-וועגונג (נאראָדניקעס) פון די 70-קער און 80-קער יאָרן. שוין גאָר אפ דער עלטער האָט ער דערזען די מעכטיקע פראָלעטארישע באוועגונג. ס'איז קיין כידעש ניט, דעריבער, וואָס פאר טאָלסטויען עקזיסטירן גאָר ניט דער מאָ-דערנער פראָלעטאריאט מיט זײַן לעבן און מיט זײַנע שטרעבונגען, וואָס דאָס „פאָלק" איז פאר אים געווען און געבליבן בלויז דער פויער, און ניט דער מאָדערנער, נאָר דער פריִערדיקער, דער טיף-גלויבנדיקער און שטארק-לײַדנדי-דיקער פויער, וואָס לעבט נאָך א „שטיקעלע ערד", וואָס טרוימט נאָך וועגן דעם, ווי אזוי צו באקומען וואָס א גרעסער שטיקל ערד.

דאָ האָט ראָזע ליוקסעמבורג פארפינקטלעכט די פראגע וועגן דעם, ווער איז דער פויער, וואָס טאָלסטויס סיסטעם דריקט אויס זײַנע שטרעבונגען. די דאָ-זיקע סיסטעם איז פארבונדן ניט מיט די שטרעבונגען פונעם מאָדערנעם רע-

וואָליוציאָנערן פויערטום, נאָר פונ דעמ „פריערדיקנ, טיפ-גלויבנדיקנ אונ פאסיוו-ליידנדיקנ פויער".

נאָר באוויזנדיק, ווי טאָלסטוי האָט אָפּגעשפּיגלט „די שוואכקייטנ פונ דער רוסישער רעוואָליוציע", האָט זי ניט באוויזנ, וויאזוי ער האָט אָפּגעשפּיגלט די קראפט פונ דער רעוואָליוציע, דעמ פראָטעסט פונ מיליאָנענ פויערטומ קעגנ קאפּיטאליזמ, וויאזוי, בלייבנדיק אפ די פּאָזיציעס פונ פאטריארכאלנ פויער, האָט ער דאָכ אויסגעדריקט דעמ פויערס טיפע סאָציאלע אומצופרידנהייט מיט די הערשנדיקע קלאסנ אונ מיט דער עקזיסטירנדיקער סאָציאלער אָרדענונג.

אָבער דאָ, ווי מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ, פעלט דער אנאליז פונ דער קלאסנבאדינגטקייט פונ טאָלסטויס קריזיס. די זאכ באשטייט אינ דעמ, וואָס טאָלסטוי איז געוואָרנ דער אידעאָלאָג אונ דער אויסדריקער פונ די שטרעבונגענ פונעמ פאטריארכאלנ פויערטומ אינ רעזולטאט פונ קריזיס פונעמ פעאָדאלנ אדל.

נאָר ראָזע ליוקסעמבורג, ניט נאָר וואָס זי דיסקאָנטירט ניט די גאנצע באדייטונג, וואָס דאָס פויערטומ האָט געהאט פאר טאָלסטויס שאפונג, זי לאָזט נאָכ ארויס פונ אויג, אז טאָלסטוי איז געוואָרנ דער אידעאָלאָג אונ אויסדריקער פונ פאטריארכאלנ פויערטומ אינ רעזולטאט פונ קריזיס פונעמ פאטריארכאלנ אדל. אינ דעמ פאטריארכאל-פויערישנ שטייגער האָט טאָלסטוי איינגעזענ דאָס קלענסטע בייז נאָכנ אומקומענ פונעמ פעאָדאלנ רוסלאנד. אונ טאקע דערפאר האָט ער ניט דורכגעמאכט צוזאמענ מיטנ פויערטומ דעמ וועג פונעמ פאטריארכאלנ באוווסטזיינ ביז צומ רעוואָליוציאָנערנ באוווסטזיינ. ער האָט ניט געשטויסנ דאָס פויערטומ פונ קאראטייעוונ צו „פּאָטיאָמקינענ", נאָר, פארקערט, ער האָט גערופנ צוריק—פונ „פּאָטיאָמקינענ" צו קאראטייעוונ. דאָס האָט באשטימט די באזונדערקייט פונ טאָלסטויס קריטיקירנ די הערשנדיקע קלאסנ, אינ אונטערשייד פונ דער פּראָלעטארישער קריטיק, וואָס ראָזע ליוקסעמבורג אקצענטירט עס ניט אינ קיינ גענוגנדיקער מאָס. „די קריטיק פונ די מאָדערנע אָרדענונגענ אונטערשיידנ זיכ בא טאָלסטויען פונ דער קריטיק פונ די זעלבע אָרדענונגענ בא די פאָרשטייער פונ דער מאָדערנער ארבעטער-באוועגונג גראָד דערמיט, וואָס טאָלסטוי שטייט אפנ שטאנדפונקט פונעמ פאטריארכאלנ נאיוונ פויערטומ" (לענינ).

נאָר דאָס אונטערשיידט אויכ זייער טיפ טאָלסטויס סאָציאליזמ פונעמ פּראָלעטארישנ סאָציאליזמ. טאָלסטויס סאָציאליזמ כאראקטעריזירט לענינ אלס א פעאָדאלנ סאָציאליזמ. לענינ האָט דערקלערט, אז „אינ אלע לענדער מיט א קאפּיטאליסטישנ אויפנ פונ פּראָדוקציע איז פאראנ א סאָציאליזמ, וועלכער דריקט אויס די אידעאָלאָגיע פונעמ קלאס, וואָס גייט פארבייטנ די בורזשואזיע, אונ א סאָציאליזמ, וועלכער אנטשפּרעכט דער אידעאָלאָגיע פונ יענע קלאסנ, וואָס די בורזשואזיע גייט זיי צו פארבייטנ". דאָס איז דער פעאָדאלער סאָציאליזמ. אונ דאָס איז געווענ טאָלסטויס סאָציאליזמ, דעריבער איז זיינ סאָציאליזמ אינ טאָכ — א רעאקציאָנערער אונ אונטערשיידט זיכ שטארק פונעמ פּראָלעטארישנ סאָציאליזמ.

אָט דעמ גרונטלעכנ אונטערשייד צווישנ דער פּראָלעטארישער קריטיק פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט אונ טאָלסטויס קריטיק, אָט דעמ אונטערשייד

צווישן פּראָלעטארישן סאָציאַליזם און טאָלסטויס סאָציאַליזם האָט ר. ליוקסעמ־בורג ניט גענוג אונטערגעשטראָכן און אופגעדעקט.

דער פעאָדאַלער סאָציאַליזם פון טאָלסטויען איז זייער ווײַט פון עם אוטאָ־פּיסטישן סאָציאַליזם, און דעריבער איז ניט ריכטיק זיי צו דערנעענטערן, ווי עס טוט ר. ליוקסעמבורג.

לענין האָט אָנגעוויזן, אז טאָלסטויס סאָציאַליזם איז געווען א סאָציאַליזם פון די קלאסן, וואָס די בורזשואזיע גייט זיי צו פארבײַטן, מיט אנדערע ווער־טער — פון די קלאסן, וואָס בילדן די פעאָדאַלע געזעלשאפט — די געזעלשאפט פונעם אדל און פונעם פאטריאַרכאלן פויערטום. אינדערצײַט, ווען פוריעס און סען־סימאָנס סאָציאַליזם איז געווען דער סאָציאַליזם פון יענע קלאסן, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט און אויסגעפורעמט אין דער בורזשוער געזעלשאפט, פון יענע קלאסן, וואָס דער קריזיס זייערער איז געוואָרן אלץ טיפער, אדאנק דעם, וואָס ס'האָבן זיך פארשטארקט די ווידערשפרוכן פון דער בורזשואזער געזעלשאפט; דאָס איז געווען דער סאָציאַליזם פון יענע קלאסן, וואָס זײַנען ניט פייִיק געווען אראָפּצוווארפן אָט די בורזשואזע געזעלשאפט, נאָר וואָס זײַנען געווען מער רעוואָליוציאָנער, ווי די בורזשואזיע גופא.

דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם איז געווען א דערשײַנונג א פּראָגרעסיווע, ער האָט צוגעגרייט דעם אָנקום פונעם וויסנשאפטלעכן סאָציאַליזם, אין דער צײַט, ווען טאָלסטויס „סאָציאַליזם", ריכטיקער געזאָגט, די אזוי גערופענע לערע פון טאָלסטויען, איז געווען א רעאקציאָנערע לערע, וואָס האָט שווערער גע־מאכט צו רעוואָליוציאָניזירן די פּראָלעטארישע און אפילע די פויערים־מאסן.

אופדעקנדיק דעם רעאקציאָנערן כאראקטער פון טאָלסטויס „קריסטנטום", בעמענדיק אונטער א רעוואָליוציאָנערער קריטיק זײַן אידעאליזם און זײַנע מע־טאָדן פון קאמף מיט די הערשנדיקע קלאסן, האָט ראָזע ליוקסעמבורג ניט גע־נוג אופגעדעקט דעם אונטערשייד צווישן דער פּראָלעטארישער קריטיק פון דער בורזשואזער געזעלשאפט און טאָלסטויס קריטיק, און די טיפע אנטאָגאָ־ניסטישקײַט פון טאָלסטויס „סאָציאַליזם" מיטן פּראָלעטארישן סאָציאַליזם.

אָט דאָס טיילווײַזע איבערשאצן טאָלסטויען ווײַזט זיך, אגעוו, ארויס אויך אינעם כאראקטעריזירן טאָלסטויס אָנשויונגען אפ קונסט.

ר. ליוקסעמבורג ווײַזט ריכטיק אָן, אז „ווער עס וויל ווירקלעך ארײַנ־דרינגען אינעם סאָציאַלן טאָך און אין דער טיפעניש פון טאָלסטויס געדאנקען און אָנשויונגען, דער דארף זיך ווענדן ניט אזוי צו זײַנע ארבעטן איבער פּאָ־ליטישע און עקאָנאָמישע פראגעס, ווי צו זײַנע ארטיקלען וועגן קונסט" („דער עפּיגאָן פון אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם"). זי מאכט זיך ניט קלאָר, אז טאָלסטויס אזויגערופענער אָפּזאָגן זיך פון קונסט און זײַן קעגנשטעלן די „פאָלק"־קונסט — דער קונסט פון גרויסע מײַסטערס, זײַנע „קריסטלעכע" מײַסעלעך — קעגן „מיל־כאָמע און שאָלעם" — איז געווען בלויז איינע פון די פּאָרמעס פון אומקערן זיך צוריק צום „פעאָדאַלן סאָציאַליזם", צו די פּאָרשטעלונגען פונעם נאַיוון פּאטריאַרכאַלן פויערטום. ר. ליוקסעמבורג האָט ריכטיק אָנגעוויזן אפן ניט־היסטאָרישן כאראקטער פון טאָלסטויס אָפּשאצן די קלאסישע קונסט. זי ווארפט אָפּ זײַן ניהיליזם בענגייע דער דאָזיקער קונסט. זי מאכט אָבער ניט קלאָר אפ וויפל טאָלסטויס קריטיק פון דער בורזשואזער קונסט פאלט ניט צונויף מיט דעם

פּראָלעטארישנ קריטיקירנ די דאָזיקע קונסט. דער פּראָלעטאריאט זאָגט זיכ ניט אָפּ, אזוי ווי טאָלסטוי, פונ דער קונסט פונ דער פארגאנגענהײַט, ער ווארפט ניט ארויס די דאָזיקע קונסט, נאָר ער שטרעבט קריטיש זי צו יארשענענ אונ פאריײגענענ. פּונקט אזוי ווי דער אידעאל פונ דער פּראָלעטארישער קונסט איז ניט דער פאָלק-פּרימיטיוו, אונ דער מעטאָד פונ דער פּראָלעטארישער קונסט איז ניט דער מעטאָד פונ טאָלסטויס מײַסעלעכ, ניט דער מעטאָד פונ „אלײאָשע גאָרשאָק”.

ר. ליוקסעמבורג קלערט אויכ ניט גענוגנדיק אוּפּ, אז די פּראָלעטארישע קריטיק פונ דער יערידע-קונסט פאלט ווײַט ניט צונויפּ מיט טאָלסטויס קריטיקירנ די דאָזיקע קונסט.

צופיל פארכאפּט מיט טאָלסטויס קריטיק פונ דער בורזשואזער קונסט אונ מיט זײַנ אײַנשטעלנ זיכ פארי דער פאָלק-קונסט, האָט ראָזע ליוקסעמבורג ניט געפּרווט זיכ קלאָר צו מאכנ דעמ אונטערשייד צווישנ טאָלסטויס „פאָלק”-קונסט אונ דער פּראָלעטארישער קונסט, זי האָט ניט קריטיש אופגענומענ דערבײַ אייניקע טאָלסטויס ארגומענטנ אינ דער קריטיק פונ דער קונסט.

זי ציטירט טאָלסטויס פאָלגנדיקע געדאנקענ אונ סאָלידאריזירט זיכ מיט זיי:

„נאָר באם באדינג פונ אָנגעשטרענגטער מי פונ די ארבעטער קענענ די ספּעציאַליסטנ-שרײַבער, מוזיקער, טענצער, אקטיאָרנ דערגיינ צו אזא ראפינירטער מאדרייגע פונ פארפולקומטקײַט, צו וועלכער זיי דערגייענ אונ קענענ פּראָדוצירנ זייערע ראפינירטע קונסטווערק. באפרײַט די קנעכט פונעמ קאפּיטאל — אונ מע וועט מער ניט קענענ פּראָדוצירנ אזא ראפינירטע קונסט”, („דער עפּיגאָנ פונ אוטאָפּיסטישנ סאָציאַליזמ”).

דאָ פאלנ בא טאָלסטויענ צונויפּ ריכטיקע געדאנקענ מיט אבסאָליוט ניט-ריכטיקע. די ראפינירטע ווערק פונ דער מאָדערניסטישער, יערידישער שטיק-קונסט זײַנענ אינ דערווירקלעכקײַט פּראָדוקטנ פונעמ קלאסעווונ אונטערגאנג, מע דארפ זיי ניט האָבנ אינ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, זיי זײַנענ פרעמד אונדזער פּראָלעטארישער ליטעראטור. נאָר אינ דעמ, וואָס ר. ליוקסעמבורג האָט געזאָגט, איז פאראנ נאָכ אנ אנדער געדאנק. דאָס שאפנ אזא ראפינירטע קונסט איז מעגלעכ נאָר דערפאר, ווײַל די שרײַבער, די מוזיקער אונ די קינסטלער גיבנ אָפּ זייער גאנצע צײַט נאָר דער קונסט. זיי דארפנ ניט ארבעטנ אינ דער אינדוסטריע, אינ פעלד, אלצ, וואָס זיי דארפנ האָבנ, באקומענ זיי דורכ דער מי פונ די ארבעטער אונ פּויערימ. אז די קינסטלער וועלנ דארפנ, באגלײַכ מיט אלע ארבעטנדיקע, זיכ באטײליקנ אינ דער פּראָדוקציע, אינעמ באקומענ עקזיסטענצ-מיטלענ, וועלנ זיי קיינ צײַט ניט האָבנ צו „דערגיינ צו יענער ראפינירטער מאדרייגע פונ פאופולקומטקײַט, צו וועלכער זיי דערגייענ”.

אפּ דעמ דאָזיקנ געדאנק פירט זי ארופּ טאָלסטוי. דער פּראָלעטארישער קינסטלער, וואָס שאפט פּראָלעטארישע קונסט טוט פּונקט אזא געזעלשאפטלעכ-נוצלעכע ארבעט, ווי דער מעטאליסט אָדער דער ערדארבעטער. דער פּראָלעטארישער קינסטלער איז ניט מעכויעוו צו טיילנ זײַנ צײַט צווישנ דעמ קינסטלער-ווארשטאט אונ דעמ פאבריק-ווארשטאט. ווי באוווּסט, האָט וו. אַי. לענינ געהאלטנ

פאַר א פאַרבערגנ אָפּצוויַיַסנ מ. גאָרקינ פונ זײַנע גרויסע קינסטלערישע אַר-בעטנ צוליב עפּעס קליינינקע ציַיטונג־אַרבעטנ.

ר. ליוקסעמבורג איז געווענ ווײַט פונ טאָלסטויס פאַריינפאַכנ אונ פונ זײַנ ניהיליזם בענעגייע צו קונסט-שאַפונג, זי האָט ניט געקענט לייקענענ, אז דער קינסטלער האָט רעכט אָפּצוגעבנ זײַנ גאַנצע אַרבעטצײַט נאָר דער קינסטלע-רישער שאַפונג. די דאָזיקע פראַגע, דוכט זיך אונדז, איז געווענ דיקטירט בא ר. ליוקסעמבורג דורכ דעמ קאַמף קעגנ דעם, וואָס די סאָציאַליסטישע אינטע-ליגענצ איז צופיל פאַרכאַפּט געוואָרנ פונ דער מאָדערניסטישער ליטעראַטור. אונ זי האָט דערביַי אויסגענוצט טאָלסטויען, ווי א מיטל פאַר דעמ דאָזיקנ קאַמפּ.

## VIII

ר. ליוקסעמבורגס לעצטער אַרטיקל וועגנ ליטעראַטור „די נעשאָמע פונ דער רוסישער ליטעראַטור" איז אָנגעשריבנ, ווי מיר האָבנ שוינ געזאָגט, אלס א פאָרעדע צו דער דײַטשישער איבערזעצונג פונ וו. נ. קאָראָלענקאָס „גע-שיכטע פונ מײַנעמ א ציַיט-מענטש". דער דאָזיקער אַרטיקל האָט אינ אלגעמיינ געדאַרפט באַקאַנט מאַכנ דעמ דורכשניטלעכנ דײַטשישנ לייענער מיט דער רו-סישער ליטעראַטור. דער געזעלשאַפטלעכער זינ פונ דעמ דאָזיקנ אַרטיקל איז פאַר ר. ליוקסעמבורג באַשטאַנענע אינעמ קעגנשטעלנ די אידייִשקײַט פונ דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור, איר בירגערלעכקײַט — דער אידייענלאָזיקײַט, דעמ עסטעטיזם פונ דער מאָדערנער מײַרעווודיקער בורזשואַזער ליטעראַטור. דעריבער, בייס זי מאַכט אַנ איבערזיכט פונ די צענטראַלע פיגורנ אינ דער רוסישער ליטעראַטור, פונ די גרונט-מאָטיווּנ אונ סיוזשעטנ פונ דער דאָזיקער ליטעראַטור, דעקט זי ניט אופ טאָלסטויס קלאַסנ-וואָרצלענ אונ אונטערשיידט אים ניט פונ דאָסטאָיעווסקינ, פונ סאַלטיקאָוו־שטשעדרינענ, אָדער פונ גאָנטשאַ-ראָוונ אונ אָסטראָווסקינ, צי פונ טשעכאָוונ אָדער קאָראָלענקאָנ. אונ טאַקע אינ דעמ, וואָס סע פעלט בא איר דער קלאַסעווער אַנאַליז אָדער אפילע די קלאַ-סעווע דעפיניציע פונ די שרײַבער, וואָס זי דערמאָנט, אינ דעמ, וואָס סע פעלט בא איר די סאָציאַלע דיפערענציאַציע פונ דער רוסישער ליטעראַטור,—איז דער גרונט-כיסאָרנ פונ ר. ליוקסעמבורגס לעצטער אַרבעט, אונ דאָס זעצט שטאַרק אַראָפּ דעמ ווערט פונ דער אַרבעט.

ר. ליוקסעמבורג שטרעבט צו דערווײַזנ, וויאַזוי די רוסישע ליטעראַטור, וועלכע האָט זיך צעבליט אינ 19-טנ יאָרהונדערט אונטער דער ווירקונג פונ דעמ, וואָס סע האָט זיך אַנטוויקלט דער קאַפּיטאַליזם אונ אינ רוסלאַנד האָבנ אָנגעהויבנ אַרײַנדרינגענ די מײַרעווודיקע אידייעס,—וויאַזוי די דאָזיקע ליטעראַ-טור איז אויסגעוואַקסנ דעריקער פונ דער אָפּאָזיציע צומ הערשנדיקנ רעזשים, פונעמ קאַמפּ-גײַסט. דער קאַמפּ מיטנ לײַבייגנטום, אונ ביקלאַל מיט דער זעלבסט-הערשונג, האָט דערצויגנ אינ דער ליטעראַטור א געפיל פונ גרויסער סאָציאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט. זי איז דורכגעדרונגענ געוואָרנ, — ווי עס זאָגט ר. ליוק-סעמבורג, — מיט סאָציאַלנ מיטגעפיל. די אויסשליסלעכע סאָציאַלע ראַליע פונ דער ליטעראַטור אינ רוסלאַנד האָט אויסגעשמידט איר וועלטאָנשויונג-כאַראַקטער.

און טאקע „אָט די וועלטאַנשויונג האָט אזוי אויסערגעוויינלעך אויסגעשליפן דעם איידל-וויבערירנדיקן סאָציאַלן געוויסן פון דער רוסישער ליטעראטור“.

פון דער באַזונדערס באַדייטנדיקער סאָציאַלער ראָליע פון דער רוסישער ליטעראטור דווינגט ראָזע ליוקסעמבורג ארויס דעם באַזונדערן כאראקטער פון דער דאָזיקער ליטעראטור און דעקט אוף זייער דיפע אירע איינגנשאפטן.

זי לאכט פון די, וואָס זיצן אין מײַרעוו און שטעלן זיך פאָר די רוסישע ליטעראטור, ווי א „טענדענציעזע קונסט אין גראָבן זין אָדער ווי א דונערדיקער טרומייט פון פרײַהײַט, ווי אַן אויסשליסלעכע שילדערונג פון „אָרעמע מענטשן“. זי וואָרנט, אז מע טאָר ניט „האלטן אלע רוסישע שרײַבער פאר רעוואָליוציאָנערן, אָדער, לעכאָלאפאָכעס, פאר פראָגרעסיסטן“. די רוסישע ליטעראטור ווייס פון געגוג רעאקציאָנערע שרײַבער, נאָר די שאפונג פון די דאָזיקע שרײַבער, — מיינט זי — האָט געהאט א באַזונדער באַדײַטונג.

„דאָסטאָיעווסקי איז, לעכאָלאפאָכעס, אין זײַנע שפעטערדיקע ווערק, — אַן אויסגעשפראָכענער רעאקציאָנער, א פרומער מיסטיקער און פײַנטהאָבער פון סאָציאַליסטן. זײַנע שילדערן די רוסישע רעוואָליוציאָנערן שטעלט מיט זיך פאָר א בייזע קאריקאטור. טאָלסטויס מיסטישע נאָטאציעס שטעלן מיט זיך פאָר, אמווייניקסטן, — רעאקציאָנערע טענדענצן“. נאָר אין זייער שאפונג הערשט „ברייטע הומאניטעט און טיפער געפיל פון פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דעם סאָציאַלן אומרעכט“. זיי זײַנען ניט רעאקציאָנער לויט זייער אויסגאנג-פונקט, אף וויפל ס'איז זיי פרעמד דער קאסטע-עגאָיזם, דער סאָציאַלער האס. זיי זײַנע אָבער רעאקציאָנער לויט די אויסוועגן, וואָס זיי לייגן פאָר פארן קאמף מיט דעם סאָציאַלן אומרעכט.

פונקט אף אזא אופן באַצייכנט ראָזע ליוקסעמבורג די אייגנשאפטן פון טשעכאָוון און אנדרייעוון. טשעכאָוו איז א קולטורניק. אנדרייעוו איז א דעקאדענט. נאָר טשעכאָווס קולטור-טרעגערײַ ווייס ניט פון דער „זאטער פיליסטערישקײַט און ווולגאַרקײַט פון די פראנצויזישע אָדער דײַטשישע שרײַבער, וואָס שילדערן דעם גאָלדענעם מיטן“. די דאָזיקע קולטור-טרעגערײַ איז בא אים דורכגעדרונגען „מיט יוגנטלעך-ברענענדיקן דראנג צו קולטור“. אנדרייעווס דעקאדענטישקײַט ווייס ניט פון דעם עגאָיזם, פון דער קולטור-איבערגעזעטיקטקײַט פון באָדלערן אָדער ד'אנונציאָ“. בא אנדרייעוון שטאמט זײַן האָפנונגלאָזיקײַט פון א נעשאָמע, וואָס איז געדריקט פון פײַן און פון די שטיקנדיקע סאָציאַלע באַדינגונגען“.

פונקט אין אזא מאָס אונטערשיידט זיך די רוסישע סאטירע פון דער מײַרעווידיקער, באַזונדערס פון דער דײַטשישער. אין דער דײַטשישער „נאָך-מארט-ליטעראטור איז קיין סאטירע פון הויכן סטיל קימאט ניטאָ“. אין דער צײַט, ווען אין דער רוסישער ליטעראטור שפילט זי נאָך אלץ אַן אויסשליסלעכע ראָליע. אָפּשטעלנדיק זיך אף דער רוסישער סאטירע, גיט דאָ ר. ליוקסעמבורג ייער א וויכטיקע מעטאָדאָלאָגישע אָנווײַזונג וועגן סאטירע. זי שרײַבט: „דעם אופבלי פון דער סאטירישער ליטעראטור אין ענגלאנד פארבינדט מען אָפט מיט דער אלטער פּאָליטישער פרײַהײַט אין ענגלאנד און דערמיט דערקלערט מען זי“. נאָר די סאטירע, זאָגט זי, הענגט אָפּ „ניט אזוי פון דער מעלוכישער אָרדענונג“, ד. ה. ניט דערפון, וואָס ס'זײַנען דאָ פּאָליטישע פרײַהײַטן,

וועלכע גיבנ דעמ סאַטיריקער אַ מעגלעכקייַט צו דרוקנ זיכ, ווי „פונ דעמ גייַסט פונ דער ליטעראַטור, ניט אַזוי פונ די אינסטיטוציעס, ווי פונ די אָנשוין־גענ פונ די אָנפירנדיקע שיכטנ אינ דער געזעלשאַפט". זייער אַ ריכטיקע באַמערקונג. פראַנקרייַכ פונ 18-טנ יאָרהונדערט, רוסלאַנד פונ 19-טנ יאָרהונדערט, האָבנ געהאַט אַ באַזונדערנ אויפבלי פונ דער סאַטירע, ניט געקוקט דערויפ, וואָס זיי האָבנ ניט געהאַט קיינ פּאָליטישע פרייַהייַטנ. ווייַל די סאַטירע וואַקסט ווייניקער פונ אַלצ מיט דער דערגרויבעניש פונ דער מאַכט אונ זי צעבליט זיכ אָפטער פונ אַלצ דאָרט, ווו פאַר דער ליטעראַטור פונ אַ באַשטימטנ קלאַס שטייט די נויטווענדיקייַט צו פאַרניכטנ די מאַכט אָדער ביקלאַל בייַצוקומענ יענע שטערונגענ, וואָס שטייענ אַפּנ וועג דער אַנטוויקלונג פונ די פּאָליטישע אונ סאָציאַלע טענדענצנ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קלאַס.

דאָס וואָס בא ראָזע ליוקסעמבורג פעלט דער קלאַסנוועער אַנאַליז, די קלאַסווע אייַנשטעלונג אינעמ אָפּשאַצנ באַזונדערע דערשייַנונגענ פונ דער רוסישער ליטעראַטור, מאַכט פאַר זייער שטרייַטבאַר אונ פעלערהאַפט אַ גאַנצע ריי פונ אירע אַרויסזאָגונגענ.

זי גייט זיכ מאָמענטנווייַז צונויפ מיט דער רוסישער אידעאַליסטישער קריטיק אינ איר אַקצענטירנ די ליבע צו פרייַהייַט אונ דעמ הומאַניזמ פונ דער גאַנצער רוסישער ליטעראַטור. באַשטימט פעלערהאַפט איז איר קעגנשטעלנ טאָלסטויס אונ באַזונדערס דאָסטאָיעווסקיס אויסגאַנג-פּונקט קעגנ יענעמ אויסוועג פונ די סאָציאַלע ווידערשפּרוכנ, וועלכנ די דאָזיקע שרייַבער האָבנ אָנגעמערקט.

דאָס אַלצ פאַרמינערט אינ אַ גרויסער מאָס די באַדייַטונג פונ אָט דער ר. ליוקסעמבורגס אַרבעט אונ צווינגט זייער קריטיש צו באַציִענ זיכ צו איר.

די דאָזיקע אַרבעט איז אינטערעסאַנט פאַר אונדז מיט אירע דינע, טיפע באַמערקונגענ וועגנ באַזונדערע דערשייַנונגענ פונ דער רוסישער ליטעראַטור, וועגנ איר אַלגעמיינעמ כאַראַקטער. כוץ דעמ איז דער אַרטיקל, לויט זייַנ סטיל, לויט דער שפּאַנענדיקייַט פונעמ שרייַבנ, לויטנ טעמפּעראַמענט, — אַ מוסטער פונ ליטעראַרישער קריטיק, פּונקט אַזוי ווי איר איבערזעצנ* אונ די מעטאָדיק פונ ר. ליוקסעמבורגס אַרבעטנ איבער אַנ איבערזעצונג שטעלנ מיט זיכ פאָר אַנ אויסשליסלעכנ ווערט.

אַסאַכ ר. ליוקסעמבורגס האַנאָכעס אונ אַרויסזאָגונגענ, אַז מע קוקט אַפּ זיי פונ די הייכנ פונעמ לעניניש עטאַפּ אינ דער ליטעראַטור־קענטעניש, זייַנענ שטרייַטבאַר, ניט גענוג פּינקטלעכ פאָרמולירט, אונ אייניקע האַנאָכעס אונ אָפּשאַצונגענ זייַנענ אַפילע אינגאַנצנ ניט ריכטיק. באַזונדערס באַציט זיכ עס צומ אַרטיקל „די נעשאָמע פונ דער רוסישער ליטעראַטור", אינ וועלכנ עס זייַנענ פאַראַנ באַדייַטנדיקע עלעמענטנ פונ אידעאַליזמ. די כעסרוינעס פונ ר. ליוקסעמבורגס אַרבעטנ איבער ליטעראַטור דערקלערנ זיכ, ערשטנס, דערמיט, וואָס זי איז ניט געווענ קיינ ספּעציאַליסט אינ די פראַגעס פונ מעטאָדאָלאָגיע אונ געשיכטע פונ ליטעראַטור, אונ, צווייטנס, — אונ דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, —

* מע דאַרפ, אַגעוו, אָנווייַזנ, אַז ראָזע ליוקסעמבורג האָט זייער גרויסע פאַרדינסטנ אינ היינזיכט פונ איבערזעצנ די רוסישע אונ פּוילישע רעוואָליוציאָנערע לידער אינ דייַטש.

דערמיט, וואָס דאָס טעאָרעטישע פֿאַנאַנדעראַרבעטן פּראַגעס פֿון ליטעראַטור איז שטענדיק געווען זייער פֿאַרנאַכלעסיקט בא די טעאָרעטיקער פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, בא וועמעס מיטאַרבעטערשאַפֿט זי האָט זיך אויסגעבילדעט אַלס שרײַבערן. און דאָ שליסן זיך צונויף די כעסרוינעס פֿון ר. ליוקסעמבורגס ליטעראַריש-היסטאָרישע אַרבעטן מיט די אַלגעמיינע טענדענצן פֿונעם ליוקסעמבורגיִאַניזם. עלעמענטן פֿון ליוקסעמבורגיִאַניזם פֿילן זיך אין איר אַרטיקל וועגן מיצקעוויטשן, ווו ס׳איז פֿאַראַן אַ געוויסער ניהיליזם צו דער נאַציִאָנאַלער פּראָבלעם און צו נאַציִאָנאַלער קולטור. די עלעמענטן פֿון אידעאַליזם, די ניט גענוגנדיקע קלאָרקײַט פֿונעם קלאַסעוון אַנאַליז שטאַמען, אָן ספֿק, פֿון דער ניט גענוג פֿאַרשאַרפֿטער באַציִונג צום צענטריזם פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן גאַנצן ליוקסעמבורגיִאַניזם. אָבער ניט אָט די כעסרוינעס זײַנען די דאָמינירנדיקע אין אירע ליטעראַרישע אַרבעטן. אין גרונט איז עס אַרבעטן פֿון אַ רעוואָלוציִאָנערן קעמפֿער -- אַ מאַרקסיסט. דעריבער בלײַבן אויך בענעגייע ר. ליוקסעמבורג — דעם ליטעראַרישן קריטיקער ריכטיק לעבנס ווערטער וועגן איר, אַז „ניט געקוקט אַף אירע פֿעלערן, איז זי געווען און בלײַבט אַן אָדלער... און אירע ווערק וועלן זײַן אַ זייער נוצלעכע לעקציע אַף צו דערציִען אַסאַך דורעס קאָמוניסטן פֿון דער גאַנצער וועלט“.

ר. ליוקסעמבורגס אויטאָריטעט קען ברענגען דערצו, אַז אירע פֿעלערן זאָלן פּרווון אויסנוצן פֿאַרשיידענע מענשעוויסטישע און אידעאַליסטישע „הײַנער“ פֿון ליטעראַטור-קענטעניש. דעריבער טאָר מען ניט פֿאַרשווײַגן, נאָר מע דאַרף אויפֿדעקן די דאָזיקע פֿעלערן, קריטיקירן זיי, אָבער די ליניע פֿון אָט דער קריטיק דאַרף זײַן: קעמפֿן ניט אַזוי קעגן די פֿעלערן פֿון ר. ליוקסעמבורג, וואָס אירע אָנשויונגען זײַנען געווען אַ וועג צום באָלשעוויזם, ווי קעגן אויסנוצן ליוקסעמבורגס פֿעלערן אַלס אַ שטאַפּל פֿאַר דער באַוועגונג צוריק אין די רייען פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע“ (וו. קנאָרין, „די אויפֿגאַבעס פֿון דער מאַרקס-לענינישער וויסנשאַפֿט איבער דער געשיכטע פֿון מײַרעוו“. „באָלשעוויק“, 1931, נומ. 11, ז. 79).

ל. צארט

# טראָצקיס ליטעראטור־מעטאָדאָלאָגיע

## ערשטער קאפּיטל

### I

אינ ארסענאל פונ די דערפאָלגנ, וואָס די מארקסיסטיש־לענינישע ליטעראטור-וויסנשאפט האָט דערגרייכט פאר די לעצטע יאָרנ אינ איר קאמפ קעגנ אלערליי בורזשואזע, מענשעוויסטישע אונ רעכט-אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס אינ געביט פונ ליטעראטור-קענטעניש, וועט דער זיג איבער דעם קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ טראָצקיזמ באשטימט פארנעמענ איינעמ פונ די אָנגעזעענסטע ערטער. ס׳איז גענוג צו דערמאָנענ יענע גרויסע ארבעט פונ אונדזער קריטיק אינ צוזאמענהאנג מיטנ בריוו פונ כ׳ סטאלינ אינ רעדאקציע „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא“, וועלכער האָט אראָפּגעריסנ די מאסקע פונ ניט איינ פארבאהאלטענעמ טראָצקיסט, פונ ניט איינ טראָצקיסטישנ קאָנטראבאנדיסט. אינ שײַנ פונ כ׳ סטאלינס בריוו איז באזונדערס קלאָר געוואָרנ, ווי וואכזאמ ס׳איז אונדזער פארטייִשע קריטיק, ווי מאָביליזירט זי איז קעגנ אלערליי קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אונ אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס.

גלײַכצײַטיק מוז מענ אָבער אונטערשטרײַכנ, אז אויב מיר האָבנ א ריי דערגרייכונגענ אינ זינ פונ אופדעקנ אונ צעשמעטערנ א ריי טראָצקיסטישע ליטעראטור-טעאָריעס (די בורזשואזי-הומאניסטישע טעאָריע פונ „פּערעוואָל“, זײַ פארשיידענע אידעאליסטישע, מעכאניסטישע אונ אנד. טעאָריעס פונ וואָראָנסקינ, גאָרבאָוונ, גאָרבאטשאָוונ אונ אנד.), איז נאָכ אדהײַעמ ניט גענוג געטאָנ געוואָרנ, קעדיי אופצודעקנ אלע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טעאָריעס פונ דעם „לערער“ גופע—פונ טראָצקינ.

דעם ציל, וואָס מיר שטעלנ זיכ אינ אונדזער ארבעט, איז אזא: פּרוּוונ אָנמערקנ אינ א מער פאראלגעמיינערטער פאָרמע טראָצקיס ליטעראטור-*מעטאָדאָלאָגיע*. אלס א מאטעריאל פאר אזא אנאליז האָבנ מיר אויסגעטיילט צוויי קרײַזנ פּראָבלעמעס, וואָס פארנעמענ דעם צענטראלנ אָרט אינ זײַנע ליטערארישע ארבעטנ. דאָס זײַנענ: א) פּראָבלעמעס, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיטנ פּראָצעס פונ קינסטלערישנ שאפנ, ווי באציִונג צווישנ באוווסטזײַנ אונ אונטערבאוווסטזײַנ; אידעאָלאָגיע אונ פּסיכאָלאָגיע; קלאסעווע צילגעווענדטקײַט אונ סטיכייִשקײַט; ליטעראטור אונ ווירקלעכקײַט; פאָרמע אונ אינהאלט; ב) פּראָבלעמעס, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט טראָצקיס שטעלונג צו דער קול-

טור-רעוואָליוציע; ליטעראַטור און קונסט אינעם איבערגאַנג-פּעריאָד; די ראָליע פון פאַרשיידענע קלאַסן אינעם פּראָצעס פון שאַפן ליטעראַטור-ווערטן; די ראָליע פון דער אינטעליגענץ; פּראָבלעם פון מיטלויפעריי.

עס איז אָבער נייטיק, איידער מיר וועלן זיך פאַרנעמען מיט אונדזער דירעקטער טעמע, אָנצומערקן כאָטש סכעמאַטיש אייניקע אַלגעמיינע שטריכן פון טראָצקין אַלס מעטאָדאָלאָג.

א פולקומע כאַראַקטעריסטיק פון טראָצקיס מעטאָדאָלאָגיע געפינען מיר בא לענינען. אין אַלע שטרייטן, וואָס לענין האָט געפירט מיט טראָצקין, דעקט ער שטענדיק אויף צוגלייך מיט דעם מענשעוויסטיש-אָפּאָרטוניסטישן כאַראַקטער פון אַלע טראָצקיס קאָנצעפּציעס, אויך זייער ניט שטאַנדהאַפטיקייט און אומבאַ-האַלפנקייט אין טעאָרעטישן זין. פון לענינס באַזונדערע אַרויסטרעטונגען וועגן טראָצקין האָבן מיר א מעגלעכקייט אויפצושטעלן דאָס בילד פון טראָצקין אַלס מעטאָדאָלאָג. פאַר אונדז ווערט פריִער פאַר אַלץ קלאָר, אז דער דאָזיקער „העלד פון פראַזע", וועלכער קליידט זיינע אָפּאָרטוניסטישע און קאָנטר-רע-וואָליוציאָנערע טעאָריעס אין „מאַרקסיסטישע קליידער", איז אין געביט פון טעאָריע א פולקומער און פאַרענדיקטער בורזשואַזער א י ד ע א ל י ס ט-מ ע ט א-פ י ז י ק ע ר. פאַר טראָצקין איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש זיין אייביקער שטרעבן אונטערצופיאָגן די פילזייטיקע ווירקלעכקייט אונטער א י י נ ע ר א וועל-כער עס איז קאַטעגאָריע: אָדער-אָדער—דאָס איז די איינציקע מאָס, מיט וועלכער ער גייט צו צו אַלע לעבנ-דערשיינונגען. טראָצקי איגנאָרירט שטענדיק דאָס איינצלנע און היסטאָרישע און שטעלט אַרויס נאָר דאָס „אַלגעמיינע", וואָס דאַרף באַשטעטיקן זיינע טעזיס, זיינע קאַטעגאָריע. די קאַטעגאָריעס, מיט וועלכע ער אָפּערירט, זיינען, אַזוי אָרעם, אויסגעליידיקט פון א וועלכן עס איז קאָנקרעטן אינהאַלט און זיינען דעריבער אַבסטראַקט און טויט. יאָגנדיק זיך, ווי יעדער מעטאַפיזיקער, נאָך „ריינינטשקע קאַטעגאָריעס", פאַרזעט ער דאָס פּאַקטישע לעבן, וואָס איז פיל רייכער און אינהאַלטפולער פון דער אָדער יענער אויסגעטראַכטער קאַטעגאָריע.

די דאָזיקע אָפּשאַצונג פון טראָצקין גייט דורך מאַמעש ווי א רויטער פאָדעם אין אַלע שטרייטן, וואָס לענין האָט געפירט מיט טראָצקין. אומעטום זעען מיר, וויאַזוי לענין דעקט אויף די ניט-לעבנפייִקייט, סכעמאַטישקייט און סכאָלאַסטישקייט פון טראָצקיס אַלע קאָנצעפּציעס. די טעמע פון אונדזער אַרבעט גיט אונדז ניט קיין מעגלעכקייט צו איליוסטרירן עס מיט ברייטע געשיכטלעכע עקסקורסן, וואָס זאָלן באַווייזן, וויאַזוי לענין שאַצט אָפּ טראָצקין אַלס טעאָ-רעטיקער אין יעדן עטאַפּ פון פּאָליטישן קאַמף, און מיר וועלן זיך מוזן באַנו-גענען נאָר מיט אייניקע לענינס ד י ר ע ק ט ע אַרויסזאָגונגען וועגן דער דאָזי-קער פראַגע.

בייס דער דיסקוסיע וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט לענין, ווי באַוווּסט, געגעבן א כאַראַקטעריסטיק פון בוכאַרינען און טראָצקין אַלס מעטאָ-דאָלאָגן. אפן ביישפיל פון דער באַרימט-געוואָרענער „גלאָז מיט וואַסער" האָט ער טראָצקין געגעבן אַזאַ כאַראַקטעריסטיק:

„טראָצקיס פעלער: א י נ ז י י ט י ק י י ט, ד אָ ס פ אַ ר כ אַ פ ן ז י ך, ג ו ז מ ע ד י ק י י ט, א ק ש אָ נ ע ס.

טראָצקיס פֿלאַטפֿאָרמע באַשטייט אין דעם, אַז אַ גלאָז איז אַן אינ-סטרומענט אַף טרינקען, אין דער צײַט, ווען בײַ דער דאָזיקער גלאָז, לאָזט זיך אויס, איז ניטאָ קיין דעק"... („Еще раз о профсоюзах", т. XXVI, стр. 139).

קורץ און שאַרף: איינזײַטיקייט,—פֿון איין זײַט, באַדנלאָזיקייט פֿון אַלע קאָנצעפּציעס,—פֿון דער אַנדער זײַט... אַזאַ איז דער אויסזען פֿון טראָצקיס אַלע מענשעוויסטישע טעאָריעס. די דאָזיקע מוסטערהאַפֿטע אָפּשאַצונג ווערט באַשטעטיקט מאַמעש אַף יעדן שריט און טריט, אַף יעדער איינער פֿון טראָצקיס קאָנצעפּציעס. אָנווענדנדיק די דאָזיקע גלענצנדיקע לעניניסטישע אָפּשאַ-צונג צו טראָצקיס באַזונדערע אַרבעטן, קומט מען צו אַזעלכע אויספֿירן וועגן טראָצקין אַלס מעטאָדאָלאָג: 1) טראָצקי, פּונקט ווי אַלע מענשעוויקעס, זעט קיינמאָל ניט די קעגנזעצלעכע איינהײַטן פֿון פֿאַרשיידענע „פֿאַקטאָרן", נאָר טיילט זיי קינסטלעך פֿאַנאַנדער אין באַזונדערע קעסטעלעך; 2) ווי אַלע „אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן" פֿון מענשעוויסטישן כיידער, בוקט ער זיך מאַ-מעש פֿאַר דעם „עקאָנאָמישן פֿאַקטער" און פֿאַרשמירט—אָדער וואַרפֿט אינגאַנצן אַרויס—דעם אַזוי-גערופֿענעם „סוביעקטיוון פֿאַקטער": די באַזיניקטע און באַוווסטזי-ניקע ראָליע פֿון דעם מענטשן, פֿון קלאַס און פּאַרטיי; 3) אָפֿטמאָל, פֿאַרקערט, גיט ער מיטאַמאָל אַ שפּרונג פֿון דעם דאָזיקן מעכאַניסטישן מאַטעריאַליזם אין אַן אַנדער זײַט—אין זײַט פֿון סוביעקטיוון אידעאַליזם—דאַן ווערן אַלע אָביעקטיווע סאָציאַל-עקאָנאָמישע פֿאַרבאַדינגונגען און פֿאַקטאָרן אָפּגעוואָרפֿן, און אָנשטאָט זיי קומט די אומבאַגרענעצטע מעלוכע פֿון דעם העלדישן יאָכיד, וואָס טוט „ניסים וועניפֿלאָעס".

די דאָזיקע אייביקע וואַקלעניש צווישן מעכאַניסטישן מאַטעריאַליזם, פֿון איין זײַט, און „ריינסטער" פֿאָרמע פֿון וואָליונטאַריזם—פֿון דער אַנדער זײַט-גיט אין לעצטן סאַכאַקל אַזאַ עקוויוואַלענט: סטיכיישקײַט, גײַזעלשאַפֿטלעכער פֿאַטאַליזם און אַוואַנטיוריזם אין געביט פֿון פּאָליטיק; עקלעקטיזם, וואָס איז דערפֿירט ביז אַ „פּרינציפּ", אין געביט פֿון טעאָריע...

אָט די דאָזיקע אַלע שטריכן פֿון טראָצקיס מעטאָדאָלאָגיע וועלן געפֿינען זייער פֿולקומע „מאַטעריעלע פֿאַרקערפּערונג" אויך אין אַלע זײַנע אַרבעטן וועגן ליטעראַטור.

II

אונדזער איבערזיכט איבער טראָצקיס ליטעראַטור-מעטאָדאָלאָגיע וועלן מיר אָנהויבן פֿון דער פֿראַגע וועגן מעהוס פֿון קינסטלערישן שאַפֿן,—אַ פֿראַגע, וואָס האָט אין אַלע ליטעראַרישע דיסקוסיעס פֿאַר די לעצטע יאָרן פֿאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט,—און ווי טראָצקי האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן אַלס פֿאַרענדיקטער, הונדערטפּראָצענטיקער אידעאַליסט. טראָצקי האָט אַלץ, וואָס די אידעאַליסטישע פֿילאָסאָפֿיע האָט אַרויסגעזאָגט וועגן די אַלע פֿראַגעס, רעפּראָדוצירט אין זײַנע טעאָריעס אין דער פֿולסטער מאָס: מיר געפֿינען בײַ אים אַ פֿולקומען אײַנרײַס צווישן באַוווסטזײַן און אונטערבאַוווסטזײַן, צווישן שפּירונג און דענקען; מיר האָבן דאָ אינטויִטיוויזם, אַלס יעסאָד פֿון שעפֿערישן פּראָצעס; מיר טרעפֿן דאָ אַן עמעסן ליוב-געזאַנג דעם אומבאַוווסטזיניקן און סטיכיישן און אַז. וו.

טראָצקי אליין, פארשטייט זיך, פארמאסקירט עס מיט „מארקסיסטישע" פראזעס און סטארעט זיך אלעמאָל מאכן אַן אָנשטעל, אז ער קעמפט מיט פארשיידענע אידעאליסטן און עקלעקטיקער (ער פארמאָגט אפילע אין זיין ארסענאל גאנץ „שטארקע ווערטער" קעגן זיי), אָבער זיינע אייגענע טעאָריעס קערן אים שטענדיק אום מיט פראַצענטן די אלע באשולדיקונגען, וואָס ער מאכט אנדערע.

ווי נאָר טראָצקי פרוווט שטעלן פראגעס פון קונסט, אזוי דערפילט זיך זיין „ברייטע נאטור" שמאָל אין די ראמען פון מארקסיזם און ער סטארעט זיך מיט אלע קויכעס „צונויפקאָמפאניען" דעם מארקסיזם מיט „נאָך עפּעס וואָס".

אָפּטוענדיק איינמאָל אזא „אָפּעראציע", איז ער געקומען צו זיין באַרימטן טעזיס, אַז „די מעטאָדן פון קונסט זיינען ניט די מעטאָדן פון מארקסיזם" ...דער דאָזיקער געדאנק, וואָס איז דאָ אויסגעדריקט אזוי לאקאָניש, איז יאָרנלאנג דורך אים פארברייטערט און פארפיינערט געוואָרן און אָנשטאָט דער דאָזיקער קורצער פאָרמולע, וואָס איז אויסגעדריקט אין א פאָרמע פון נעגאציע, קומען שוין פיל אנדערע, וואָס ריידן וועגן דעם, צו וואָס טויג יע דער מארקסיסטישער מעטאָד ביקלאל און צי מע קאָן אים אָנווענדן צו ליטעראטור ביפראט.

אלזאָ, צו וואָס טויג יע דער מארקסיזם? טראָצקי באהויפּט שטענדיק, אז דער מארקסיסטישער מעטאָד קאָן אָנגעווענדט ווערן נאָר צו איין געביט פון טעאָריע,—צום געביט פון געזעלשאפטלעכע וויסנשאפטן; אלע איבעריקע וויסנשאפטן פאָדערן א דערגאנצונג דורך אנדערע מעטאָדן. „דער פּראָלעטאריאט, זאָגט טראָצקי, האָט געפונען אין מארקסיזם זיין מעטאָד ניט מיטאמאָל און ביז היינטיקן טאָג—נאָך ניט אינגאנצן. דער דאָזיקער מעטאָד דינט הויפּטזאכלעך איצט פאר פּאָליטישע (אונטערגעשטראָכן דורך טראָצקין) צילן" („Пролет. культура и пролет. искусство",* стр. 150).

און ווען מיר ווילן וויסן, פארוואָס טויג ניט דער מארקסיסטישער מעטאָד, אשטייגער, אין אזא געביט, ווי קונסט, דערקלערט אונדז טראָצקי, אז דאָס איז דערפאר, וואָס מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט זייער אַן איידעלן געביט, מיט אזא מאטעריאל, וואָס פאָדערט, מע זאָל צו אים צוגיין מיט זיינע אייגענע מיטלען:

„...בלויז מיט די פּרינציפּן פון מארקסיזם קען מען קיינמאָל ניט אורטיילן, צי דארף איך אָפּוואַרפן אָדער אָננעמען די קונסטווערק. וועגן פּראָדוקטן פון קינסטלערישער שאפונג דארף מען אורטיילן אין דער ערשטער ריי לויט זייערע אייגענע געזעצן, ד. ה. לויט די געזעצן פון קונסט" („Формальная школа в поэзии и марксизм", стр. 135).

דאָס גרעסטע, זאָגט ער ווייטער, וואס דער מארקסיזם קען יאָ אופטאָן—איז דערקלערן, פארוואָס די אָדער יענע עפּאָכע שטעלט ארויס א פאָדערונג אף דער אָדער יענער פאָרמע. וואָס איז שייך אָבער דער פאָרמע גופא (איר אנטשטייונג, פונקציע א. ד. גל.)—דאָ איז דער מארקסיזם שוואך, סיידן

* אלע ציטאטעס פון טראָצקין, וואָס וועלן ספּעציעל ניט אָפּגעמערקט ווערן, זיינען גענומען פון זיין זאמלונג „Литература и революция", אויסגאבע פון 1924 יאָר.

עפשער, טרייסט אונדז טראָצקי, באמ סאָציאליזמ וועט דער מארקסיזמ ווערנ די איינציקע אונ אלזײַטיקע געווער פונ דערקענענ די וועלט. דערווײַל אָבער מוז מענ, ווי געזאָגט, צונויפפּאָרנ דעמ מארקסיזמ מיט „נאָכ וואָס". מיט וואָס? — דאָס איז שוינ גראָד ניט קיינ זאָרג: קנאפ „מאָדערנע" טעאָריעס זײַנענ פא-ראנ אפ דער וועלט!... אָט איז פאראנ, אשטייגער, פריידס בורזשואזע פסיכאָ־אנאליטישע טעאָריע, אָט זײַנענ פאראנ פּראָפעסער פאוולאָווס רעפלעקסיאָלאָגישע טעאָריעס, וועלכע גייענ, לויט טראָצקינ, „אינגאנצנ לויט דער ליניע פונ מארק-סיזמ" א. א. וו. א. וו.

אונ דאָס אופעמענ אינגאנצנ די אויספירנ פונ פאוולאָווס אונ פריידס טעאָריעס זײַנענ באשטימט נאטירלעכ פאר טראָצקנ אונ קענענ טאקע ניט ארויסרופנ קיינ שומ פארווונדערונג. טראָצקיס מאטעריאליזמ, ווי געזאָגט, האָט קיינ שומ גאמיינזאמעס ניט מיטנ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ. זײַנ מאטעריא-ליזמ (ווּ ער איז פאראנ) איז א ריינ מעכאניסטישער אונ אלס אזא איז טראָצקי א גרויסער אָנהענגער פונ דער רעדוציר־טעאָריע, אונ ווער גיט נאָכ אזא מעג-לעכקײַט צו דערפירנ דאָס גאנצע מענטשלעכע לעבנ צו באזונדערע געזעצנ פונ פיזיק אונ כעמיע, ווי די דאָזיקע צוויי שולנ?

„פאוולאָווס רעפלעקסיאָלאָגיע, שרײַבט טראָצקי, גייט אפ די וועגנ פונ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ... דער איינפאכסטער רעפלעקס איז פי-זיאָלאָגיש, אונ די סיסטעמ פונ רעפלעקסנ גיט „באוווסטזײַנ"... פאראל-געמיינערונגענ ווערנ דעראָבערט טראָט נאָכ טראָט: פונ דער שפּײַעכצ פונ א הונט — צו פּאָעזיע, ד. ה, צו איר פסיכאָלאָגישער מעכאניק אָבער ניט צו איר געזעלשאפטלעכנ אינהאלט, דערבײַ אָבער זעט מענ נאָכ ניט ארויס די וועגנ פונ דער פּאָעזיע" (זשורנאל „Новый Мир", נומ. 1, 1927 י.).

כאָטש ניט איבעריקס קלאָר אויסגעדריקט, כאָטש עס ווערט אויכ געזאָגט, אז דערווײַל איז נאָכ שווער אָנצוטאפּנ דעמ וועג פונ רעפלעקסיאָלאָגיע צו פּאָע־זיע, אָבער פּרינציפּיעל לייקנט טראָצקי אזא מעגלעכקײַט ניט אָפּ. אונ דאָס זאָגט ער טאקע ארויס מער בולעט אונ קלאָר אינ א צווייטנ אָרט:

„דאָס לעבנ פונעמ מענטשנ אינ געזעלשאפט שטעלט מיט זיכ פאָר אינעמ לעצטנ סאכאקל א קאָמבינאציע פונ כעמישע פּראָצעסנ. פונ דער אנדער זײַט, באשטייט די געזעלשאפט פונ מענטשלעכע אינדיווידומענ, באַ וועמענ דער פסיכישער מעכאניזמ פאלט פאנאנדער אפ א סיסטעמ פונ רעפלעקסנ" (רעדע אפנ צוזאמענפאָר פונ די כעמיקער אינ 1926 י.)

אלזאָ, א באקאנט לידל פונ מעכאניסטישנ כיידער — אלצ קענ מענ דערפירנ צומ איינפאכסטנ, אלצ איז א סומע פונ מעכאנישע עלעמענטנ, די גאנצע מענטשלעכע געזעלשאפט איז „א קאָמבינאציע פונ כעמישע פּראָצעסנ"... לאָמיר באטראכטנ, וועגנ וואָס עס האנדלט זיכ דאָ. צי לייקנט דער מארקסיזמ אָפּ אבסאָליוט דעמ מאָמענט פונ גייענ פונעמ מער קאָמפּליצירטנ צומ מער איינפאכנ? — בעשומויפנ ניט. די מארקסיסטישע דיאלעקטיק באטראכט עס אָבער אלס איי־נעמ פונ די מאָמענטנ אונ עטאפּנ פונ וויסנשאפטלעכער דערקענטעניש, ווײַל פאנאנדערלייגנ דאָס קאָמפּליצירטע אפ איינפאכע אונ ברענגענ דאָס העכערע צומ מער נידעריקנ, הייסט נאָכ טאָנ א האלבע ארבעט — אפנ סמאכ פונ דעמ

איינצלנעמ אונ נידעריקנ מוז מענ דערנאָכ איבערגיינ צומ אלגעמיינעמ, נאָר קאָנקרעטנ אונ היסטאָרישנ, וואָס איז שוינ באַרייַכערט מיט א נייַער קוואַליטעט. אונ דער מעכאַניסט?—ער לייגט פאנאנדער דעמ פּראָצעס אפ זייַנע באשטאנדטיילנ, דערפירט אימ צומ איינפאכסטנ אונ דערמיט באנוגנט ער זיכ... אָבער דאַנ הערט עס אופ צו זייַנ א מאָמענט פונ דערקענטיש אונ ווערט פארוואנדלט אינ פארקריפּלונג פונ דער ווירקלעכקייַט.

ענגעלס ווייַזט אָנ, אז די דאָזיקע שטרעמונג צו רעדוקציע איז באזונדערס כאראקטעריסטיש פאר די נאטור-פאָרשער, אסאכ פונ וועלכע דערפירנ, אשטייגער, יעדע פאָרמע פונ באוועגונג צו דער איינפאכער מעכאנישער באוועגונג, „פארשמירנדיק דערמיט דעמ ספּעציפישנ כאראקטער פונ די איבעריקע פאָרמעס פונ באוועגונג” (Энгельс, „Диалектика природы“, стр. 16).

פארשטייט זיכ, גיט צו ענגעלס, דער מארקסיזמ לייקנט ניט אָפּ, אז יעדע פאָרמע פונ העכערער באוועגונג איז פארבונדנ מיט דער מעכאנישער באוועגונג, פּונקט, אשטייגער, ווי דער אָרגאנישער לעבנ איז פארבונדנ מיט דער מעכאנישער באוועגונג, עלעקטרישע אונ אנד. ענדערונגענ, „נאָר די דאָזיקע זייַטיקע פאָרמעס, זאָגט ענגעלס, שעפּנ ניט אויס דעמ טאָכ פונ דער הויפּט-פאָרמע בא יעדנ פאל. מיר וועלנ אָנ שומ ספק ווענ ס'איז „דערפירנ” אפ אנ עקספּערימענטאלנ אופנ דאָס דענקענ צו מאָלעקולארע אונ כעמישע באוועגונגענ, נאָר צי ווערט דערמיט אויסגעשעפּט דער מעהוס פונ דענקענ?” (דאָרט).

ענגעלס, אלזאָ, האלט, אז אויסשליסלעכ מיט כעמישע אונ פיזיאָלאָגישע מיטלענ וועלנ מיר דאָס דענקענ ניט דערקלערנ. גאָר בא אנ אנדער מיינונג, ווי מיר האָבנ געזענ, האלט זיכ דער „מארקסיסט” טראָצקי: קיינע „העכערע אונ נידעריקערע פאָרמעס”, קיינע דיאלעקטישע איבערגאנגענ צווישנ זיי וויל ער ניט אָנערקענענ: דאָס מענטשלעכע דענקענ אונ אופירונג דערקלערנ זיכ גאנצ „פּאָשעט” — דורכ כעמיש-פיזיאָלאָגישע פּראָצעסנ, — אונ דער מענטש דארפ, אלזאָ, אבסאָליוט ניט באטראכט ווערנ, ווי א פּראָדוקט פונ א סאָציאַלער סוויווע, נאָר ווי א פאָרשטייער פונ דער אָרגאנישער וועלט, וועלכער שטעלט מיט זיכ פאָר „אינעמ לעצטנ סאכאקל א קאָמבינאציע פונ כעמישע פּראָצעסנ”...

אונ נאָכ אָט וואָס: ניט נאָר די „פּסיכאָלאָגישע מעכאניק” פונ אינדיווידומ קענ מענ דערקלערנ מיט דער הילפ פונ אזעלכע, אזוי צו זאָגנ, רעדוקציע-שולנ, ווי פרייַדיזמ אונ רעפלעקסיאָלאָגיע, טראָצקי פאדזיכערט, אז מיט דער הילפ פונ דידאָזיקע שולנ, קענ מענ אפילע דערקלערנ די געפילנ אונ שטימונגענ פונ די מאסנ... עס באקומט זיכ, אלזאָ, בעעמעס ניט נאָר „פּאָשעט”, נאָר אפילע זייער „באקוועמ”: צוליב וואָס „מאטערנ זיכ” אונ דערלערנענ די עקאָנאָמישע אונ סאָציאלע צווישנבאציִונגענ פונ מענטשנ, צוליב וואָס פארנעמענ זיכ מיט אזא „ניט אָנגענעמענ” איניענ ווי קלאסנקאמפ א. אז. וו., אז אלצ מיט אנ אנדער קאָנ מענ אינ לעצטנ סאכאקל דערפירנ—צו שפּייַעכצ...

וויאזוי טראָצקי רעאליזירט די אויסגעשפּראָכענע אידעאליסטישע אויספירנ פונ דער פּסיכאָ-אנאליטישער שול, וויאזוי ער נעמט אופ אפּאָלאָגעטיש פּאוולאָווס ווערק פאר אונדז קלאָר ווערנ, ווענ מיר וועלנ זיכ גענויער באקאָנענ מיט

זײַן אידעאַליסטיש-מעכאַניסטישער מעטאָדאָלאָגיע (סאָרא זעלטענע „אײנהײַט״!..) פון ליטעראַטור און באַזונדערס מיט זײַנע קאָנצעפּציעס וועגן שעפערישן אַקט.

III

זײַן גאַנצע טעאָריע וועגן שעפערישן אַקט בויט טראָצקי אַף דעם, וואָס ער רײַסט שאַרף פאַנאַנדער צווישן דענקען און שפּירן. צו וועלכע אויספירן — טעאָרעטישע און פּראַקטישע — דאָס וועט אים ברענגען, וועלן מיר זען ווײַטער, איצט אָבער מוזן מיר זיך עטוואָס אָפּשטעלן אַף אַ צווייטער זײַט פון דער דאָזיקער פראַגע, מיר דאַרפן זיך צוקוקן מיט וועמען בלאָקירט זיך דאָ טראָצקי און קעגן וועמען קעמפט ער. דאָס מוזן מיר באַשטימט טאָן כאָטשבי דערפאַר, וואָס פון דעם, וויאַזוי עס ווערט געלייזט די דאָזיקע פריוואַטע פראַגע, ווײַזט זיך ארויס, בוילעטער עפּשער מער ווי אַנדערשוו, דער מעטאָדאָלאָגישער פּאָנעם פון יעדן איינעם, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם. דערבײַ דאַרף מען זאָגן, אַז דער פראָנט פון די אַלע, וואָס שטייען אין דער דאָזיקער פראַגע אַף אַנטימאַרקסיסטישע פּאָזיציעס, איז זייער אַ ברייטער; ער כאַפּט אַרום די מעכאַניסטן, די מענשעוויזירנדיקע אידעאַליסטן און אַנד. אַ קורצער איבערבליק איבער דער דאָזיקער פראַגע איז, אַלזאָ, באַשטימט נייטיק.

ווי האָט, אַשטייגער, געלייזט די דאָזיקע פּראָבלעם — די פּראָבלעם פון צווישן באַציִונג פון דענקען און פילן — פּלעכאַנאָוו, באַ וועמען דער מעכאַניציזם איז אַזוי שטאַרק פאַרטראָטן?

וועגן דער דאָזיקער פראַגע געפינען מיר באַ אים זייער אַ כאַראַקטעריסטישן אָרט. עס האַנדלט זיך וועגן דעם, וויאַזוי פּלעכאַנאָוו האָט זיך געסטאַרעט צו רעאַביליטירן און פאַרטיידיקן פייערבאַכן קעגן די באַשולדיקונגען, וואָס מאַרקס האָט אַרויסגערוקט קעגן אים, אַז ער, פייערבאַך, פאַרשטייט די איינהײַט פון סוביעקט-אָביעקט אַלס איינהײַט פון דענקען און ווירקלעכקײַט און ניט אַלס פּראָצעס פון סאָציאַלער פּראַקטישער טעטיקײַט. פּלעכאַנאָוו שרײַבט וועגן דעם אָט וואָס:

„קעדיי צו פאַרטיידיקן פייערבאַכן, קען מען דערווידערן, אַז אין פּראָצעס פון אונדזער אָפּווירקונג אַף זאַכן דערקענען מיר זייער אייגנשאַפט נאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפל זיי, פון זייער זײַט, ווירקן אויך אַף אונדז. אין ביידע פאַלן קומט די שפּירונג פ א ר ן דענקען. אין ביידע פאַלן פילן מיר פ ר י ע ר זייער אייגנשאַפט און ד ע ר נ אָ כ ערשט טראַכטן מיר וועגן דעם״.

אונדז איז ניט נייטיק אין געגעבענעם פאַל צו באַטראַכטן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פראַגעס, וואָס ווערן באַרירט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער דיסקוסיע. צוליב אונדזער ציל איז נייטיק נאָר אונטערצושטרײַכן יענעם גוואַלטיקן אײַנרײַס, וואָס פּלעכאַנאָוו מאַכט דאָ צווישן דענקען און פילן. ווײַל טאַקע אַפן סמך פונעם דאָזיקן אײַנרײַס האָט פּלעכאַנאָוו אויסגעבויט זײַן טעאָריע וועגן קונסט: דענקען אין בילדער איז פון אים פאַרשטאַנען געוואָרן אַלס אַ באַזונדערער טיפ דענקען, וועלכער ווערט ק ע ג נ ג ע ש ט ע ל ט דעם דענקען דורך באַגריפן. די דאָזיקע טעאָריע האָט שפּעטער זיכער געדינט אַלס

אויסגאנג-פונקט פון אלע אנטימארקסיסטישע טעאָריעס פון וואָראָנסקין, פערעווערזעוון און אנדערע.

אף דעם זעלביקן אנטימארקסיסטישן שטאנדפונקט שטייען אויך די מענשעוויזירנדיקע אידעאליסטן. נעמען מיר, אשטייגער, די ארויסזאָגונגען פון דעבאָרינען גופע וועגן דער דאָזיקער פראַגע, זעען מיר, ווי עקלעקטיש ער לייזט זי, ווי אזוי ער דערלאָזט אף יעדן שריט אזוינע פאָרמולירונגען, וואָס זײַנען סויסער איינע די אנדערע.

אָט האָבן מיר בא אים, אשטייגער, אזא פאָרמולירונג:

„די שפירונג, אָדער אומיטלבארע באָאבאכטונג, נעמט אוף די וועלט אין איר גאנצער פארשיידנארטיקײַט" (Деборин, „Маркс-Энгельс“).

וואָס איז שלעכט אין דער דאָזיקער פאָרמולירונג? — דאָס, וואָס דער שפירונג ווערט געגעבן אן אווטאָנאָמע באדײַטונג און די ראָליע פון באוווסטזײַן ווערט אינגאנצן פארשמירט. און אין א צווייטן אָרט האָט שוין אָבער דעבאָרין וועגן דעם פונקט א פארקערטע מיינונג: „דער סייכל ברענגט ארײַן אָרדענונג אין דעם אורפאנגלעכן כאָאס" (דאָרט). דאָ, ווי מיר זעען, פאלט שוין די שפירונג אינגאנצן ארויס...

דער אלגעמיינער אויספיר פון דעם אלץ איז, אז דענקען און פילן זײַנען, לויט פלעכאנאָוון און דעבאָרינען, צוויי *באזונדערע אָפגעריסענע פּראָצעסן*; אָנשטאָט א דיאלעקטישער קעגנזײַטיקער איינהײַט פון דענקען און פילן, געפינען מיר בא זיי, אָדער א פולקומע קעגנזעצלעכקײַט, אָדער א פולקומע אידענטישקײַט...

ווי ווײַט, בעעמעס, דאָס אלץ איז פון דער לענינישער שטעלונג פון דער פראַגע! אין אלע זײַנע ארויסזאָגונגען איבער דער דאָזיקער פראַגע אונטערשטרײַכט לענין אלעמאָל, אז אונדזער דערקענען די ווירקלעכקײַט ווערט דערגרייכט אין רעזולטאט פון א גאנצער ריי פארבונדענע צווישן זיך שטופעס, צווישן וועלכע די שפירונג איז די סאמע עלעמענטארסטע. די לאָגישע דערקענטעניש, וועלכע מיר באקומען אין פּראָצעס פון דערקענען די מאטעריעלע וועלט, איז טיפער, ווי די שפירונגען און פאָרשטעלונגען, אָבער די שפירונג-דערקענטעניש איז ניט אָפגעריסן פון דער לאָגישער, נאָר שליסט אין זיך אײַן אין אן עמבריאָנעלער פאָרמע יענע *פאראלגעמיינערונגען*, וואָס מיר מאכן דערנאָך מיט דער הילף פון לאָגישע באגריפן. און נאָר דאָס *דענקען*, *אף דער באזע פון פּראקטיק*, דעקט אוף די געזעצן פון דער ווירקלעכקײַט. דעריבער קעמפט לענין שטארק מיט יענע אלע, וואָס רײַסן פאנאנדער אף א מעכאנישן אויפן צווישן די דאָזיקע ביידע עלעמענטן, — ווײַל *דער דאָזיקער פאנאנדעררײַסן באטײַט אזוי גוט, ווי א פאנאנדעררײַס צווישן וועלט-שפירונג און וועלטאָנשויונג*.

אין שײַן פון די אלע קאמפן, וואָס אונדזער מארקסיסטיש-לענינישע ליטעראטור-וויסנשאפט איז אויסגעקומען צו פירן די לעצטע יאָרן מיט פערעווערזעוון, וואָראָנסקין און אנד., איז באזונדערס קלאָר געוואָרן, ווי שעדלעך ס'איז דער אײַנרײַס צווישן די דאָזיקע ביידע עלעמענטן און צו וועלכע מעטאָדאָלאָגישע און פּאָליטישע רעזולטאטן דאָס ברענגט. ווייניקער איז אָבער בא אונדז אופגעקלערט געוואָרן די ראָליע פון טראָצקין אין די דאָזיקע שטרײַטן:

די ווירקונגענ, וואָס זײַנענ געגאַנגענ פונ אימ אַפ אַ גאַנצער ריי ליטעראַטור־קריטיקער, אונ דאָס צווינגט אונדז צוקוקנ זיכ גענויער צו אַלע זײַנע אַרויס־זאָגונגענ אינ דער דאָזיקער פראַגע.

אַלזאָ, וואָס פאַרא פּאָזיציע פאַרנעמט טראָצקי אינ דער דאָזיקער פראַגע?— מע דאַרפ זאָגנ גלײַכ: דער אײַנרײַס צווישנ דענקענ אונ פילנ ווערט בא אימ דורכגעפירט אומעטומ קאָנסעקווענט אונ דינט אימ אַלס זיכערער אויסגאַנג־פּונקט אַפ אויסצומאָלנ דעמ שאַפונג-פּראָצעס אַלס אינטויִטיוו אונ סטי־כייִש.

דעמ דאָזיקנ אײַנרײַס געפינענ מיר שוינ אינ זײַנ עצעמ פאָרמולירנ דעמ מעהוס פונ קונסט: דער שאַפונג-פּראָצעס ווערט פונ אימ שטענדיק באַטראַכט אַלס בלינדע סטיכייִשע קראַפט, וואָס איז אומאָפּהענגיק פונ וועלכע עס איז באַוווסטזיניקע — אונ, אַלזאָ, קלאַסעווע — שטרעבונגענ פונ דעמ קינסטלער. דער דאָזיקער געדאַנק דרינגט דורכ אַלע זײַנע אַרבעטנ וועגנ קאָנקרעטע לי־טעראַרישע פאַקטנ, אָבער באַזונדערס האָט ער ליב צו אָפּערירנ מיט דער דאָ־זיקער קאָנצעפּציע דאַנ, ווענ ער האָט צו טאָנ מיט דער פּראָבלעמ פונ דעמ אינטעליגענט אינ דער רעוואָליוציע. וועגנ שרײַבער-אינטעליגענטנ פירט טראָצקי אַרויס איינ אַלגעמיינעמ „געזעצ״: אַפ וויפל די דאָזיקע שרײַבער קומענ ניט פונ פּראָלעטאַרישע שיכטנ, אַפ וויפל זיי פאַרמאָגנ ניט קיינ פּראָלעטאַרישע פּסיכאָלאָגיע, זײַנענ זיי פייִק אופּצונעמענ די רעוואָליוציע, אינ בעסטנ פאַל, ריינ לאָגיש, מויעכדיק, אָבער בעשומויפנ קענענ זיי ניט „דערפילנ״ זי אונ דאָס, זאָגט טראָצקי, איז די סיבע, וואָס מיר געפינענ אַלעמאָל בא די מיט־ליופער אַ דיספּראָפּאָרצ צווישנ זייער שטרעבונג צו דער רעוואָליוציע אונ די קינסטלערישע מעגלעכקײַטנ אָפּצושפּיגלענ זי.

אַלס אַ רײַע ברענגט טראָצקי שטענדיק צוויי שרײַבער — מאַיאַקאָווסקינ אונ פּילניאַקנ. די דאָזיקע שרײַבער קענענ, לויט זײַנ מיינונג, אופּנעמענ די רעוואָליוציע נאָר אינ ראַציִאָנאַליסטישנ פּלאַנ אונ ניט מער. אַפ דער באַראַ־טונג אינ 1924 י. באַמ צ.ק. ר.ק.פּ. וועגנ פראַגעס פונ ליטעראַטור האָט טראָצקי וועגנ דעמ אַרויסגעזאָגט אַזאַ מיינונג:

> „דאָ איז געווענ געזאָגט, אַז פּילניאַקס ווערק, וואָס זײַנענ נעענטער צומ קאָמוניזמ, זײַנענ שוואַכער פונ יענע, וואָס זײַנענ פּאָליטיש ווײַטער פונ אונדז. מיט וואָס דערקלערט זיכ עס? טאַקע דערמיט, וואָס אינ ראַציִאָנאַליסטישנ פּלאַנ האָט פּילניאַק זיכ איבערגעיאָגט אַלס קינסטלער. באַוווסטזיניק אַ קער טאָנ זיכ כאַטש אַפ עטלעכע גראַדוסנ — דאָס איז פאַרנ קינסטלער די שווערסטע אויפגאַבע, וואָס איז אָפטמאָל פאַרבונדנ מיט אַ טיפנ אונ, גאַנצ אָפט, שטערבלעכנ קריזיס״ („О Художественной литературе и политике Р.К.П,“, стр. 208).

דאָס זעלבע איז, לויט טראָצקיס מיינונג, פאָרגעקומענ אויכ מיט מאַ־יאַקאָווסקינ:

> „מאַיאַקאָווסקי האָט אָנגעשריבנ זייער אַ שטאַרק ווערק „13 אַפּאָס־טאָלנ״, וואָס זײַנ רעוואָליוציאָנערישקײַט איז גענוג נעפּלהאַפט אונ פאָרמלאָזיק. ווענ דער זעלביקער שרײַבער האָט באַשלאָסנ אַ קער טאָנ

זיך אַפ דער פּראָלעטאַרישער ליניע און האָט אָנגעשריבן „150 מי־
ליאָן”, האָבן זיך בא אים באַקומען די ערגסטע ראַציאָנאַליסטישע דורכ־
פאַלן. דאָס באַטייט, אַז אין סיידער פון לאָגיק האָט ער איבערגעיאָגט
זיינע שעפערישע אונטערבאָדן. בא פּילניאַקן, ווי מיר האָבן שוין גע־
רעדט, לאָזט זיך מערקן אַן ענלעכע ניט־צונויפאַלונג צווישן באַוווסטזי־
ניקער שטרעבונג און אונטערבאַוווסטזיניקע פּראָצעסן פון שאַפן (דאָרט,
ז. 209).

צום סאָף נאָך אַן אויסצוג, וועלכער פּאַראַלגעמיינערט שוין אַפ
אַ גאַנצער גרופּע שרייבער — פוטוריסטן — דאָס אַלץ, וואָס איז געזאָגט גע־
וואָרן וועגן דעם פּריער. טראָצקי סומירט זיינע אויספירן איבער דער דאָזיקער
פּראַגע אין אַ מין געזעץ, לויט וועלכן עס באַקומט זיך, אַז די אידעאָלאָגיע
און קינסטלערישע מעגלעכקייטן פונעם שרייבער, וואָס קומט צו דער רעוואָ־
ליוציע פון קלייןבירגערלעכע שיכטן, זיינען, אַזוי צו זאָגן, פאַרקערט־פּראָ־
פּאָרציאָנעל. אָט וויאַזוי דער דאָזיקער „געזעץ” ווערט אָנגעווענדט צו די רו־
סישע פוטוריסטן:

...„די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע האָט אונטערגעכאַפּט דעם פוטו־
ריזם אַפ אַ באַשטימטער סטאַדיע פון זיין זעלבסטבאַשטימונג און אַ שטויס
געטאָן אים ווייטער. די פוטוריסטן זיינען געוואָרן קאָמוניסטן. דערמיט גופע
זיינען זיי אַרופגעטראָטן אַפן באָדן פון מער טיפערע פראַגעס און באַ־
שטימונגען, וועלכע שפּרייזן ווייט אַריבער די גרענעצן פון זייער אַל־
טער וועלט און וועלכע זיינען אָרגאַניש ניט איבערגעאַרבעט דורך זייער
פּסיכיק. דעריבער זיינען די פוטוריסטן, און בעסטיכעם מאַיאַקאָווסקי,
קינסטלעריש שוואַכער אין יענע זייערע ווערק, ווו זיי זיינען מער פאַר־
ענדיקט אַלס קאָמוניסטן” („Футуризм“, стр. 109).

פאַרוואָס, אייגנטלעך, איז דאָס די פוטוריסטן באַשערט אַזאַ „ביטערער
גורל”, אַז זיי זאָלן אַלעמאָל מאַכן צוויי טריט פאָרויס צו דער רעוואָליוציע
און דריי אַפ צוריק?.. — דערפאַר, דערקלערט טראָצקי, וואָס זייער וועלט־
שפּירונג איז ניט גענוג קאָמוניסטיש. און אַזאַ זאַך, זאָגט ער, קען קיינמאָל
ניט טרעפן, אַשטייגער, מיט אַזאַ שרייבער, ווי בעזימענסקי, „בא וועמען די
קאָמוניסטישע וועלט־שפּירונג איז מער אָרגאַניש” (דאָרט).

עס באַקומט זיך, אַלזאָ, אַזאַ בילד: אי מאַיאַקאָווסקי, אי פּילניאַק, אי,
צום סאָף, אַלע פוטוריסטן, קענען ניט און וועלן ניט קענען אָפּשפּיגלען די
רעוואָליוציע אין ווערטפולע קינסטלערישע בילדער, קאָלזמאַן זיי וועלן ניט
באַקומען קיין קאָמוניסטישע וועלט־שפּירונג; ווי־זשע אָבער באַקומט מען די
דאָזיקע „בלויע פויגל”?.. עפּשער דערמיט, וואָס מען וועט זיך באַרייכערן
מיט אַ העכערער וועלט־אָנשויונג? טראָצקי גיט אַפ דעם קיין ענטפער
ניט... און ער קאָן טאַקע קיין ענפער ניט געבן: פאַר אים איז פאַרשלאָסן אַפ
זיבן שלעסער יענער לעניניסטישער געדאַנקען־וועג, אַז צווישן דער אידעאָלאָגי־
שער פּאָזיציע פונעם קינסטלער און זיין פּסיכאָלאָגיע עקזיסטירט ניט
קיין אָפּגרונט, און, אויב מיר האָבן צו טאָן מיט אַ שרייבער, וואָס האָט „דורכ־
געפילט” די רעוואָליוציע, איז דאָס טאַקע אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט זי באַ־
זיניקט אין אידעאָלאָגישן פּלאַן.

צו וועלכע אויספירן ברענגענ טראָצקינ די דאָזיקע אַלע טעאָריעס? — צו איינ אויספיר — אז בײַטנ די אידעאָלאָגיע איז נאָכ ווי עס איז מעגלעכ, אָבער די פּסיכאָלאָגיע פונ מענטשנ בלײַבט אפ אייביק אומפארענדערט. דעריבער איז, פארשטייט זיכ, ניט מעגלעכ, אז א שרײַבער פונ איינ קלאס זאָל זיכ קענענ איבערשליסנ אפ די רעלסנ פונ אנ אנדערנ...

אזוי ארום האָט טראָצקי שוינ מיט יאָרנ צוריק איבערגעשטיגנ א צווייטנ מענשעוויסטישנ „מארקסיסט" — פּערעווערזעווג... לאָמיר דאָס פארשרײַבנ אינ דעם „אײַזערנעם פאָנד" פונ זײַנע „פארדינסטנ" אונ נאָכפאָלגנ זײַנ ווײַטערדיקנ געדאנקענ־גאנג.

קומענדיק צו אזא אויספיר, אז פאָרשטייער פונ איינ קלאס קענענ זיכ ניט איבערשליסנ אפ די פּאָזיציעס פונ אנ אנדערנ, דערפילט זיכ טראָצקי עפּעס ניט גאָר היימלעכ. ער זעט אליינ פאָרויס יענע דערווידערונגענ, וואָס מע וועט אים דאָ מאכנ: אז אָט וויסנ מיר דאָכ ניט ווייניק פאקטנ אינ דער געשיכטע, ווענ פאָרשטייער פונ איינ קלאס האָבנ זיכ ניט נאָר איבערגעשלאָסנ אפ די רעלסנ פונ אנ אנדערנ, נאָר אפילע געוואָרנ פירער פונ דעם דאָזיקנ קלאס אונז. וו. א. וו., אָבער אפ דעמ אלצ האָט ער שוינ א פארטיקנ ענטפער: ער אליינ, זעט איר, איז אבסאָליוט ניט קעגנ אזא מעגלעכקײַט פונ איבערשליסנ זיכ, אָבער — נאָר אינ געביט פונ וויסנשאפט אונ פּאָליטיק... וואָס ס'איז שײַעכ אָבער קונסט, זײַנענ דאָ אלע וועגנ פארשלאָסנ פאר אזא מעגלעכקײַט. ס'איז טאקע קעדײַ צו ברענגענ די גאנצע ארגומענטאציע פונ דעמ דאָזיקנ געדאנק:

„מע קאָנ דערווידערנ, זאָגט טראָצקי, אונ ניט איינמאָל האָט מענ טאקע דערווידערט, אז די פּראָגראמאטישע פּראָלעטארישע דאָקטרינע איז באשאפנ געוואָרנ דורכ פאָרשטייער פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטישער אינטעליגענצ. נאָר דאָ איז פאראנ אנ אונטערשייד, וואָס אינ דער דאָזיקער פראגע איז ער א באשליסנדיקער. די עקאָנאָמישע אונ היסטאָריש־פילאָסאָפישע דאָקטרינע פונעמ פּראָלעטאריאט באשטייט פונ עלעמענטנ פונ אָביעקטיווער דערקענטעניש... אינ געביט פונ פּאָעזיע האָבנ מיר צו טאָנ מיט א בילדערישער וועלטופאסונג, אונ ניט מיט קיינ וויסנשאפטלעכער וועלט־דערקענטעניש. דער שטייגער, פּערזענלעכע אומגעבונג, דער קרײַז פונ אייגענער פּערזענלעכער דערפארונג ווײַזנ ארויס די ב א ש ל י ס נ ד י ק ע ווירקונג אפ דער קינסטלערישער שאפונג" („Футуризм", стр. 109—111).

די דאָזיקע קורצע ציטאט פאָדערט, מע זאָל זיכ אינ איר גענויער פאנאנדערקלײַבנ. וואָס זײַנענ מיר דאָ דערגאנגענ? — 1) אז נאָר די „עקאָנאָמישע אונ היסטאָריש־פילאָסאָפישע דאָקטרינעס" באשטייענ פונ עלעמענטנ פונ אָביעקטיווע זײַנ. די קינסטלערישע ליטעראטור, אינ קעגנזאצ צו זיי, באשטייט נ י ט פונ עלעמענטנ פונ אָביעקטיווע זײַנ, נאָר פונ עפּעס וואָס אנדערש. פונ וואָס? — אויב ניט פונ עלעמענטנ פונ דער אָביעקטיווערווירקלעכקײַט איז מיסטאָמע פונ עלעמענטנ פונ דעמ ס ו ב י ע ק ט י ו ו נ זײַנ. די ליטעראטור ווערט, אזוי ארום, א זאכ, וואָס איז ניט באדינגט פונ וועלכע ס'איז סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאקטערנ, נאָר זי איז באשטימט א פּראָדוקט פונ „זײַנ הייליקנ

נאָמענ"... ווענ טראָצקי וואָלט־געוועג לאָגיש אונ דערפירט דעם דאָזיקנ גע־דאנק ביזנ סאָפ, וואָלט ער געמוזט קומענ נאָר צו אזא אויספיר אונ ניט צו קיינ אנדערנ. 2) דער מארקסיזם לייקנט קיינמאָל ניט אָפּ אזעלכע פאקטערנ, ווי, אשטייגער, „פּערזענלעכער לעבנ א. ד. גל. אינעם אויסבילדנ די אָדער יענע אידעאָלאָגיע. אָבער דער מארקסיזם שיידט זיך אונטער פונ אידעאליזם אינ דער דאָזיקער פראגע טאקע דערמיט, וואָס ער אָנערקענט, אז די הויפּט־פּרו־זשינע פונ יעדער אידעאָלאָגיע (אונ, אלזאָ, פונ קונסט) איז קלאסנקאמפ. טראָצקי, אָבער, ווי מיר האָבנ געזענ, האלט, אז ליטעראטור געפינט זיך אויס־שליסלעך אונטער דער ווירקונג פונ צוויי פאקטערנ — „שטייגער אונ פּערזענ־לעכער לעבנ". אזוי ארום פרווּוט טראָצקי, ווי יעדער עכטער מענשעוויק, פאר־שמירנ די ראָליע פונ קלאסנקאמפ (קעדיי אינ דער פּראקטיק צו שטיצנ די דיק־טאטור פונ דער בורזשואזיע אינ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט) אונ צו־ליב דעם דינט אים גוט די דאָזיקע טעאָריע וועגנ קינסטלערישנ שאפנ.

## IV

פונ די אלע ארויסזאָגונגענ, וואָס מיר האָבנ דאָ געבראכט פונ טראָצקינ, איז פאר אונדז געווּג קלאָר געוואָרנ, וויאזוי ער שפּאלט די מענטשלעכע פּסיכיק אָפּ צוויי דיאמעטראל־קעגנזעצלעכע עלעמענטנ: אָפּ דער ספערע פונ באוווסט־זיניקנ אונ ספערע פונ אומבאוווסטזיניקנ. ווער־זשע פונ די דאָזיקע עלעמענטנ מינירט אָבער באם שרײַבער אינ פּראָצעס פונ זײַנ שאפנ? — אָפּ דער דאָזי־קער פראגע פארטראכט זיך אפילע טראָצקי ניט אונ ער ענטפערט (פּונקט ווי יעדער בורזשואזער אידעאליסט), אז די וויכטיקסטע ראָליע געהערט דאָ דעם אונטערבאוווסטזײַנ, ווײַל יעדע שאפונג איז, קלוימערשט, אינ איר גרונט סטיכייִש אונ אינטויִטיוויסטיש *.

אָפּ דער דאָזיקער פראגע, וועלכע מיר האָבנ טיילווײַז אָנגערירט, ווענ מיר האָבנ גערעדט, וויאזוי טראָצקי טראקטירט די באציִונג צווישנ באוווסטזײַנ אונ שפּירונגענ, וועלנ מיר זיך איצטער גענויער אָפּשטעלנ אונ באטראכטנ טראָצקיס וויכטיקסטע באהויפּטונגענ איבער דער דאָזיקער פראגע.

ריידנדיק אינ איינ אָרט וועגנ דער ווירקונג פונעם שרײַבער אָפּ דער פאָרמע פונעם ווערק (וועגנ דער פּראָבלעם פונ פאָרמע אונ אינהאלט בא טראָצ־קינ וועלנ מיר שפּעטער ריידנ גענויער), קומט טראָצקי צום אויספיר, אז די פאָרמע הענגט קיינמאָל ניט אָפּ פונ די באוווסטזיניקע אײַנשטעלונגענ פונעם אויר־טער (זע „Искусство революции и социалистическое искусство", стр. 177).

נאָכמער: ווי דער אווטער זאָל זיך ניט סטארענ — קאָנ ער ניט ווירקנ אָפּ

* אָפּ וויפל טראָצקי איז אײַנגעגלויבט אינעם קויעך פונ אינטויִציע ווײַזט דאָס, וואָס פארא באדײַטונג ער גיט צו אינטויִציע אפילע אינ געביט פונ פּאָליטיק: „די רעוואָלוציאָנערע אינ־טויִציע, דערצײלט ער „באשיידנ" אינ בוך „מײַנ לעבנ", האָט מיר שטענדיק מיטגעהאָלפנ אָפּצו־שאצנ ריכטיק די פּאָליטישע סיטואציע"...

(דאָ אונ ווײַטער ציטירט לויט די מאטעריאלנ פונ דער דיסקוסיע אינ קאָמאקאדעמיע וועגנ טראָצקיס פּאָליטישער אידעאָלאָגיע („Вестник Комакадемии", № 39, 1930).

דער בורזשואזער אינטויִטיוויזם איז דאָ, אלזאָ, אויך בארופנ צו רעקלאמירנ טראָצקיס „איבער־מענטשלעכקײַט" אונ פירערשאפט"!

זײַנ פאָרמע. עס האָט, אשטייגער—דערציילט טראָצקי—געטראָפנ איינמאָל אזא מעטאמאָרפאָזע מיט מאיאקאָווסקינ: ער איז ארויסגעטראָטנ קעגנ גראמענ—אינ גראמענ. דעמ דאָזיקנ ארגומענט האלט טראָצקי פאר זייער א סאָלידנ, אָבער ער אליינ, ווי ער איז זיכ מודע, קענ ניט אויסגעפינענ די סיבעס פונ אזא מאָדנער דערשײַנונג אונ דאָס איז דערפאר, זאָגט ער ווײַטער, וואָס ווי מיר האָבנ צו טאָנ מיט עמאָציעס איז שוואכ דער מענטשלעכער סייכל א. א. וו. אונ אָפּגערעכנט זיכ אזוי „גרויזאמ" מיט דער דאָזיקער פּראָבלעמ פונ עמאָציע אונ ראציאָ, קומט שוינ טראָצקי צו א טרויעריקנ אויספיר בענעגייע א גאנצנ צווײַג פונ דער ליטעראַטור—וועגנ דער פּאָעזיע. די פּאָעזיע, זאָגט ער, „איז א זאכ ניט אזוי פונ ראציאָ, ווי פונ עמאָציע, אונ דעמ מענטשנס פּסיכיק, וואָס האָט אײַנגעזאפּט אינ זיכ ביאָלאָגישע אונ סאָציאַלע ארבעט-ריטמענ אונ ריטמישע קנופּנ, זוכט איר אידעאליזירטע אָפּשפּיגלונג אינ קלאנג, ליד אונ קינסטלערישנ וואָרט" („Футуризм", стр. 107)·

האקלאל, עס וועט אויסקומענ, ווידעראמאָל, אומקערנ זיכ צו דער „וועלט פונ די טויטע"—ארויסרופנ דעמ גײַסט פונ פּראָפעסער פערעווערזעוו אונ געבנ אימ א וואָרט, ווײַל טאקע אויכ דער דאָזיקער „מארקסיסט" איז דאָכ געווענ יענער, וואָס האָט אינ פולנ זינענ פונ וואָרט פעטישיזירט דעמ עקאָנאָמישנ פאקטער אונ פארזענ הינטער אימ דעמ לעבעדיקנ מענטשנ, אונ טאקע ער האָט דאָכ געוואָלט מאכנ פונ דעמ שרײַבער א מינ מעמבראנע, וואָס פיקסירט אווטאָמאטיש די אײַנדרוקנ פונ דער אויסערלעכער וועלט, אונ טאקע ער האָט געשריבנ פאָלגנדיקע שוינ בארימט-געוואָרענע שורעס:

מיר האלטנ, אז באגײַסטערונג איז די שטימ פונ קלאס, וואָס קלינגט דורכ דער גאנצער ספערע פונ אונטערבאוווסטזײַנ, אז די גאנצע ספערע פונ פּסיכיק, וואָס באשטימט דעמ שעפערישנ פּראָצעס, אָפּטמאָל אפילע קעגנ די באוווסטזיניקע אײַנשטעלונגענ פונעמ מענטשנ, איז אינגאנצנ ניט קיינ אנדער זאכ, ווי די שטימ פונעמ קלאס, וואָס קלינגט אינעמ אינדיווידומ, פונ וועלכער (די שטימ) מע קענ אינערגעצ ניט אוועקגייִנ".

דער דאָזיקער אויסגעשפּראָכנ מעכאניסטישער אונ פאטאליסטישער דעטערמיניזמ, וואָס פארוואנדלט דעמ אינדיווידומ אינ א מאריאָנעטקע פונעמ סאָציאַלנ פּראָצעס, מוז אומבאדינגט ברענגענ צו געזעלשאפטלעכנ פאטאליזמ, וואָס פארורטיילט דעמ אינדיווידומ אפ אייביקער פארגליווערטקײַט. וואָרעמ וואָס פארא ווערט האָט דער „סאָציאַלער פּראָצעס", מיט וועלכנ דער מענשעוויסטישער „דעטערמיניסט" ביינדלט זיכ אזוי, אויב דער קינסטלער קענ דעמ דאָזיקנ סאָציאַלנ פּראָצעס ניט אופנעמענ אונ רעפּראָדוצירנ באוווסטזיניק אונ קריטיש?! פערעווערזעוו, אשטייגער, מוז דאָכ, סאַפּקאָלסאָפּ, קומענ צו איינ אויספיר—אז קונסט איז ניט קיינ זאכ, וואָס הענגט אָפּ פונ דער באוווסטזיניקער, פאָרויס-באטראכטער אײַנשטעלונג פונעמ קינסטלער, נאָר א רעזולטאט פונ אומבאוווסטע, איראציאָנעלע קויכעס,—זאָל דאָס זײַנ ביאָלאָגישע, אָדער (אונ דאָס איז שוינ „צוליבנ קאָוועד פונ מארקסיזמ") עקאָנאָמישע... די דאָזיקע ביידע קויכעס דריקנ אפנ קינסטלער מיט א פאטאלער קראפט, פונ וועלכער ער קאָנ זיכ בעשומויפנ ניט באפרײַענ. דער קינסטלער מוז דעריבער שאפנ ניט דאָס,

וואָס ער וויל, אונ ניט ווי ער וויל, נאָר אזוי ווי זײַנ „מעמבראַנע״ איז אָנגעשטעלט... *

אונ פּונקט דאָס זעלביקע, ווי מיר וועלנ באלד זענ, זאָגט טראָצקי.

V

דאָס איז געווענ אמאָל נאָכ, ווענ טראָצקי פּלעגט אזוי אָפּט ארויסטרעטנ מיט עפּנטלעכע „מוסטער-לעקציעס״ ווענג „מארקסיזמ״. איינמאָל איז ער שארפ ארויסגעטראָטנ קעגנ יענע טעאָרעטיקער, וואָס לייקענענ אָפּ טענדענצנ אינ דער שאפונג. „דאָס איז אנ אבסורד,—האָט ער זיכ דאנ געהיצט,—אז עס זײַנענ, קלוימערשט, פּאראנ קינסטלער אָנ „טענדענצנ״, ד. ה., אָנ א באשטימטער, כאָטשבי ניס קיינ אויסגעפורעמטער, ניט קיינ אויסגעדריקטער אינ פּאָליטישע טערמינענ, באציִוּנג צומ געזעלשאפטלעכנ לעבנ״ א. אז. וו.

אָבער דער דאָזיקער וועלנ קעמפנ פאר א „טענדענצ״, די דאָזיקע „אָנערקענונג״, אז דער שאפונג-פּאקט איז באזיניקט אונ באוווסטזיניקט, געדויערט ניט לאנג—טראָצקי פארכאפּט זיכ גלײַכ, אז ער זינדיקט דאָ קעגנ זײַנ גאנצער אידעאליסטישער מעטאָדאָלאָגיע אונ פארענדיקט דעמ דאָזיקנ גאנצנ איניענ גאָר אפּ אנ אנדער אויפנ. גלײַכ נאָכ דעמ אויבנגעבראכטנ אבזאצ, קומט אזא „קאָרעקטיוו״:

„ריכטיק איז מער ניט דאָס, אז בא דער מערהײַט קינסטלער פונ אָרגאנישע עפּאָכעס ווערט אויסגעבילדעט די באציִונג צומ לעבנ אונ צו זײַנע געזעלשאפטלעכע פאָרמעס אפּ אנ אומבאמערקבארנ מאָלעקולארנ אויפנ, קימאט אָנ דעמ אָנטייל פונ דעמ קריטישנ באוווסטזײַנ: דער קינסטלער נעמט דאָס לעבנ אזוי, ווי ער איז אימ געגעבנ, באפארבט זײַנ אייגענע באציִונג צו אימ מיט די אָדער יענע לירישע טענער, אָבער האלט אימ, אינ זײַנ גרונט, פעסט, ניט צו רירנ פונ אָרט, גייט ניט צו קריטיש צו אימ—פּונקט ווי צו דער זונ-סיסטעמ. אונ דער דאָזיקער פאסיווער קאָנסערוואטיזמ שטעלט מיט זיכ פאָר די אומזעבארע אקס פונ זײַנ שאפונג״ („Литературные попутчики революции", стр. 54)

אונ נאָר פאר איבערברוכ-עפּאָכעס „דערלויבט״ טראָצקי א באשטימטע אָפּווײַכונג פונ דער נאָרמע: „זיי (ד. ה. די איבערברוכ-עפּאָכע—ל. צ.) דערלויבנ ניט אזא לוקסוס, אז דער קינסטלער זאָל אווטאָמאטיש אונ אומפאראנטוואָרטלעכ אויסארבעטנ זײַנ וועלטאָנשויונג״ (דאָרט), אָבער דער דאָזיקער אָפּווײַכ אונטערשטרײַכט אָבער נאָכ מערער די געזעצמעסיקײַט פונ אווטאָמאטישנ שאפנ אינ „אָרגאנישע עפּאָכעס״.

מיר וועלנ זיכ דאָ לאנג ניט פארהאלטנ אפּ דעמ איניענ פונ די „אָרגאנישע עפּאָכעס״. דערטראכטנ זיכ צו אזא זאכ, אז ס'קענענ זײַנ אזעלכע עפּאָכעס,

* זאָגט זיכ טאקע ארויס פערעווערזעוו אינ איינעמ אנ אָרט, אז די „נײַע ליטעראטור-וויסנשאפטלעכע מעטאָדאָלאָגיע״ (דאָס דארפ הייסנ זײַנע, פערעווערזעווס, מעטאָדאָלאָגיע—ל. צ.) זוכט אלע דערקלערונגענ ניט אינעמ מענטשנ, נאָר אויסשליסלעכ אינ דעמ עקאָנאָמישנ פאקטער (זע זײַנ רעצענזיע אפּ דורילינס ביכל „Семейная хроника Гоголя" אינ זשורנאַל „Печать и революция", № 4, 1929).

וואָס זײַנען פרײַ פון קלאַסנקאַמפּ, עפּאָכעס, וועלכע „גיבן דעם קינסטלער א מעגלעכקײַט אווטאָמאַטיש און אומפּאַראַנטוואָרטלעך אויסצואַרבעטן א געזעלשאַפטלעכע וועלטאַנשויונג" א. אז. וו.—צו דעם האָט זיך געקענט דער־טראַכטן טאַקע נאָר א מענשעוויק, אוגדז אינטערעסירט דאָ אָבער מערער, וויאַזוי טראָצקי באַשטימט קלאָר און דײַטלעך דעם, שעפערישן אַקט, ווי אַן אווטאָמאַטישן און סטיכיייִשן פּראָצעס, און יענע אויספּירן, צו וועלכע ער קומט בענעגייע דער ראָליע פונעם קינסטלער אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

טראָצקיס אַלע טעאָריעס וועגן שאַפונג־פּראָצעס אַלס הוילע סטיכיי ברענ־גען אים אַלעמאָל צו איין אויספיר: אויב דער קינסטלער וויל בעסער אָפּ־שפּיגלען דיווירקלעכקײַט, טאָר ער ניט זײַן קיין אַקטיווער אָנטייל־נעמער אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אינעם קלאַסנקאַמף, נאָר א פּאַסיווער באַאָבאַכטער, וואָס רעגיסטרירט פאַקטן, ווײַל נאָר דורך פּאַסיווער באַאָבאַכטונג, האַלט טראָצקי, קען דער קינסטלער געבן א בלוטפולע געשטאַלט פון אונדזער ווירקלעכקײַט. און ווידעראַמאָל באַשטע־טיקט ער דעם דאָזיקן געדאַנק אַפּן באַליבטן בײַשפּיל פון דער אינטעליגענץ. די אינטעליגענץ איז נייטראַל צו פּאָליטיק (אַזוי ווילט זיך טראָצקין)—און דאָס גיט איר באַם אָפּשפּיגלען די רעוואָלוציע אַסאַך פאָרצוג אין פאַרגלײַך מיטן פּראָ־לעטאַריאַט, וועלכער איז אַליין א דירעקטער אָנטיילנעמער פון קלאַסנקאַמף.

„די אינטעליגענץ, אַחוץ די פאָרצוגן פון איר פאָרמעלער קוואַליפי־קאַציע, פאַרמאָגט נאָך אן אָדיִאָזע פּריווילעגיע פון א פּאַסיווער פּאָליטישער פּאָזיציע, פון א גרעסערער אָדער קלענערער, מער פײַנטלעכער אָדער פרײַנטלעכער באַציִונג צו דער אָקטיאַבער-איבערקע־רעניש („Партийная политика в искусстве", стр. 164).

פּאַסיווקײַט און באַאָבאַכטערײַ ווערן, אַלזאָ, גענומען אַלס גרונט פונעם שעפערישן אַקט, און אויב מיר זאָגן זיך אָפּ פון די דאָזיקע „רעטונגס"-מיטלען—זאָגן מיר זיך אויך אָפּ פון דער מעגלעכקײַט ריכטיק אָפּצושפּיגלען די ווירק־לעכקײַט, און דעריבער איז „ניט קיין ווונדער, זעצט פאָר טראָצקי, וואָס ד' דאָזיקע באַאָבאַכטערישע אינטעליגענץ האָט מער געקענט געבן און גיט אינעם געביט פון קינסטלערישן אָפּשפּיגלען די רעוואָלוציע—כאָטש אין א קרומען שפּיגל,—איידער דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זי געמאַכט"... (דאָרט).

אָט אַזאַ איז זי, די „לאָגיק" פון א מענשעוויסטישן מעטאַפיזיקער: אָדער אַלע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן (ווי מיר וועלן ווײַטער זען) געפינען זיך אין א צושטאַנד פון פּערמאַנענטער לעטאַרגיע און די גאַנצע שווערקײַט פונעם פּאָליטישן לעבן טראָגט אַפּ אירע פּלייצעס נאָר די אינטעליגענץ, אָדער די אינטעליגענץ ווערט גאָר מיטאַמאָל נייטראַל אין קלאַסנקאַמף... און נאָך ווען!—אין די יאָרן פון דער גרעסטער רעוואָלוציע, וואָס די געשיכטע ווייס! טאַקע נאָר איין טראָצקי אַליין ווייס, ווו עס געפינט זיך אַזאַ מין אינטעליגענץ, וואָס איז „נייטראַל" צו דער רעוואָלוציע און „באַאָבאַכטעט" זי נאָר... עפּשער מיינט דאָ אונדזער מענשעוויסטישער „היסטאָריקער" די בורזשואַזע אינטעליגענץ, וואָס האָט „באַ־אָבאַכטעריש סאַבאָטירט דיסאָוועטנמאַכט?.. אָדער עפּשער האָט ער אין זי־

נען יענע מער רעוואָליוציאָנערע טייל פון דער קלײנבירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס האָט אין גאַנג פון דער רעוואָליוציע אויסגעלעבט אַסאַך פון אירע פאָרורטיילן און געקעמפט אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פ א ר דער רעוואָליוציע?..

אָבער אַלע אַזעלכע „טײַנעס", אַלעמײַ טראָצקי מישט אויס די גאַנצע אינטעליגענץ אין איין קופּע א. א. וו., וואָלטן האָבן אַ זין דאַן, ווען זײַן מעטאָדאָלאָגיע וואָלט אײַנגעשלאָסן אַזעלכע זאַכן, ווי דיפערענציאַציע און קאָנקרעטיזאַציע פון דערשײַנונגען און פאַקטן, ד. ה., ווען ער וואָלט זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע זאַכן, וועלכע לעניַן האַלט פאַר דעם ג ר ו נ ט פון יעדן ריכטיקן דענקען. * טראָצקי אָבער האַלט, אַז די מאַרקסיסטישע מעטאָדאָלאָגיע קען זיך ניט פאַרנעמען מיט אַזעלכע „קלײניקײַטן". פאַר איינעם פון זײַנע גרעסטע פאַרדינסטן גיט ער אַרויס דאַפקע דעם פאַקט, וואָס ער האָט זיך געקענט באַ, פרײַען פון די דאָזיקע „קלײניקײַטן". ער זאָגט: „דער געפיל פון איבערוואָג פון דעם אַלגעמײנעם איבערן פּריוואַטן איז אַרײַן אַלס נייטיקער באַשטאַנד אין מײַן מעטאָדאָלאָגישער אַרבעט און אין דער פּאָליטיק" (טראָצקי, „מײַן לעבן" ב. I, ז. 146—147).

לעניַן כאַראַקטעריזירט דאָס דאָזיקע כײנדלען זיך מיטן „אַלגעמײנעם" און איגנאָרירן דאָס אײנצלנע און קאָנקרעטע אויף אַזאַ אויפן: „גראָדליניקײַט און אײנזײַטיקײַט, הילצערדיקײַט און פאַרגליווערטקײַט, סוביעקטיוויזם, סוביעקטיווע בלינדקײַט — Voila גנאָסעאָלאָגישע פאָרמעס פון אידעאַליזם" (Ленинский XII сборник, стр. 21) און דאָס איז אָנגעמאָסטן פונקט פאַר טראָצקין, ווײַל דער אַקצענט אויף דעם „אַלגעמײנעם" און די פולקומע איגנאָרירונג פון אײנצלנעם און קאָנקרעטן איז טאַקע איינע פון די טאַמע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון טראָצקיס מעטאָדאָלאָגיע. אָנשטאָט צו דערלערנען דאָס קאָנקרעטע, אָנשטאָט צו זוכן דאָס אַלגעמײנע אינעם אײנצלנעם און דאָס אײנצלנע אינעם אַלגעמײנעם, מישט אויס טראָצקי אַלץ מיט אַן אַנדער אין איין קופּע. דאָס אַלץ וועלן מיר באַלד האָבן אַ מעגלעכקײַט צו זען אויף נאָך אַסאַך פּראָבלעמעס, וואָס אינטערעסירן אונדז אין דער דאָזיקער אַרבעט און דעריבער קערן מיר זיך אום ווידעראַמאָל צו דער פראַגע, וואָס אינטערעסירט אונדז איצט: וועלכע פ ר אַ ק ט י ש-פּאָליטישע אויספירן מאַכט טראָצקי פון זײַנע סטיכייִש-אינטויִטיוויסטישע קאָנצעפּציעס?

אויף דער ערשטער און וויכטיקסטער פראַגע — צי פילט אויס די ליטעראַטור אַ וועלכע ניט איז געזעלשאַפטלעכע פונקציע, ענטפערט טראָצקי נאָר נעגאַטיוו: קיין־שום געזעלשאַפטלעכע פונקציע פילט ניט אויס און קען ניט אויספילן די ליטעראַטור. און דאָס איז דערפאַר, וואָס די ליטעראַטור, אויף וויפל זי ווערט, לויט טראָצקיס גאַנצער קאָנצעפּציע וועגן שעפערישן אַקט, רעגולירט פון באַזונדערע געזעצן,

---

* אין זײַן קאָנספּעקט פון העגעלס „לערע וועגן לאָגיק" ברענגט לעניַן פּאָלגנדיקע ווערטער פון העגעלן: „אַזאַ אַלגעמײנע, וואָס איז ניט נאָר אַבסטראַקט, נאָר שליסט אין זיך איַין די רײַכקײַט פון אײנצלהײַטן", און מאַכט דערבײַ אַזאַ באַמערקונג: „אַ גלענצנדיקע פאָרמולע": „ניט נאָר אַן אַבסטראַקטע אַלגעמײנע, נאָר אַזאַ אַלגעמײנע, וואָס פאַרקערפּערט מיט זיך די רײַכקײַט פון דעם פאַרשיידענעם, באַזונדערן, אינדיווידועלן (די גאַנצע רײַכקײַט פון דעם פאַרשיידענעם אין זעם באַזונדערן)!! אויסגעצייכנט"! (IX Ленинский сборник. стр. 53).

וועלכע זײַנע אומאָפּהענגיק פונ אונדזערע סוביעקטיווע פארלאנגענ אונ שטרעבונגענ, קענ זי דעריבער ניט שפּילנ קײנשום אקטיווע ראָליע אינ לעבנ, אונ דאָס איז באשטימט א רעזולטאט דערפונ, וואָס די ליטעראטור קענ ניט אָפּשפּיגלענ דעם הײַנט אונ מוז שטענדיק אָפּשטײנ פונעם לעבנ.

„די זאכ באשטײט אינ דעם—זאָגט טראָצקי—וואָס דאָס קינסטלערישע שאפנ, לויט זײַנ עצעם מעהוס, שטײט אָפּ פונ אנדערע אויסדריק־מיטלענ פונ דעם מענטשלעכנ גײַסט, אונ אוואדע פונעם קלאס. אײנ זאכ איז פארשטײנ עפּעס וואָס לאָגיש אונ אויסדריקנ, אונ א צווײטע זאכ—אָרגאניש פארײגענענ דאָס דאָזיקע נײַע, איבערבויענ דעם סײדער פונ די אײגענע געפילנ אונ געפינענ פאר דעם דאָזיקנ נײַעם סײדער א קינסטלערישנ אויסדריק. דער צווײטער פּראָצעס איז אָרגאנישער, לאנגזאמער, גיט זיכ שווער אונטער א באוווסטזיניקער אופווירקונג אונ אינ לעצטנ סאכאקל פארשפּעטיקט ער שטענדיק. די פּובליציסטיק פונעם קלאס לויפט פּאָרויס אפּ שטאָלצנ, אונ די קינסטלערישע שאפונג הינקט נאָכ פונ הינטנ אפּ קוליעס“ („О художествен. политике Р.К.П.“, стр. 197).

אונ אינ א צווײטנ אָרט:

„די זינג-פויגל פונ פּאָעזיע, פּונקט ווי די סאָווע, די פויגל פונ כאָכמע, גיט צו ויסנ וועגנ זיכ נאָר נאָכנ זונ־אונטערגאנג. באטאָג ווערנ געשאפנ זאכנ אונ אינ בײנ-האשמאָשעס הײבנ אָנ דער געפיל אונ דער סײכל אָפּגעבנ זיכ דינ-וועכעזשבנ אינעם געשעענעם“ („Внеоктябрьская литература“, 17).

אונ דאָס איז דערפאר, זאָגט טראָצקי, וואָס דער באוווסטזײַנ הינקט נאָכ נאָכ דעם פאקט, אונ

„אינגאנצנ בוילעט ווײַזט זיכ ארויס דער דאָזיקער געזעצ אינ געביט פונ קונסט. דאָס טראדיציאָנעלע פארגלײַכנ די פּאָעטנ צו נעוויִם קענ אָנגענומענ ווערנ בלויז עפּשער אינ דעם זינענ, אז די פּאָעטנ שפּיגלענ אָפּ זײער עפּאָכע אומגעפער מיט דער זעלביקער פארשפּעטיקונג, ווי די נעוויִם האָבנ אָפּגעשפּיגלט זײער עפּאָכע. אויב ס'טרעפט, אז אײניקע נעוויִם אונ פּאָעטנ „גײענ פּאָרויס זײער צײט“ איז עס מער ניט ווי א באווײַז, אז זײ האָבנ אויסגעדריקט באשטימטע באדערפענישנ פונ דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג ניט מיט אזא פארשפּעטיקונג, ווי זײערע איבעריקע קאָלעגנ“ (דאָרט).

אונ נאָכ די דאָזיקע „פילאָסאָפישע“ אונ „פּאָעטישע“ דערקלערונגענ קומט שוינ א קאָנקרעט-היסטאָרישע דערקלערונג, וואָס איז נעגײע דער ליטעראטור פונ אונדזער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע. זי באשטײט אָט אינ וואָס: אפנ גורל פונ אונדזער ליטעראטור איז אויסגעפאלנ שטענדיק צו „הינקענ אפּ קוליעס“ אונ זי קענ ניט אָפּשפּיגלענ די רעוואָליוציאָנערע עפּאָכע דערפאר, וואָס „דער שטײגער פונ דער רעוואָליוציע איז ביוואקיש—דאָס פּערזענלעכע לעבנ, די אנשטאלטנ, די מעטאָדנ פונ דענקענ, די געפילנ—אלצ איז אויסערגעוויינלעכ צײַטווײַליק, איבערגײענדיק, אלצ אָנערקענט איר צײַטווײַליקײַט אונ דאָס ווערט אָפּגעשפּיגלט דורכויס אונ אָפּט אפילע אינ די נעמענ. דערפונ איז די

שוואכקײַט פונעם קינסטלערישנ צוגאנג" („Литературные попутчики революции", стр. 59).

און אויב פילניאק, אשטייגער, האָט ניט געקענט געבנ קיינ סינטעטישנ בילד פונ אונדזער רעוואָליוציע, איז עס, לויט טראָצקינ, אויכ צוליב דער ביוואקישקײַט פונ אונדזער שטייגער. „ביוואקישקײַט, עפּיזאָדישקײַט פאָרמאָגט אינ זיכ עלעמענטנ פונ צופעליקײַט. און צופעליקײַט טראָגט אפ זיכ דעמ שטעמפל פונ אומבאַדײַטנדיקײַט. די רעוואָליוציע, וואָס איז גענומענ אינ אירע עפּיזאָדנ, ווײַזט זיכ ארויס אלס אומבאַדײַטנדיקע" (דאָרט).

אינ די געבראכטע געדאנקענ וועגנ דער ראָליע פונ ליטעראטור, וועגנ איר מעגלעכקײַט אָפּצושפּיגלענ די רעוואָליוציע, האָבנ מיר, אייגנטלעכ, דעמ גאנצנ בילד, וויאזוי ס'זעט אויס טראָצקיס גאנצע טעאָרעטישע קאָנצעפּציע, וויאזוי ער שווימט דאָ צווישנ סוביעקטיוונ אידעאליזמ און מעכאנישנ מאטעריאליזמ. זעט וואָס פאר אנ ארבעט עס ווערט אָפּגעטאָנ, קעדיי צו פארטיידיקנ די טעאָריע, אז ליטעראטור מוז אָפּשטיינ פונ לעבנ: פריער בויט מענ אויס א סוביעקטיוו-אידעאליסטישע קאָנצעפּציע וועגנ שעפערישנ אקט, וואָס איז פרײַ פונ וועלכער עס איז סאָציאלער אופווירקונג און איז אויסשליסלעכ א רעזולטאט פונ ביאָלאָגישע סיבעס (די טעאָריע וועגנ אינטויטיוויסטיש-סטיכיישער שאפונג), דערנאָכ ווערט די דאָזיקע קאָנצעפּציע „פארשטארקט" מיט א מעכאניסטישער טעאָריע וועגנ דער אויסשליסלעכער ראָליע פונ מאטעריאל — די רעוואָליוציע קאָנ מענ ניט אָפּשפּיגלענ דערפאר, ווײַל דער מאטעריאל איז א פליסעוודיקער, ווײַל דער שטייגער איז ביוואקיש...

מיר וועלנ שוינ ניט ריידנ דערפונ, וואָס דער דאָזיקער טעזיס וועגנ דער אומעגלעכקײַט אָפּצושפּיגלענ די רעוואָליוציע דורכ באזונדערע אירע עפּיזאָדנ, איז פאלש און אנטשפּרעכט ניט אינ דער קלענסטער מאָס דער היסטאָרישער ווירקלעכקײַט (אזעלכע קינסטלערישע ווערק, אשטייגער, ווי „טשאפּײַעוו", „זשעלעזני פּאָטאָק", „ראזגראָמ" א. אנד. זײַנענ געבויט אפ רעוואָליוציאָנערע עפּיזאָדנ, וועלכע זײַנענ דערהויבנ געוואָרנ צו ברייטע קינסטלערישע פּאראלגעמיינערונגענ), אונדז אינטערעסירט אינ דעמ פאל די מעטאָדאָלאָגישע זײַט פונ דער פּראָבלעמ, און דאָ באקומענ מיר אזא בילד: טראָצקי שליסט אײַנ אינ זײַנ מעטאָדאָלאָגישנ ארסענאל אי דעמ ביאָלאָגישנ פאקטער, אי דעמ ריינ עמפּירישנ פאקט, אי אנדערע און וואַרפט ארויס אינגאנצנ אלס א „קלייניקײַט" די ווירקונג פונ דער אידעאָלאָגיע אפנ פּראָצעס פונ קינסטלערישנ שאפנ. אזוי ארומ איז טראָצקיס גאנצע מעטאָדאָלאָגיע אינ איר פּרינציפּ געווענדט קעגנ מארקסיזמ-לעניניזמ, וואָס לערנט, אז נאָר אינ רעזולטאט פונ א ריכטיקער אידעאָלאָגישער אײַנשטעלונג קענ מענ דערזענ און אָפּשפּיגלענ דאָס אלגעמיינע אינ דעמ איינצלנעמ, נאָר אינ רעזולטאט פונ דעמ קענ מענ דאָס איינצלנע דערפירנ צו קינסטלערישע סינטעזנ, און אויב די פּראָלעטארישע שרײַבער פורמאנאָוו, סעראפימאָוויטש און אנד. זײַנענ געווענ בעקויעכ צו פאראלגעמיינערנ איינצלנע רעוואָליוציאָנערע עפּיזאָדנ אינ ברייטע קינסטלערישע לײַוונטנ, וואָס וועלנ לאנג לעבנ אינ דער ליטעראטור,

איז דאָס טאַקע אַדאַנק דעם, וואָס זיי זײַנען געווען באַוואָפנט מיט אַ הויכן גראַד פון פּראָלעטאַרישן באַוווסטזײַן.

טראָצקי אָבער, ווי געזאָגט, האַלט זיך פּונקט בײַ אַ פאַרקערטער מיינונג: „קעדיי די קונסט זאָל קענען ניט נאָר אָפּשפּיגלען, נאָר אויך איבערגעשטאַלטן, דאַרף זײַן צווישן קינסטלער און שטייגער, פּונקט אַזוי ווי צווישן דער רעוואָליוציאָנערער און דער פּאָליטישער טעטיקײַט, אַ גרויסע דיסטאַנץ („Футуризм", стр. 104).

די דאָזיקע „לאָגיק" איז אָבער זייער אַ „מאָדנע": צווישן דעם רעוואָליוציאָנער און זײַן פּאָליטישער טעטיקײַט דאַרף זײַן אַ דיסטאַנץ — טאָ וואָס, אייגנטלעך, טוט דער דאָזיקער „רעוואָליוציאָנער" און אין וואָס דריקט זיך אויס זײַן רעוואָליוציאָנערישקייט? און ווידער: פאַרוואָס, אייגנטלעך, קען אַ ווערק וועגן דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע אי אָפּשפּיגלען, אי איבערגעשטאַלטן און אַזעלכע ווערק, ווי פּאַנפעראָווס „ברוסקי" וועגן דער קאָלעקטיוויזאַציע, אָדער כאַריקס „קײַלעכדיקע וואָכן" וועגן אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג — ניט? די זאַך אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס מע קאָן אָפּטמאָל פאַרבייגן די אַלגעמיין-מענטשלעכע לאָגיק, אויב עס איז נייטיק צו פאַרטיידיקן אַ מענשעוויסטישן טעזיס, אויב עס איז נייטיק צו פאַרטיידיקן אַ באַליבטן בורזשואַז־קאַפּיטוליאַנטישן געדאַנק וועגן אונדזער רעוואָליוציע. בעעמעס: „ביוואַקישקײַט פון דער עפּאָכע", „עפּיזאָדישקײַט פון דער רעוואָליוציע" און אַז. וו. א. וו. — ווי דאָס אַלץ דינט טראָצקין צוליב זײַנע פּ אָ ל י ט י ש ע צילן! ווי נייטיק דאָס איז אים, קעדיי צו דערווײַזן, אַז „די רעוואָליוציע בויט ניט קיין פעסטע הײַזער און באַנוגנט זיך מיט איבערבאַזעצן, מיט צונויפזעצן, מיט באַראַקעס" („Литературные попутчики революции", стр. 59), ד. ה., אַז אונדזער רעוואָליוציע בלײַבט אַן עפּיזאָד, קאָלזמאַן אין אייראָפּע איז ניטאָ קיין רעוואָליוציע און אין איין לאַנד איז אוממעגלעך אויסצובויען דעם סאָציאַליזם א. א. וו. א. וו. קורץ גערעדט, מיר האָבן דאָ ווידעראַמאָל טראָצקיס „פּערמאַנענטקע", וואָס ווערט אין דעם פאַל אָנגעווענדט אויף ליטעראַרישן שטאָף און פון וועלכע ער מאַכט פאָלגנדיקע מענשעוויסטיש-ליקווידאַטערישע אויספירן:

די ליטעראַטור „האָט אירע אייגענע מיטלען און מעטאָדן, אירע געזעצן פון אַנטוויקלונג", „אינעם קינסטלערישן שאַפן שפּילן אַן אוממגעהייערע ראָליע די אונטערבאַוווסטזיניקע פּראָצעסן, וועלכע זײַנען מער ל אַ נ ג ז אַ מ ע, מער פ ו י ל ע און וואָס גיבן זיך אונטער ווייניקער פאַר אַלץ דער אָנפירונג — טאַקע דערפאַר, וואָס זיי זײַנען אונטערבאַוווסטזיניקע" א. א. וו. א. וו. און ווײַבאַלד אַזוי — איז „דער אָרט פון קונסט אין דעם היסטאָרישן אָבאָז פון דער באַוועגונג..." („Искусство революции и революционное искусство"). דער גורל, וועלכן טראָצקי מערקט אַלזאָ אָן פאַר דער ליטעראַטור, איז אַ קלאָרער: די ליטעראַטור קען קיינמאָל ניט אַ קוק טאָן פאָרויס, זי איז פאַרורטיילט אויף רעגיסטרירן פאַקטן און באַשרײַבן דעם נעכטיקן טאָג...

אָט אַזוי זעט אויס דער מעטאָדאָלאָגישער פּאַרצעף פון דעם „פּאָליטיקער, וואָס צילעוועט ווײַט", פון דעם גוואַלדאָוונעם „רעוואָליוציאָנער", וואָס האָט יאָרנלאַנג באַשולדיקט די פּאַרטיי אין עמפּיריזם, אין ניט קענען אַ קוק טאָן

פאָרויס. בא א נעענטערער באקאנטשאפט מיט זײַנע מעטאָדאָלאָגישע קאָנצעפּציעס האָט ער זיך ארויסגעוויזנ אלס פארענדיקטער בורזשואזער בעהאדראָגעניק („פּאָסטעפּענאָוועצ") אונ עמפּיריקער. די מענשעוויסטיש־ליקווידאטערישע אונ קאָנטררעוואָליוציאָנערע פּאָליטישע פּראקטיק האָט באשטימט געמוזט געבנ אזא מעטאָדאָלאָגישנ עקוויוואלענט...

אונ, צום סאָף, שליסנדיק דעמ דאָזיקנ קאָמפּלעקס פּראָבלעמעס—א קוריאָז אפ דער טעמע, וויאזוי טראָצקי איז ארויסגעטראָטנ—קעגנ טראָצקינ...

פאָרגעקומענ איז עס טאקע אינ דער זעלבער פּראגע וועגנ אָפּשטייג. אינ איינעמ פונ זײַנע ארטיקלענ זאָגט זיך טראָצקי ארויס וועגנ כאראקטער פונ אונדזער נאָכ־רעוואָליוציאָנערנ טעאטער. דער אלגעמיינער אויספיר, צו וועלכנ ער קומט, איז ניט קיינ גינסטיקער פארנ טעאטער. יאָגנדיק זיך נאָכ פארשיי־דענע עקספּערימענטנ, זאָגט ער, האָט מענ פארזענ אונדזערווירקלעכקײַט. דער דאָזיקער אומשטאנד באומרויִקט אימ ביז גאָר אונ ער זאָגט: „פארשטייט זיך, ביאָמעכאניק אונ אנדערע נײַסנ—דאָס אלצ איז אינטערעסאנט אונ גוט, אָבער „דאָס איז דאָכ „פוטוריזמ", ד. ה. מוזיק פונ דער ווײַטער צוקונפט, אונ צווישנ דער פארגאנגענהײַט, מיט וועלכנ דער טעאטער שפּײַזט זיך, אונ דער ווײַטער צוקונפט איז פאראנ א הײַנט, אינ וועלכנ מיר לעבנ. עס וואָלט געווענ גוט, אז צווישנ פּאסעיִזמ אונ פוטוריזמ זאָל אויכ זײַנ אָרט פארנ... פּרעזענ־טיזמ. לאָמיר, לייענער, אופהייבנ א שטימ פאר דער דאָזיקער שטרעמונג"

(„Искусство революции", стр. 182).

ווי זאָל מענ אָבער אָנרופנ נאָכ דעמ אלעמענ, וואָס מיר האָבנ געבראכט, אזא „געלערנטנ", וואָס לייקנט זיך אלייג אָפּ אפ יעדנ שריט אונ טריט? דאָ וועט אויסקומענ צו באנוגענען זיך מיט פאָלגנדיקער פּינקטלעכער קוואליפי־קאציע: עקלעקטיקער...

לענינ האָט שוינ לאנג באמערקט דעמ דאָזיקנ שטריכ פונ טראָצקיס מע־טאָדאָלאָגיע אונ האָט אָנגעמאָלט א קורצנ, אָבער זייער טרעפלעכנ פּאָרטרעט פונ טראָצקינ:

„נאָכ קיינמאָל אונ וועגנ וועלכער עס זאָל ניט זײַנ ערנסטער פּראגע פונ מארקסיזמ האָט טראָצקי ניט געהאט קיינ שטאנדהאפטיקע מיינונגענ, שטענדיק דורכקריכנדיק אינ שפּאלט פונ די אָדער יענע מיינונג-פאר־שיידנהײַטנ אונ איבערלויפנדיק פונ איינ זײַט אינעמ צווייטנ"

(Ленин, „О праве наций на самоопределение", ב. XVII, ז. 469)

## VI

אינ קאָנטעקסט פונ די אלע פּראָבלעמעס וועגנ שאפונג־פּראָצעס מוזנ מיר אָנרירנ נאָכ איינע—דאָס איז די פּראגע, וויאזוי טראָצקי לייזט די צווישנבא־ציִונגענ פונ אינהאלט אונ פאָרמע.

די דאָזיקע פּראָבלעמ איז אינטערעסאנט פונ צוויי שטאנדפּונקטנ: 1) זי גיט צו נאָכ א כאראקטעריסטישנ שטריכ צו זײַנ מעטאָדאָלאָגיע—פאָרמאליזמ... 2) זי ברענגט אונדז אומגעריכט ווידעראמאָל צו דעמ פריִערדיקנ אויספיר פונ טראָצקינ וועגנ גורל פונ דער ליטעראטור—אז זי מוז אָפּשטיינ פונ לעבנ. דערבײַ ווערט די דאָזיקע פּראָבלעמ דאָ נאָכמער „פּאָפּײַנערט" אונ פארבריי־

טערט אינ דעם זינ, אז אינ רעוואָליוציאָנערע עפּאָכעס איז ביקלאל ניט מעגלעכ קיינ ליטעראַרישע שאפונג...

וועגנ דער ערשטער פראגע—וועגנ טראָצקיס פאָרמאליזם—דארפ מענ זאָגנ אָט וואָס:

אפ א גאנצער ריי ביישפּילנ פונ טראָצקיס ארויסזאָגונגענ האָבנ מיר געהאט א מעגלעכקייט פעסטצושטעלנ (אונ נאָכ בוילעטער וועלנ מיר עס זענ באם באהאנדלענ די פּראָבלעמעס פונ דער קולטור-רעוואָליוציע), ווי סכאָלאסטיש עס זיינענ אלע זיינע קאָנצעפּציעס, וויאזוי זיינ „לאָגיזירנ" פאר־שטעלט פונ אים דאָס לעבעדיקע לעבנ מיט אלע זיינע שאטירונגענ. ניט קע־נענדיק זיכ געבנ קיינ אייצע מיטנ גאנצנ קאָמפּליצירטנ איבערפלעכט פונ דיאלעקטישע ווידערשפּרוכנ פונ אונדזער ווירקלעכקייט, גייט טראָצקי אפּ. דעם ארויסגעטראָטענעם וועג פונ אלע מעכאניסטנ אונ לייזט אלע פּראָבלעמעס לויטנ בארימטנ רעצעפּט: אָדער-אָדער. מיר וועלנ וויי טער האָבנ א מעגלעכ־קייט צו זענ, ווי אזוי טראָצקי טיילט אָפּ אפ א ריינ מעכאניסטישנ אויפנ דעם צושטאנד פונ די פּראָדוציר-קויכעס פונ לאנד פונ דעם צושטאנד פונ דער קולטור, וויאזוי ער לייקנט אָפּ זייער צווישנווירקונג א. א. וו. אינ די אלע פאלנ האָבנ מיר צו טאָנ מיט אנ ארויסגעשפּראָכענעמ פאָרמאליסט, וואָס רייסט שטענדיק אָפּ דעם אינהאלט פונ א דערשיינונג פונ איר פאָרמע.

דאָ אָבער ווילנ מיר זיכ עטוואָס אָפּשטעלנ אפ טראָצקיס פאָרמאליזם טאקע אינ דער פראגע וועגנ פאָרמאליזם אינ דער ליטעראטור.

דער פּראָבלעם פונ פאָרמאליזם ווידמעט טראָצקי אינ זיינע ארבעטנ גאנצ היפּש אָרט אונ אומעטום סטארעט ער זיכ צו שאפנ אנ איינדרוק, אז ער איז א קעגנער פונ פאָרמאליזם אונ פאָרמאליסטנ אונ אז ער קעמפּט מיט זיי.

לאָמיר זיכ טאקע צוקוקנ, וויאזוי טראָצקי „קעמפּט" מיט די פאָרמאליסטנ".

בא טראָצקינ געפינענ מיר אינ אסאכ ארטיקלענ (אונ באזונדערס אינעם ארטיקל: „Формальная школа поэзии и марксизм", стр. 123—139) היפּש „שארפע ווערטער" קעגנ די פאָרמאליסטנ, אָבער אינ ערגעצ וועט איר ניט געפי־נענ אפילע קיינ רעמעז וועגנ דעם, אז פאָרמאליזם איז א ריינ בורזשואזע מעטאָדאָלאָגיע. ס׳איז איבעריק אונטערצושטרייכנ, אז דער דאָזיקער גאנצער „קאמפ" מיט די פאָרמאליסטנ איז א ריינ לאָגישער אונ אבסטראקטער. מער אינטערעסאנט איז דאָס, וואָס „קעמפנדיק" קעגנ די פאָרמאליסטנ, מוז טראָצקי קומענ אפ יעדנ שריט אונ טריט צו די זעלבע אויספירנ, וואָס זיי... לאָמיר עס באשטעטיקנ מיט אייניקע פאקטנ.

לאָמיר פריער פאר אלצ באטראכטנ די ערשטע אונ וויכטיקסטע פראגע: וויאזוי טראָצקי אינטערפּרעטירט די פּראָבלעם וועגנ צווישנבאציִונג פונ פאָרמע אונ אינהאלט. מע דארפ גלייכ זאָגנ: טראָצקי שליסט זיכ אָנ צו די אלע, וואָס טרעטנ ארויס אינ דער דאָזיקער פראגע קעגנ מארקסיזם־לעניניזם. וויַיל וויאזוי לייזנ די דאָזיקע פראגע די מעכאניסטנ אונ אידעאליסטנ? אינ דער דאָזיקער פראגע, קענ מענ זיכער קאָנסטאטירנ, עקזיסטירט צווישנ זיי אנ איינהייטלעכער פראָנט: זיי אלע רייסנ פאנאנדער אפ א גוואלט-אויפנ די דאָזיקע צוויי מאָמענטנ. לאָמיר זיכ צוליב דעם מער ניט דערמאָנענ, וויאזוי דער מענ־שעוויק רובינ אונ אלע רובינצעס האָבנ אפ א פאָרמאליסטישנ אויפנ אָפּגע-

ריסנ דעם צושטאנד פונ די פראָדוציר־קויכעס פונ די פראָדוציר-פארהעלטעניש אונ צו וועלכע מענשעוויסטישע פּאָליטישע אויספירנ זיי זײַנענ געקומענ; לאָמיר זיכ ווידער דערמאָנענ דעם פאָרמאליזמ פונ דער דעבאָרינישער שול אינ אלע פראגעס פונ פילאָסאָפיע—דער פאָרמאליזמ, וואָס האָט שפּעטער געפונענ זײַנ עמעסע קוואליפיקאציע אלס מענשעוויזירנדיקער אידעאליזמ א. א. וו.

די דאָזיקע אלע „מארקסיסטנ", וואָס יעדערער פונ זיי פלעגט ניט זעלטנ ספּעקולירנ מיט לענינס נאָמענ, האָבנ אזויארומ אינגאנצנ איגנאָרירט לענינס ארויסזאָגונגענ וועגנ דער דאָזיקער פראגע, אָדער געסטארעט זיכ צו פארקריפּלענ זיי.

לענינ, ווי מיר האָבנ שוינ פריִער געזאָגט, האָט בײַס דער דיסקוסיע וועגנ די פראָפעסיאָנעלע פארייִנענ בײַסיק ארויסגעלאכט אי בוכארינענ, אי טראָצקינ, פאר זייער דערזעענ נאָר איינ זײַט פונ א דערשײַנונג, פאר זייער אָפּרײַסנ דעמ אינהאלט פונ דער פאָרמע. דעם דאָזיקנ שטריכ פונ יעדער מעכאניסטישער אונ אידעאליסטישער מעטאָדאָלאָגיע אונטערשטרײַכט לענינ בא יעדער געלעגנהײַט, אונ באזונדערס טאקע אינ זײַנע ארויסזאָגונגענ קעגנ טראָצקינ. כוצדעמ געפינענ מיר אויכ בא לענינענ היפּש ארויסזאָגונגענ וועגנ דער פּראָבלעם פונ אינהאלט אונ פאָרמע אינ א דירעקטער פאָרמע אונ אומעטום קעמפט ער קעגנ דעמ מעכאניסטישנ אײַנרײַס צווישנ די דאָזיקע ביידע עלעמענטנ. לאָמיר, אשטייגער, ברענגענ לענינס אייניקע ארויסזאָגונגענ וועגנ דער דאָזיקער פראגע אינ זײַנע באמערקונגענ אפנ קאָנספּעקט פונ העגעלס „לערע וועגנ לאָגיק". אינ דעם דאָזיקנ קאָנספּעקט שטרײַכט ער אונטער אלע ריכטיקע ארויסזאָגונגענ פונ העגעלנ וועגנ דער דאָזיקער פראגע. לענינ באטאָנט באזונדערס די ערטער, ווו העגעל טרעט ארויס קעגנ יענע פילאָסאָפנ, וועלכע טײַנענ, אז דאָס וויכטיקסטע איז דער אינהאלט, אונ די פאָרמע איז בלויז א מיטל. ער שרײַבט: *

„ניט ריכטיק, אז די געדאכטע (мысленные) פאָרמעס זײַנענ נאָר א מיטל", א נוצלעכקײַט". ניט ריכטיק איז אויכ, אז זיי זײַנענ „אויטערלעכע פאָרמעס", „פאָרמעס, וועלכע זײַנענ נאָר פאָרמעס אפנ אינהאלט, אונ ניט דער אינהאלט גופע". העגעל אָבער פאָדערט אזא לאָגיק, אינ וועלכער די פאָרמעס זאָלנ זײַנ אינהאלטלעכע פאָרמעס, פאָרמעס פונ א לעבעדיקנ, רעאלנ אינהאלט, פארבונדענע אומצערײַסבאר מיטנ אינהאלט" (IX Ленинский сборник, стр. 59).

די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכ-וויכטיקע ארויסזאָגונג קלאַפּט אינ דער ערשטער ריי איבער אלע אידעאליסטישע, מעכאניסטישע אונ עקלעקטישע טעאָריעס, אונ אלזאָ איבער טראָצקיס גאנצער מעטאָדאָלאָגיע, וועלכע שליסט אינ זיכ איינ די דאָזיקע אלע „פערל".

טראָצקי, ווי מיר האָבנ שוינ פריִער געהאט א מעגלעכקײַט צו זענ, האלט, אז די פאָרמע האָט אירע אייגענע אימאנענטע געזעצנ, אז „זי אנטוויקלט זיכ לויט אירע אייגענע געזעצנ, ווי יעדע טעכניק" („Искусство революции", стр. 177).

* די אלע ווערטער, גענומענ אינ פּיסלעכ, זײַנענ פונ העגעלס „לאָגיק".

א מוסטער פונ א מעכאַניסטישער שטעלונג פונ דער פראַגע: אַנשטאָט צו ריידנ וועגנ א רעלאַטיווער זעלבשטענדיקייט פונ דער פאָרמע — א בייז־ווילקער אָפּרייַסנ די פאָרמע פונ איר אינהאַלט; אַנשטאָט צו ריידנ וועגנ א דיאַלעקטישער איינהייט צווישנ די דאָזיקע ביידע עלעמענטנ — אנ איינהייט, אינ וועלכער דער פירנדיקער עלעמענט איז דער אינהאַלט — א טעאָריע וועגנ אַבסאָליוטער זעלבשטענדיקייט פונ דער פאָרמע מיט אַבסטראַקטע „אימאַנענטע געזעצנ“.

טראָצקי אַליינ פילט, אז די דאָזיקע פאָרמולע איז שוינ צופיל אַנטבלויזט און אָפּנ געווענדט קעגנ דער מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע און ער פאַרענדיקט דעמ געדאַנק אפּ אַזא אויפנ:

> „די נייַע פאָרמע ווערט אַנטדעקט, פּראָקלאַמירט און אַנטוויקלט זיכ אונטער דעמ דרוק פונ דער אינערלעכער באַדערפעניש, פונ קאָלעקטיוו־פּסיכאָלאָגישנ געזעצ, וועלכע האָט, ווי יעדע מענטשלעכע פּסיכאָלאָגיע, זייַנע סאָציאַלע וואָרצלענ“ (דאָרטנ).

אָבער די דאָזיקע גאַנצ צעפּלאָסענע און אַבסטראַקטע פאָרמולע וועגנ „סאָציאַלע וואָרצלענ“ סטאַמ האָט אויכ מער א טאַקטישנ באַטייַט — זי דאַרפ פאַרוואַלירנ די אייגענע פּראַקטיק; אינ זייַנע אַלע אַרויסזאָגונגענ וועגנ קאָנקרעטע ליטעראַרישע דערשייַנונגענ רעאַליזירט ער פולקומ זייַנ קאָנצעפּציע וועגנ דער אַוטאָנאָמישקייַט פונ פאָרמעס. דעריבער איז ער זיכער, אז קיינ שומ פאַרבינדונג צווישנ מאַיאַקאָווסקיס אידעאָלאָגיע און אינהאַלט פונ זייַנע ווערק און זייער פאָרמע — איז ניטאָ; (אַדעראַבע, זיי אַנטוויקלענ זיכ, ווי מיר האָבנ פריער געזענ, אינ דער פראַגע וועגנ שעפערישנ אַקט און קעגנ־זעצלעכע ריכטונגענ), דעריבער איז ער איבערצייַגט, אז דעמיאַנ בעדני האָט זיכ אָפּגעשטויסנ פונ די קלאַסיקער נאָר מיט זייַנ אינהאַלט און אייַנגעהיט אינגאַנצנ זייער פאָרמע א. א. וו. א. וו.

און נאָכ א פּאָר נייַע פאַקטנ וועגנ דעמ, וויאַזוי טראָצקי רעאַליזירט די דאָזיקע קאָנצעפּציעס אפּ קאָנקרעטע ליטעראַרישע פאַקטנ: אינ טראָצקיס אַר־טיקלענ געפינענ מיר גאַנצ היפּשע אַרויסזאָגונגענ וועגנ אימאַזשיניזמ, פו־טוריזמ, אימפּרעסיאָניזמ און אז. וו. דאָס אַלצ ווערט אָבער באַטראַכט פונ איינ שטאַנדפּונקט: וועלכע נייַסנ האָט די אָדער יענע שול אַרייַנגעטראָגנ אינ דער טעכניק פונ קונסט; אַזעלכע פּראָגעס, ווי סאָציאַלער גענעזיס אָדער פונק־ציעס פונ די דאָזיקע שולנ א. אנד. ווערנ בלויז אָנגערירט און גאַנצ אָפּט דאָס אויכ ניט.

וואָס ווייס אונדז, אַשטייגער, צו דערציילנ טראָצקי וועגנ די אימפּרע־סיאָניסטנ? אָט וואָס: די אימפּרעסיאָניסטנ „האָבנ אַנטדעקט נייַע טעכנישע מעגלעכקייַטנ און אַרויסגעריסנ נייַע סוידעס בא דער פאַרבנ־וועלט“; דער אימפּרעסיאָניסט האָט „די וועלט צעריבנ אינ כוואַליעס ליכט און לופט, האָט פאַנאַנדערגעלייגט די פאַרבנ אפּ די גרונט־פאַרבנ פונ פּריזמע“ („Запад и мы“, стр. 349) און גאָר.

א וועלכע ס׳איז אָנווייַזונג אפּ דער קלאַסנ־אָנגעהעריקייַט אָדער סאָציאַלער פונקציע פונ דער דאָזיקער שול דאַרפנ מיר בא טראָצקינ ניס זוכנ — מיר

וועלן עס ניט געפינען. דער גאנצער „אנאליז“ פון די אלע ליטעראַרישע שולן איז אפ דורך און דורך א פאָרמאליסטישער, א „טעכנישער“. דער זעלבער פאָרמאליסט בלייַבט טראָצקי אויך דאן, ווען ער „קעמפט“ קלוימערשט קעגן די פאָרמאליסטן אין זייַנע דירעקטע ארויסזאָגונגען וועגן פאָרמאליזם. אין זייַן ארטיקל „Формальная школа поэзии и Марксизм“, וואָס איז געווידמעט די רוסישע פאָרמאליסטן, טרעט טראָצקי ארויס קעגן דער טעאָריע, וואָס פראָקלאמירט דעם פרימאט פון וואָרט איבערן אינהאלט. קיין גרויסע כידושים (אשטייגער, אין פארגלייַך מיט פלעכאנאָוון) געפינען מיר דאָ ניט, אזוי, אז ס'וואָלט זיך עפשער ניט לוינען אָפצושטעלן אפ דעם דאָזיקן ארטיקל. דער „כידעש“ באשטייט אין אנדער זאך — אין יענער „ווונדערבארער לאָגיק“, אפ וועלכער עס איז פייַק אן עקלעקטיקער: א מענטש „קעמפט“ און „קעמפט“ קעגן די פאָרמאליסטן און זייערע טעאָריעס און ביסלעכווייַז הייבט ער זיך אָן ארויפצולאָזן אפ טאָרמאָזן פון איין פאָזיציע אפ א צווייטער, און גאָר גיך גייט אוועק א סעדורע פון „צוגאָבן“ „אגעווורכעבאמערקונגען“, א. א. וו. און טראָצקי קומט גאָר גיך צו די זעלבע אויספירן פון זייַנע „קעגנער“.

צוליב דעם אייגנארטיקן אינטערעס, וואָס עס האָט אזא „מאָדנע“ דערשייַנונג, איז קעדייַ צו ברענגען אייניקע בייַשפילן:

1) „די מיטלען פון פאָרמעלן אנאליז, זאָגט טראָצקי, זייַנען נייטיק, אָבער זיי זייַנען ניט גענוגנדיק“, און איז אזוי ארום מוידע, אז אין פּרינציפּ איז דער פאָרמעלער אנאליז דאפקע ניט שלעכט; שלעכט איז מער ניט דאָס, וואָס ער איז ניט גענוגנדיק, אָבער דערצו קען מען זיך אן אייצע געבן, ווען מע וועט זיך ווענדן צו דער הילף פון א צווייטן אנאליז...

2) דער סאָציאַלער קריטעריִ שליסט ניט אויס, נאָר גייט האַנט בא האַנט מיט דער פאָרמעלער קריטיק“.

קאָנסטאטירן דאָ עקלעקטיזם אליין איז בעפייר'עש ווייניק.

די דאָזיקע צווייענדיקע בוכהאלטעריע פון אונדזער „מארקסיסט“, וועלכע דערלויבט אזוי ברייטהארציק פארשיידענע מעטאָדן פון אנאליז, איז בעעמעס זייער באקוועם און פאָרטאטיוו צוליב טראָצקיס פּאָליטישע צוועקן: מע קאָן אָפּטמאָל א לויב טאָן, אשטייגער, דעם פּראָלעטארישן שרייַבער דעמיאן בעדני און אָנלעבן אפ דעם פּאָליטישן קאפיטאל, און מע קאָן גלייַכצייַטיק מיט איין שמיר פון פעדער מאכן אים צו קליינגעלט, ארייַנטייַנענדיק, אז ער איז ניט אָריגינעל, ניט קינסטלעריש א. א. וו.* און דערמיט גופע שוין רעאליזירן אפ אן עמעסן אויפן די אייגענע פאָרמאליסטיש-עסטעטישע טעאָריעס. מע קען שרייַבן וועגן דער שאפונג פון די ארבקאָרן אלס וויכטיקן רעוואָליוציאָנערן פאקטער, קעדיי אונטערשלייער פון פראזעס פארשפרייטן א קאָנטער-רעוואָליוציאָנער רעכילעסל, אז אין קינסטלערישן זינען האָבן זיי, ווי די גאנצע פאלאנגע יונגע פּראָלעטארישע שרייַבער, קיין שום ווערט ניט. א. ד. ג.

* ... „דעמיאן בעדני איז א פּראָדוקט פון דער אלטער ליטעראטור, פון דער פאר־אָקטיאבערישער, קיין שום שול האָט ער ניט געשאפן און וועט ניט שאפן. ער האָט זיך דערצויגן אפ קרילאָוו, גאָגאָלן און נעקראסאָוון. אין דעם זינען איז ער א רעוואָליוציאָנערע פאַרזעצונג פון אונדזער אלטער ליטעראטור“ („Художественная литература и политика РКП“, стр 211).

און וויאזוי, אייגנטלעכ, זאָל ער קומענ צו אנדערע אויספירנ, ווענ דער אײנציקער צוגאנג צו דער ליטעראטור איז נאָכ אלע שרײַבעכצנ וועגנ „סאָציאָלאָגיע" א בורזשואזער, א פאָרמעל-עסטעטישער, ווענ נאָר דער דאָזיקער קריטעריי איז דער דאָמינירנדיקער! ווײַל זעט, וואָס פאר אנ אָפּשאצונג עס באקומענ די ערשטע פרווונ פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור.

„...אינ דער פאר-רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע און אינ ערשטנ פעריאָד פונ דער רעוואָליוציע, זאָגט טראָצקי, האָבנ זיכ די פראָלעטארישע פּאָעטנ באצויגנ צו דער געדיכט-שאפונג ניט ווי צו קונסט, וואָס האָט אירע געזעצנ, נאָר ווי צו אײנעם פונ די מיטלענ צו קלאָגנ זיכ אפנ שווערנ גורל אָדער ארויסצוווײַזנ די אייגענע רעוואָליוציאָנערע שטימונגענ. צו פּאָעזיע, ווי צו קונסט און מײַסטערשאפט, זײַנענ די פראָלעטארישע פּאָעטנ צוגעגאנגענ נאָר אינ די לעצטע יאָרנ, ווענ עס איז שוואכער געוואָרנ די אָנשטרענגונג פונ בירגערקריג. אָט דאָ האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז אינ דער ספערע פונ קונסט האָט נאָכ דער פראָלעטאריאט ניט געשאפנ זײַנ סוויווע, און בא דער בורזשואזער אינטעליגענצ איז אזא סוויווע בעסער אָדער ערגער פאראנ" („Пролетарская культура и пролетарское искусство", стр. 155).

און ווײַטער:

„קאָלזמאנ די פראָלעטארישע פּאָעטנ זײַנענ געגאנגענ אינ אלגעמיינע קאמפ-רייענ, האָבנ זייערע געדיכטנ, ווי געזאָגט, אײַנגעהיט נאָר די באדײַטונג פונ רעוואָליוציאָנערע דאָקומענטנ. ווענ פאר די פּאָעטנ האָבנ זיכ געשטעלט די פראגעס פונ מײַסטערשאפט און קונסט, האָבנ זיי ווילנדיק ניט ווילנדיק אָנגעהויבנ זוכנ פאר זיכ א נײַע סוויווע. דאָ איז, הייסט עס, ניט קיינ פּאָשעטער גיט דעזענ, נאָר א מער טיפערע היסטאָרישע באדינגטקײַט" (דאָרטנ).

די דאָזיקע טעאָריע דעקט אימ אינגאנצנ אופ און ווײַזט, וואָס פאר א ווערט עס האָבנ אלע „קאמפנ", וואָס טראָצקי האָט געפירט קעגנ די פאָרמאליסטנ — דער דאָזיקער „קעמפער" ווײַזט זיכ אלײנ ארויס אלס גרעסטער אָנהענגער פונ „ריינער" קונסט. נאָכמער, דער דאָזיקער „קעמפער" איז געקומענ צו אזא מינ אויספיר: יעדע קונסט, וואָס ווערט געשאפנ פונ א רעוואָליוציאָנערנ קלאס אינ פעריאָדנ פונ „שטורעמ און דראנג", איז קיינ קונסט ניט... עמעסע קונסט קענ אינ אזעלכע עפּאָכעס ניט עקזיסטירנ, ווײַל „ווענ עס קלינגט דאָס געווער, שווײַגנ די מוזעס"...

די דאָזיקע טיפּ רעאקציאָנערע טעאָריע האָט טאקע טראָצקי אָנגעווענדט אפנ בײַשפּיל פונ יעסעניענ, ווענ ער איז געקומענ צומ אויספיר, אז די רעוואָליוציאָנערע עפּאָכע האָט געמוזט צעברעכנ דעמ לירישער יעסעניענ... דעמ זעלביקנ אויספיר (און נאָכ אינ א מער פארשארפטער קאָנטררעוואָליוציאָנערער פאָרמע) האָט ער געמאכט אפנ סמאכ פונ מאיאקאָווסקיס זעלבסטמאָרד. די „אלגעמיינע קאָלעקטיוויזאציע" (טראָצקיס גענדזנפיסלעכ — ל. צ.) פונ אלע גײַסטיקע דערגרייכונגענ פונ דער מענטשהײַט, — אזוי כאראקטעריזירט מיסטער טראָצקי איצט אונדזער סאָציאליסטישע בויונג, — האָבנ אוועקגערויבט פונעמ פרײַענ דיכטער מאיאקאָווסקי זײַנ זעלבשטענדיקײַט און ער האָט געמוזט אָפּ-

טאָן א זאַך, וואָס איז געווען קעגן זײַן אייגענער נאַטור. אין יאַנואַר ד. י. האָט מאַיאַקאָווסקי, ווען ס'איז אויסגעקומען אויסצושטיין אַ סך אָנפאַלן, געמאַכט איבער זיך אַלײן אַ גוואַלדטאַט — ער איז אַרײַנגעטראָטן אין „ראַפּפּ" מיט אַ כאַראַשימ צוויי אָדער דרײַ פאַר זײַן זעלבסטמאָרד. דאָס האָט אים גאָר־נישט געגעבן, פאַרקערט, דאָס האָט אים באַרויבט זײַן באַדײַטנדיקע אינערלעכע ווערטפולקייט". (טראָצקי „וועגן דער לאַגע פון שרײַבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד" אין דער דײַטשישער בורזשואַזער צײַטונג „די ליטעראַרישע וועלט", נומ. 39, 23/9־30 ציטירט לויט אווערבאַכס אַרט („Темпы саморазоблачения", „Рапп" № 1, 1931). טראָצקי פאַרשפּרייט דאָ אַזוי אַרום די באַרימטע בורזשואַזע רעכילעס, אַז „ליטע־ראַרישע טשינאָווניקעס" מיט זייערע „דאָקטרינעס" האָבן אונטערגעבראָכן דעם „פרײַען" דיכטער און געבראַכט אים צו זעלבסטמאָרד. אַזאַ איז די נײַסטע „אַנטדעקונג" פון מײַסטער טראָצקי וועגן דעם גורל פון „פרײַען" דיכטער אין די באַדינונגען פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור...

## צווייטער קאַפּיטל

### I

אַלע „אַנטיקן" פון טראָצקיס מעטאָדאָלאָגיע האָבן זיך אויך קלאָר און דײַטלעך אַרויסגעוויזן אין דעם, ווי אַזוי ער לייזט די פּראָבלעם פון דער קול־טור־בויונג אינעם איבערגאַנג־פּעריאָד און באַזונדערס אין זײַן שטעלונג צו דער פּראָלעטאַרישער און סאָוועטישער ליטעראַטור, אין זײַן לייזן די פּראָבלעם פון קולטור־ירושה, אין זײַן צוגאַנג צו דער פראַגע פון מיטלויפערײַ און אַנד.

אין די אַלע פראַגעס האָבן מיר דעם זעלביקן פּאָליטישן רעאַקציאָנערן טאָך און מעטאָדאָלאָגישן פּלאָנטער, דאָס שטענדיקע איבערפּלײַען פון איין פּאָ־זיציע אַף דער צווייטער. דאָ האָבן מיר דעם זעלביקן אַלטן באַקאַנטן שטריך אַלע טעאָריעס ווערן אונטערגעטראָגן גוואַלדיק „לינק" לויט זייער פאָרמע און מענשעוויסטיש־קאָנטער־רעוואָלוציאָנער לויט זייער אינהאַלט.

דאָ האָבן מיר אָבער, צוגלײַך מיט די פריער־אָנגעמערקטע שטריכן פון זײַן מעטאָדאָלאָגיע, נאָך אַ נײַעם „פּערל": סטיכיישקייט פונעם היסטאָרישן פּראָצעס, און דאָס איז באַשטימט אַ געזעצלעך קינד פון טראָצקיס גאַנצער מענשעוויס־טישער מעטאָדאָלאָגיע.

ווײַל וואָס איז אַזוינס סטיכיישקייט?

„די טעאָריע פון סטיכיישקייט איז די טעאָריע פון אָפּאָרטוניזם, די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכיישקייט פון דער אַרבעטער־באַ־וועגונג, די טעאָריע פון פּראַקטיש אָפּלייקענען די אָנפירנדיקע ראָליע פון אַוואַנגאַרד פונעם אַרבעטער־קלאַס, פון דער פּאַרטיי. די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר סטיכיישקייט איז אַנטשיידן קעגן דעם רעוואָלוציאָ־נערן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. זי איז קעגן דעם, אַז די באַוועגונג זאָל ווערן געריכטעט לויט דער ליניע פון קאַמף קעגן די יסודות פון קאַפּיטאַליזם — זי איז פאַר דעם, אַז די באַוועגונג זאָל גיין אויסשליסלעך לויט דער ליניע פון „אויספירבאַרע", „אָנעמבאַרע" פאַר דעם קאַפּיטאַליזם פאָדערונגען. זי איז אינגאַנצן פאַר דער „ליני

פונ קלײנסטנ װידערשטאנד". די טעאָריע װעגנ סטיכיײשקײט איז די אידעאָלאָגיע פונ טרעד-יוניאָניזם. די טעאָריע פונ בוקנ זיכ פאר סטיכיײשקײט איז אנטשײדנ קעגנ דעמ, מע זאָל צוגעבנ דער סטיכיײשער באַװעגונג א באַװוסטזיניקנ פּלאנמעסיקנ כאראקטער, זי איז קעגנ דעמ, אז די פּארטײ זאָל גײנ פאָרויס פונעמ ארבעטער-קלאס, אז די פּארטײ זאָל אופהײבנ די מאסנ ביז דעמ גראד פונ באַװוסטזיניקײט, אז די פּארטײ זאָל פירנ נאָכ זיכ די באַװעגונג, זי איז פאר דעמ, אז די באַװוסטזיניקע עלעמענטנ פונ דער באַװעגונג זאָלנ ניט שטערנ דער באַװעגונג גײנ מיטנ װעג, זי איז פאר דעמ, אז די פּארטײ זאָל זיכ דורכויס צוהערנ צו דער סטיכיײשער באַװעגונג אונ שלעפּנ זיכ בא איר אינ עק.

די טעאָריע פונ סטיכיײשקײט איז די טעאָריע פונ פארקלענערנ די ראָליע פונ דעמ באַװוסטזיניקנ עלעמענט אינ דער באַװעגונג, די אידעאָלאָגיע פונ „עקיזמ", דער לאָגישער גרונט פונ יעדנ אָפּאָרטוניזמ (Сталин, „Вопросы Ленинизма", стр. 83).

די דאָזיקע גלענצנדיקע כאראקטעריסטיק איז קימאט װי א פאָטאָגראפיע פונ טראָצקינ... װײל װער נאָכ אזוי װי טראָצקי האָט זיכ ארויסגעװיזנ אלס אזא הײסער אָנהענגער פונ דער דאָזיקער טעאָריע? דאָס האָט ער דאָכ טאקע אנטדעקט דעמ בארימטנ „עמעס", אז די פּארטײ פירט אָנ מיט דעמ פּראָלעטאריאט, נאָר ניט מיטנ געשיכטלעכנ פּראָצעס"; טאקע ער, טראָצקי, איז דאָכ געװענ יענער, װאָס האָט געמאכט זײַנע מענשעװיסטישע פּראָגנאָזנ װעגנ דעמ בוירל פונ דער פּראָלעטארישער ליטעראטור אפּנ סמאכ פונ דעמ, װאָס די פּראָלעטארישע ליטעראטור, באמ אָנהײב אופשטעלונג-פּעריאָד, איז געװענ א שװאכע; אונ טאקע ער, טראָצקי, איז דער, װאָס שטויסט זיכ אָפּ פונ בורזשואזנ װאָלונטאריזמ גלײַכ צומ עקאָנאָמישנ פאטאליזמ, דער, װאָס שליסט אויס אינגאנצנ די באַװוסטזיניקע ראָליע פונעמ מענטשנ.

טראָצקי מאָלט אונדז אויס דעמ היסטאָרישנ פּראָצעס אלס הוילע סטיכיע, װאָס האלט אינ געפּענקעניש ניט נאָר דעמ יאָכיד, נאָר גאנצע פּארטײענ אונ קלאסנ. אָנשטאָט ציל-געװוּנדטקײט, באַװוסטזיניקײט אונ װילנ, אָנשטאָט די אלע עלעמענטנ, מיט װעלכע עס צײכנט זיכ אויס דער באָלשעװיזמ, — פּרײדיקט דער מענשעװיק טראָצקי דעמ געדאנק, אז ניט נאָר, װאָס מיר פירנ ניט אָנ מיט די פאקטנ, נאָר מיר קענענ זײ אפילע ניט פאָרויסזענ. דאָס גרעסטע, װאָס מיר קענענ—איז רעגיסטרירנ זײ:

„געשעענישנ שאפנ מיר ניט, דאָס גרעסטע איז אויב מיר זעענ זײ פאָרויס" („Наше отечество во времени", стр. 225).

אונ טאקע אָט פאר אזעלכע טעאָריעס איז לענינ אָנגעפאלנ אפּ טראָצקינ אונ דערװיזנ װיאזוי דער דאָזיקער „לינקער" לאָזט ניט ארויס פונ זײַנ מויל דאָס װאָרט „רעװאָליוציע" אונ האָט פאר איר אינ דער זעלבער צײַט שרעקלעכ מוירע... מוירע דערפאר, װײַל ער זעט שטענדיק נאָר אײנ זײַט פונ דער רעװאָליוציע — „איר קאַפּשװינדלדיקנ שטורעמ", אונ זעט ניט, װיאזוי אינ דער דאָזיקער רעװאָליוציאָנערער סטיכיע װעט נעמענ אָנטײל דער סאמע אָרגאניזירטער געזעלשאפטלעכער קלאס — דער פּראָלעטאריאט, װאָס װעט אָנפירנ מיט

דער טטיכיי. אָט וויִאזוי די רעוואָליוציע זעט אויס אינ דער באשרײַבונג ניט פונ טראָצקינ, נאָר בא דעמ עמעטנ אונ מוטיקנ רעוואָליוציִאָנער לענינ:

„אינ דער דאָזיקער איבערקערעניש וועט מיט דער גאנצער ענערגיע נעמענ אנ אָנטייל דער רעוואָליוציִאָנערער פראָלעטאריאט, וואָס וועט אָפּשלײַדערנ פונ זיכ דעמ נעבעכדיקנ עקיזמ אונ די רעוואָליוציִאָנערע פראזע פונ די אנדערע, ארײַנטראָגנדיק קלאסנ-באשטימטקײַט אונ באוווּסטזיניקײַט אינ דעמ שווינדלדיקנ שטורעמ, גייענדיק אומופהערלעכ אונ דרייסט פאָרויס" (לענינ, „О революц. фразе“ ב. 6. ז. 132—133).

אָט דאָ האָבנ מיר בעעמעס צוויי דיִאמעטראל-קעגנזעצלעכע צוגאנגענ צו דער רעוואָליוציע: צעוויכערטע קיכעס פונ דער ראדיקאל-קלייִנבירגערלעכער סטיכיי בא טראָצקינ, אונ די קראפט פונעמ אָרגאניזירטנ פראָלעטאריאט—בא לענינענ; מוירע פאר שוועריקײַטנ אונ דאָס שווימענ מיטנ שטראָמ בא טראָצקינ; באטראכטע פלאנירונגענ פונ דער רעוואָליוציע בא לענינענ.

מיט די דאָזיקע צוויי קעגנזעצלעכע מאָסנ פונ דער רעוואָליוציע זײַנענ זיי בײדע צוגעגאנגענ אויכ צו דער פראגע וועגנ כאראקטער פונעמ איבערגאנג-פעריִאָד אונ געמאכט פונ אימ פארשיידענע אויספירנ.

ווי מאָלט זיכ אויס טראָצקי דעמ כאראקטער פונעמ איבערגאנג-פעריִאָד?

„די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, שרײַבט ער, איז ניט קיינ פראָדוציר־קולטורעלע אָרגאניזאציע פונ א נײַער געזעלשאפט, נאָר א רעוואָליוציִאָנער־קעמפערישע אָרדענונג פאר איר (אונטערגעשטראָכנ דורכ טראָצקינ) („Пролетарская культура“, стр. 144).

אונ אינ א צווייטנ אָרט.

„מיר זײַנענ ווי פריִער סאָלדאטנ אינ מארש, בא אונדז איז אנ אײַנטאָגיקער אָפרו. מע דארפ אויסוואשנ א העמד, אָפּשערנ אונ צוקעמענ די האָר אונ פריִער פאר אלצ דורכרייניקנ אונ אויסשמירנ די ביקס. אונדזער איצטיקע גאנצע ווירטשאפטלעכ-קולטורעלע ארבעט איז ניט מער, ווי ברענגענ זיכ אינ א וועלכער עס איז אָרדענונג צווישנ צוויי שלאכטנ אונ מארשנ. די הויפט-שלאכטנ זײַנענ פאָרויס אונ עס קענ זײַנ שוינ גאָרניט ווײַט. אונדזער עפּאָכע איז ניט קיינ עפּאָכע פונ א נײַער קולטור, נאָר א פאָרשטופע צו איר" (דאָרט ז. 145).

וועגנ פאָליטישנ עקוויוואלענט פונ דעמ דאָזיקנ טעזיס וועלנ מיר ריידנ שפעטער; מעטאָדאָלאָגיש האָבנ מיר דאָ ווידעראמאָל א בײַשפּיל פונ טראָצקיס מעטאפיזישנ ארט דענקענ. טראָצקי, ווי יעדער אידעאליסט, וואָס האלט פונ „ריינע" קאטעגאָריעס, האָט אופגעכאפּט איינ זײַט פונ דער ווירקלעכקײַט, פאנאנדערגעבלאָזנ זי אונ דערפירט צו אנ אבסאָליוט. צוגייענדיק צו אונדזער רעוואָליוציע מיט דער מאָס פונ אָדער-אָדער, האָט ער דערזענ נאָר די צעשטערונג־פראָצעסנ פונ איר אונ ניט פארשטאנענ, אז די דאָזיקע צעשטערונג־פראָצעסנ פלעכטנ זיכ דיִאלעקטיש איבער מיט די פראָצעסנ פונ בויונג. אזוי ארומ באקומט זיכ בא אימ, אז די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט איז נאָר

צעשטערונג און ער זעט ניט, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז דער איינציקער מיטל פאַר בויונג, פאַר סאָציאַליסטישער בויונג.

פאַר טראָצקין בלייבט, פאַרשטייט זיך, ניט אָנגעמבאַר די אָפּשאַצונג פון איבערגאַנג-פּעריאָד, וואָס עס גיט לענין:

„די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, ווי עס איז מיר אויסגעקומען ניט איינמאָל אָנצווייזן, אגעוו. אין דער רעדע פון 13־טן מיי אַף דער זיצונג פונעם פּעטראָגראַדער סאָוועט—איז ניט בלויז געוואַלט איבער די עקספּלואַטאַטערן און דריקער געוואַלט. דער עקאָנאָמישער יעסאָד פון דעם דאָזיקן געוואַלט, די גאַראַנטיע פון זיין לעבנפייִקייט און דערפאָלג איז דאָס, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט שטעלט פאָר און פאַרווירקלעכט אַ מער העכערן טיפּ פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט־אָרגאַניזאַציע, אין פאַרגלייך מיטן קאַפּיטאַליזם. אין דעם איז דער טאַך און אין דעם איז דער קוואַל פון קראַפט און די גאַראַנטיע פאַר דעם אומפאַרמיידלעכן פולן ניצחון פון קאָמוניזם“ (לענין, ב. 16, ז. 248).

דאָ, פּונקט ווי אומעטום וועגן דער דאָזיקער פראַגע, שטרייכט לענין אונטער ביידע זייטן פון דער רעוואָלוציע, אָבער ער רוקט גלייכצייטיק אַרויס אַפן פאָדערשטן פּלאַן דעם מאָמענט פון צילגעווענדקייט און ציל־באַוווסטזיניקייט פון דער רעוואָלוציע.

## II

די דאָזיקע קעגנזעצלעכע אָפּשאַצונגען פון דעם איבערגאַנג־פּעריאָד האָבן שוין מעמיילע דעטערמינירט אויך אַ פאַרשיידענעם צוגאַנג צו דער פראַגע וועגן דער קולטור־בויונג אינעם איבערגאַנג-פּעריאָד. אין דער צייט, ווען לענין פאַרשטייט די קולטור-בויונג ווי אַן אָרגאַנישע טייל פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, ווי אַ קולטור-רעוואָלוציע—דערפירט טראָצקי, ווי יעדער מענשעוויסטישער פיליסטער, — די גאַנצע פראַגע וועגן קולטור צו קולטור־שטייגערישע פראַגעס. זיינע קלייןבירגערלעכע באַגרענעצטקייט און דער עקלעקטיזם זעען זיך שוין אַרויס אינעם עצעם פאָרמולירן וואָס עס איז אַזוינס קולטור. טראָצקי פאַרבייט אַלעמאָל קולטור מיט קולטור־טרעגערײַ און ליידיקט אויס, אַזוי אַרום, פון באַגריף קולטור יעטווידן פּאָליטישן אינהאַלט. דעריבער ווערט גאַנץ קלאָר און אָפן געמאַכט אַ פּרווו צו פעלשן לענינען, טײַנענדיק, אַז אויך לענין פלעגט ריידן וועגן קולטור-טרעגערײַ, דערבײַ מאַכט אָבער טראָצקי אַ שווײַג, אַז בײַ לענינען איז קולטור־טרעגערײַ ניט קיין איזאָלירטע פּראָבלעם פון גאַנצן קאָמפּלעקס פראַגעס, וואָס הייסט קולטור-רעוואָלוציע. אין זײַן באַרימטן אַרטיקל „וועגן דער קאָאָפּעראַציע“ שרייבט לענין וועגן דעם גאַנץ קלאָר:

„אונדז פעלט ציוויליזאַציע, קעדיי איבערצוגיין אומיטלבאַר צום סאָציאַליזם, כאָטש מיר האָבן פאַר דעם די פּאָליטישע פאָרהאַנאָכע... פאַר אונדז איז געגנוג איצט די דאָזיקע קולטור-רעוואָלוציע, קעדיי פולקום צו ווערן אַ סאָציאַליסטיש לאַנד“. צווישן לענינס מאַסשטאַב, אלזאָ, אין דער פראַגע פון קולטור־בויונג און טראָצקיס איז טאַקע „פּאָלג מיר אַ גאַנג“...

און אוואדע איז ניט צו פארגלײַכן דעם אינהאלט און די פונקציע, וואָסביידע גיבן צו דער קולטור.

פאר לעניגען איז קולטור, פארשטייט זיך, א רעזולטאט פון צושטאנד פון די פראָדוציר־קויכעס. אָבער ווי א דיאַלעקטישער און ניט קיין מעכאניס־טישער מאטעריאליסט אונטערשטרײַכט ער שטענדיק יענע געוואלטיקע ווירקונג, וואָס די קולטור פון איר זײַט האָט אף די פראָדוציר־קויכעס. דעריבער נעמט לעניג שטענדיק דעם באגריף „קולטור" אין ברייטן זינען פון וואָרט און רעדט וועגן א גאנצער עפּאָכע פון קולטור־רעוואָליוציע. בא דעם וואלגא־ריזאטער און פאלסיפיקאטער טראָצקי באקומט זיך, אז ניט די קולטור, ניט די דיקטאטור פון פראָלעטאריאט, ניט די פארטיי האָבן א ווירקונג אף דעם עקאָנאָמישן צושטאנד פון לאנד.

האקלאל, דאָ איז ווידעראמאָל פונקט ווי אָנגעמאָסטן פאר טראָצקין דעם כ' סטאלינס ווערטער וועגן יענע „מארקסיסטן", וואָס פארגעסן די פראָ־דוציר־קויכעס און זעען ניט די ווירקונג פון דעם אָרגאניזירטן קויעך פונעם פראָלעטאריאט און זײַן פארטיי אפן עצעם צושטאנד פון די פראָדוציר־קויכעס. צווישן אזעלכע, ווי טראָצקי, האָט די ברייטסטע פארשפרייטונג „די פארוולגא־ריזירטע דורך די לידערס פונעם 2-טן אינטערנאציאָנאל אזוי גערופענע טעאָ־ריע פון „פראָדוציר־קויכעס", וועלכע בארעכטיקט אלץ און מאכט שאָלעם צווישן אלעמען, וועלכע קאָנסטאטירט פאקטן און דערקלערט זיי נאָכדעם, ווען זיי זײַנען שוין אלעמען דער־רעסן, און, קאָנסטאטירנדיק, בארויקט זי זיך אף דעם"...
(Сталин, „Вопросы ленинизма", стр. 84).

„די געשיכטע כאזערט זיך איבער". ס'איז מאמעש באלערנדיק דער קאמף, וואָס דער מארקסיזם האָט אף אלע עטאפּן געפירט קעגן דער אליינהערשאפט פון די „פראָדוציר־קויכעס" און קעגן די טעאָריעס, וואָס לייקענען אָפּ דעם אזוי גערופענעם סוביעקטיוון פאקטער. באטראכטנדיק דעם צוזאמענ־האנג צווישן די פראָדוציר־קויכעס און אזעלכע פאקטערן, ווי מעלוכע, רעכט, פילאָסאָפיע, א. א. וו. זאָגט ענגעלס:

פארשטייט זיך, די אלע פאקטערן זײַנען באשטימט איבערבויען, וואָס אנטשטייען אף דער באזע פון באשטימטע פראָדוציר־קויכעס, נאָר אז זיי זײַנען שוין יאָ אנטשטאנען באקומען זיי באזונדערע אינטערעסן" און ווערן „זעלבשטענדיק" אין זייער באוועגונג. „דער נײַער זעלבשטענדיקער פאקטער מוז, ביקלאל גענומען, נאָכפאָלגן נאָך דער באוועגונג פון דער פּראָ־דוקציע, נאָר ער גופע ווײַזט ארויס אן אופווירקונג אף די באדינגונגען אין גאנג פון דער פּראָדוקציע אדאנק זײַן אייגנטימלעכער, ריכטיקער, אייג־מאָל באקומענער און בעהאדראָגיק זיך אנטוויקלענדיקער רעליאטיווער זעלבשטענדיקײַט. דאָס איז א צווישנווירקונג פון צוויי ניט גלײַכע קויכעס: פון דער עקאָנאָמישער באוועגונג, פון איין זײַט, און, פון דער אנ־דער זײַט, פונעם פּאָליטישן פאקטער, וואָס שטרעבט צו אן אמערסטן מעגלע־כער זעלבשטענדיקײַט, פונעם פּאָליטישן פאקטער, וואָס פארמאָגט אויך א זעלב־שטענדיקע באוועגונג, אף וויפל ער איז שוין אנטשטאנען. די עקאָנאָ־מישע באוועגונג וועט ביקלאל זיך דורכלייגן א וועג, נאָר זי דארף באקומען

אויכ א צוריקווירקונג פונ דער פּאָליטישער באוועגונג, וועלכע זי האָט אליינ פאר זיכ געשאפנ, אונ וועלכע פארמאָגט א רעלאטיווע זעלבשטענדיקייט" (ענגעלס, בריוו צו קאָנראד שמידטנ, 27 אָקטיאבער, 1890 י., זאמלונג פונ בריוו, 380-381. רוס. אויסגאבע, 1931).

אונ דאָס איז נעגייע, זאָגט ענגעלס, ניט נאָר אזא פאקטער, ווי מעלוכע, נאָר אפנ צושטאנד פונ די פּראָדוציר־קויכעס האָבנ אויכ א ווירקונג אפילע אזעלכע איבערבויענ ווי רעליגיע, פילאָסאָפיע א. א., וואָס זײַנענ נאָכ מער אָפּגעווײַטערט פונ דער באזע. ענגעלס קומט צו אזא אויספיר: „אלזאָ, אויב בארט מיינט, אז מיר האָבנ אָפּגעלייקנט יעדע צוריקווירקונג פונ פּאָליטישער א. ד. ג. אָפּשפּיגלונגענ פונ דער עקאָנאָמישער באוועגונג אפ דער באוועגונג זעלבסט, דאנ קעמפט ער פּאָשעט מיט ווינטמילנ" (דאָרט, ז. 385).

אונ מיט די זעלביקע ווינטמילנ קעמפט ניט נאָר בארט אליינ, נאָר אויכ טראָצקי. ווײַל וואָס פאר א ווערט קענענ האָבנ אלע זײַנע רייד וועגנ הייבנ דעמ קולטורעלנ באוווסטזײַנ פונ די מאסנ א. א. וו. אויב ער האלט, אז קולטור איז ניט קיינ ווירקנדיקער פאקטער, אויב ער באהויפּטעט, אז קולטור איז אלעמאָל א רעזולטאט אונ קיינמאָל ניט קיינ סיבע! שטייענדיק אפ אזא מענשעוויסטיש-עקיסטישנ שטאנדפונקט, האָט טראָצקי, בלײַבנדיק טרײַ זײַנ פּאָליטישער אײַנשטעלונג, געמוזט קומענ צומ אָפּלייקענענ די רעוואָליוציאָנירנדיקע ראָליע פונ קולטור אונ צוגעגעבנ איר איינ „פונקציע"— זי קענ אופווירקנ, אז די באפעלקערונג זאָל זיכ נעמענ באנוצנ מיט נאָזטיכלעכ... עפשער אויכ ליקווידירנ די אמעראצעס, עפשער אויכ ארײַנפירנ קינאָ— אָבער ניט מער...

אונ מער, אייגנטלעכ, האלט טראָצקי, פּאָדערט זיכ ניט פונ דער קולטור, באזונדערס דאנ, ווענ מיר האָבנ צו טאָנ מיט אזא אופווירקונג־אָביעקט, ווי דער רוסישער פּראָלעטאריאט. פארוואָס? דערפאר—אונ דאָ שפּרינגט גלײַכ ארויס טראָצקיס בארימטע „פּריצישע גאדלעס"—וואָס לויט טראָצקיס מיינונג איז דער פּראָלעטאריאט אפ אזויפיל אָפּגעשטאנענ, אז אינ באצוג צו אימ קענ מענ דערווײַל ריידנ נאָר וועגנ אורפּאנגלעכע פאָרמעס פונ קולטור. אונ ווענ טראָצקי רעדט וועגנ דער אמעראצעס פונ די ארבעטער־מאסנ, מיינט ער עטוואָס מערער, ווי ניט-איווערדיקײַט אינ לייענענ אונ שרײַבנ; טראָצקי פארזיכערט, אז דער פּראָלעטאריאט פארמאָגט ביקלאל קיינ שומ קולטור ניט... „מיטנ פּראָלעטאריאט ביקלאל, זאָגט ער, אונ מיטנ רוסישנ באזונדערס, שטייט די פראגע אנדערש (ד. ה. אנדערש, ווי מיט דער בורזשואזיע, איידער זי איז געקומענ צו דער מאכט—ל. צ.). ער איז געצוווּנגענ צו נעמענ די מאכט פריִער; איידער ער האָט פארייגנט די גרונט־עלעמענטנ פונ דער בורזשואזער קולטור, ער איז געצוווּנגענ אראָפּשלײַדערנ די בורזשואזע געזעלשאפט דורכ רעוואָליוציאָנערנ גוואלדטאט טאקע דערפאר, וואָס דאָס גיט אימ א צוטריט צו קולטור" („Пролетарская культура", стр. 148).

אונ ווי קאָנ מענ שוינ דאָ ריידנ וועגנ קולטור, ווענ דער רוסישער פּראָלעטאריאט איז, לויט טראָצקינ, נאָכ אדײַעמ ניט מער, ווי א קלאס אינ זיכ, א קלאס, וואָס האָט נאָכ אפילע ניט באוויזנ אויסצוטיילנ קיינ דיפערענצירטע פער-

זענלעכקייַטנ!.. דער פּראָלעטאריאט, וואָס האָט דער ערשטער אינ דער געשיכטע געמאַכט א פּראָלעטארישע רעוואָליוציע, האָט בא טראָצקינ אזא אויסזעג:

„דער אומגליק באשטייט אינ דעמ, וואָס דעמ מיטעלנ פּראָלעטאריער פעלט פונקט אָט די דאָזיקע קוואליטעט (ד. ה. אינדיווידואליזמ—ל. צ.) אינ איר מאסע האָט זיכ די פּראָלעטארישע פּערזענלעכקייַט ניט גענוגנדיק אויסגעפאָרמירט אונ דיפערענצירט" („Партийная политика в искус-стве“, стр. 170).

ס'איז אינטערעסאנט צו דערמאָנענ דאָ לענינס ארויסזאָגונגענ וועגנ דער פּראגע.

אָנהייבנדיק נאָכ פונ „Что делать“, געפינענ מיר בא לענינענ היפּשע ערטער, ווו עס רעדט זיכ וועגנ דער אָפּגעשטאנענקייַט פונ דעמ רוסישנ פּראָלעטאריאט. אָבער ווי ווייַט איז דאָס פונ טראָצקיס שטעלונג אינ דער דאָזיקער פּראגע! לענינ רעדט אלעמאָל וועגנ דער אָפּגעשטאנענקייַט פונעמ פּראָלעטאריאט אינ זינ פונ בילדונג, טעכניק א. ד. גל., אָבער ער טראכט קיינמאָל ניט צו אָפּלייקענענ יענע גרויסע פּאָליטישע קולטור, וואָס דער פּראָלעטאריאט האָט אָנגעזאמלט אינ פארלויפ פונ זייַנ באפרייַונג־קאמפ. אונ ווי קאָנ עס אנדערש זייַנ, וועג דאפקע דער פּראָלעטאריאט האָט געדארפט בא אונדז זייַנ דער העגעמאָנ אפילע אינ דער בורזשואזער רעוואָליוציע! לענינ גייט דערבייַ צו צומ עצעמ באגריפ קולטור אפ א דיאלעקטישנ אויפנ. פאר אימ איז קולטור ניט קיינ פארגליווערטע קאטעגאָריע, וועלכע פארמאָגט אינ זיכ אזעלכע שטריכנ, וואָס זייַנענ גילטיק אפ שטענדיק: די אָפּגעשטאנענע, אומקולטורעלע מאסע וואקסט אריבער אינ רעוואָליוציאָנערע עפּאָכעס צו א נייַער דיאלעקטישער קוואליטעט, ווענ דאָס באהערשנ די מענטשלעכע קולטור קומט פאָר אפ א האסטיקנ רעוואָליוציאָנערנ אויפנ. אָנשטאָט דער מענשעוויסטיש-טראָצקיסטישער פאָרמולע „פריער קולטור—דערנאָכ רעוואָליוציע“ קומט די לענינישע געניאלע דיאלעקטיק וועגנ אייַנהייַט פונ רעוואָליוציע אונ קולטור, וואָס דערגאנצט איינע די אנדערע. מיר וועלנ ניט ציטירנ לענינס בארימטנ ענטפער סוכאנאָוונ וועגנ דער דאָזיקער פּראגע, מיר וועלנ ברענגענ בלויז לענינס אנ ארויסזאָגונג וועגנ דער דאָזיקער פּראגע נאָכ בייַמ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, אנ ארויסזאָגונג, וואָס איז געווענדט טאקע קעגנ טראָצקיס קאפּיטוליאנטישנ טראקטירנ דעמ כאראקטער פונ דער רוסישער רעוואָליוציע ווי אויכ קעגנ זייַנ מעכאניסטישנ פארשטייענ די פּראָבלעמ פונ קולטור-דעראָבערונג. אָט וואָס לענינ שרייַבט וועגנ דער פּראָבלעמ מאסע-רעוואָליוציע:

„קעדיי זי (די רעוואָליוציע—ל. צ.) זאָל זייַנ א גרויסע, קעדיי זי זאָל דערמאָנענ 1789—1793, אונ ניט די 1848—50 י. י., אונ איבערשטייַגנ זיי, מוז זי אופהויבנ צומ אקטיוונ לעבנ, צו העראָישע אָנשטרענגונגענ, צו „סאָלידער היסטאָרישער שעפערישקייַט“ גיגאנטישע מאסנ, אופהויבנ פונ שרעקלעכער פינצטערניש, פונ ניט געזעענער דערשלאָגנקייַט, פונ אויסערגעוויינלעכער פארווילדקייַט, פונ טעמפּקייַט אָנ אנ אויסוועג“ („О революционной фразе“, VI, 132-133).

לענינ, אלזאָ, ווארט ניט אפ „גוטע צייַטנ“, אפ „פולקומענ סאָציאליזמ“, ווענ דער פּראָלעטאריאט וועט קענענ נעמענ בילדנ זיכ, לענינ רעדט וועגנ

דער רעוואָליוציע טאַקע אַלס מיטל פון גוואַלטיקן קולטורעלן אופשטייג פון די מאַסן.

און טראָצקי, וואָס פאַר א בילד האָט ער זיך אָנגעמאָלט? — 1) דער רוסי-שער פּראָלעטאַריאַט איז ניט איוורעדיק, אי בוכשטעבלעך, אי פּאָליטיש, 2) קולטור שאַפט זיך נאָר אין „אָרגאַנישע עפּאָכעס"; דער איבערגאַנג-פּעריאָד — די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט — איז אָבער לויט אים נאָר א פּעריאָד פון צעשטערונג, און דעריבער קען וועגן דעם אַלץ זיין נאָר איין אויספיר, אַז

„...אין דער עפּאָכע פון דיקטאַטור איז וועגן שאַפן א נייע קול-טור, ד. ה. וועגן דער בויונג פונעם גרעסטן היסטאָרישן מאַסשטאַב, קען קיין רייד ניט זיין... קיין פּראָלעטאַרישע קולטור איז ניטאָ און וועט ניט זיין"... („Пролетарская культура", стр. 141).

אָט דאָס איז אינקורצן טראָצקיס גאַנצער אידייען-גאַנג וועגן דער פּראָלעטאַרי-שער קולטור — א מענשעוויסטישער פון קאָפּ ביז די נעגל, כאָטש טראָצקי פּרוווט דאָ, ווי אַלעמאָל, „פּאַרזיכן" זיין אָפּאָרטוניזם מיט א „לינקער" פראַזע וועגן „הערלעכע צוקונפטן", וואָס וועלן פאַרמאָגן א קלאַסנלאָזע קולטור. עס איז דאָך אָבער איבעריק צו דערמאָנען, וויאַזוי טראָצקי האָט אין פאַרלויף פון זיין גאַנצער פּאָליטישער טעטיקייט געקעמפט קעגן לענינען און דעם לעני-ניזם אונטער דער מאַסקע פון א „לינקער" פראַזע.

III

נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט טראָצקיס גרונט-אַרויסזאָגונגען וועגן קולטור ביכלאַל, קענען מיר דירעקטער צוגיין צו דער פראַגע וועגן איין טייל פון איר — צו דער ליטעראַטור — און זען וויאַזוי טראָצקי שטעלט זי.

אין זיין אָפּלייקענען די מעגלעכקייט צו שאַפן א פּראָלעטאַרישע ליטע-ראַטור אָפּערירט טראָצקי מיט דער גאַנצער סומע געדאַנקען, וואָס זיינען גע-גייע דער פראַגע פון קולטור ביכלאַל, אָבער דאָ געפינען מיר אַסאַך נייע מאָטיוון, וואָס דעקן אַלץ בולטער אויף טראָצקיס מענשעוויסטישע קאַפּיטו-ליאַנטישקייט... לאָמיר נעענטער באַקאָנען זיך מיט זיי.

קיין פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור וועלן מיר, „פאַרשטייט זיך", ניט שאַפן. מיר זיינען דערצו ניט דערוואַקסן, — אַזוי האַלט טראָצקי. די זאַך באַשטייט אין דעם, פילאָסאָפירט ער ווייטער, וואָס ליטעראַטור נייטיקט זיך, אויסער אין געהעריקע סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַדינגונגען, נאָך אין א געהעריקער פּסי-כאָלאָגישער סוויווע פאַרן שרייבער. און צי וועט אונדזערער א שרייבער, רופט ער אויס מיט האַרץ, געפינען אַזא סוויווע?! אַף דער דאָזיקער בעעמעס „אינטערעסאַנטער" פראַגע פון דער ליטעראַטור-וויסנשאַפט דאַרפן מיר לאָזן טראָצקין אַליין ענטפערן...

„קונסט, — לערנט אונדז טראָצקי, — ווערט געשאַפן אַפן גרונט פון בעהאַדראָגעדיקער שטייגערישער, קולטורעלער, אידייִשער קעגנזייטיקער ווירקונג צווישן קלאַס און זיין קינסטלער. צווישן דער אַריסטאָקראַטיע אָדער בורזשואַזיע און זייערע אַרטיסטן איז ניט געווען קיין טאָגטעג-לעכער איינריס. די קינסטלער האָבן געלעבט און לעבן אין א בור-זשואַזער סוויווע, אָטעמען אין זיך אַריין די לופט פון די בורזשואַזע

סאלאָנען, האָבן באַקומען און באַקומען פון זייער קלאַס טאָגטעגלעכע איינשפּריצונג־אופּווירקונגען. דערמיט טאַקע גערן זיך די אונטערבאַוווסט־זיין־פּראָצעסן פון זייער שאַפונג. צי שטעלט אָבער מיט זיך פאָר דער מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט אַזאַ קולטור-אידייִשע (!...—ל. צ.) סוויווע, אין וועלכער דער קינסטלער, ניט אַרויסגייענדיק פון איר טאָגטעגלעכן לעבן, זאָל באַקומען אַלע גייסטיקע פאַר אים אופּווירקונגען און באַ־הערשן אין דער זעלבער צייט די מיטלען פון זיין מייסטערשאַפט? ניין, די אַרבעטער-מאַסן זיינען קולטורעל א ו י ס ע ר ג ע ו ו י י נ ל ע כ אָפּגעשטאַנען; די ווייניק-איוורעדיקייט און די ניט-איוורעדיקייט פון דער מערהייט אַרבעטער שטעלט מיט זיך גופא פאָר די גרעסטע שטערונג אַף דעם דאָזיקן וועג". („О художественной литературе", стр, 209).

א „פילאָסאָפיע" א קלאָרע און אַן אויסדריקלעכע: „זיי" קענען ניט די דאָזיקע—איך בעט איבער אייער קאָוועד—מאַסן, שאַפן די געהעריקע באַדינגונגען פאַר זייערע שרייבער; זיי קענען זיי אוואַדע ניט געבן קיין סאלאָנען אָדער קאַפעען; אין וועלכע זיי זאָלן קענען פירן קלוגע געשפּרעכן, ווי, לאָמיר זאָגן, ער, טראָצקי, אין די פאַריזשער קאַפעען... *

פאַר טראָצקין מיט זיין פריצישער גאַדלעס איז, פאַרשטייט זיך, גאָרניט, וואָס די דאָזיקע „גרויע מאַסן", וועגן וועלכע ער רעדט מיט אַזאַ פאַראַכטונג, האָבן דאָך געשאַפן די בעסטע פּאַרטיי, און גענומען די מאַכט אין די אייגענע הענט. ער וויל זיך אפילע ניט פאַרטראַכטן, אַז דאָס וואָלט אומעגלעך געווען, ווען אָט די דאָזיקע מאַסן וואָלטן טאַקע געווען אַזוי אָרעם א י ד י י ִ ש. טראָצקי זעט ניט אין דעם קיין שום סתירה דערפאַר, ווייל ער איז אַבסאָליוט זיכער, אַז די מאַסן זיינען דאָ „גאָט די נעשאָמע שולדיק"... ווייל דאָס „אַלץ האָבן אופגעטאָן די פ י ר ע ר". ווייל פולקום גערעכט איז בעעמעס דער כ' אָלמינסקי, ווען ער זאָגט, אַז די גאַנצע „אַרבעטער-באַוועגונג איז, לויט דער פאָרשטעלונג פון טראָצקין, א רעזולטאַט פון דער איניציאַטיוו אָדער אינטריגעס פון די פירער" (אָלמינסקי, פאָרוואָרט צו דער זאַמלונג „Ленин о Троцком и троцкизме" ז. 5).

אָבער, ווי יעדער ליבעראַלער פאָרעץ, וויל טראָצקי אָפּטמאָל אַרויסווייזן „גרויסמוטיקייט" און „גוטסקייט" צו די דאָזיקע „אָרעמע מאַסן". און טאַקע אין דער פראַגע וועגן קולטור זאָגט ער, אַז, אייגנטלעך, מיינט ער די טויווע פון די מאַסן, ווען ער ראַט זיי אָוועקוואַרפן אַלע „פּוסטע רייד" וועגן אַן „אויסגעטראַכטער" פּראָלעטאַרישער קולטור און בעסער א טראַכט טאָן וועגן דער „הויפּט-אופגאַבע פון היינטיקן טאָג", נעמען זיך פאַר „ערנסטע איניאָנים" א. א. וו.

---

* וויל מען טאַקע באַקומען א שטיקל באַגריף וועגן כאַראַקטער פון די דאָזיקע געשפּרעכן—איז גענוג איבערצולייענען כאָטשבי אַזעלכע אַרטיקלען, ווי „О смерти и об эросе", „Новогодний разговор об искусстве" א. א.—עס איז שווער צו געפינען אין דער ליטעראַטור ענלעכע מוסטערן, וואָס זאָלן אין זיך אַנטהאַלטן אַזוי פיל וואָלוועלע „געדאַנק-בליצן" און פיליסטערישע אידייעס...

וואָס זײַנען דאָס פאַר „ערנסטע איניאַנים״ און אין וואָס באַשטייט די דאָזיקע „אופגאַבע פון הײַנטיקן טאָג״? אָט—אין וואָס:

„די הויפּט-אופגאַבע פון דער פּראָלעטאַרישער אינטעליגענץ אין די נאָענטסטע יאָרן איז דאָך ניט קיין אַבסטראַקציע פון אַ נײַער קולטור— אַפילו זי האָט דערווײַל פאַר, דעם קיין פונדאַמענט ניט—נאָר די סאַמע קאָנקרעטסטע קולטור-טרעגערײַ, ד. ה. אַ סיסטעמאַטישער, פּלאַנמעסיקער און, פאַרשטייט זיך, קריטישער פאַרייגענען מיצאַד די אָפּגעשטאַנענע מאַסן אָט די סאַמע נייטיקסטע עלעמענטן פון יענער קולטור, וואָס איז שוין פאַראַן. מע קען ניט שאַפן קיין קלאַסעווע קולטור הינטער דער פּלייצע פונעם קלאַס. און קעדיי צו בויען זי צוזאַמען מיטן קלאַס, אין ענגן צוזאַמענבונד מיט זײַן אַלגעמיין-געשיכטלעכן אופשטײַג— איז נייטיק... אויסבויען דעם סאָציאַליזם כאָטשבי סכעמאַטיש... („Пролетарская культура“, стр. 149).

אָפּגעזאָגט אין איין אָטעם די דאָזיקע אַלע עמעסן, טוט טראָצקי אַ שאָקל מיטן קאָפּ אין זײַט פון לענינען: ניט איך אַליין, הייסט עס, לייקן אָפּ די מעגלעכקײַט פון אויסבויען אַ פּראָלעטאַרישע קולטור. נאָר בא דער זעלביקער מיינונג האָט זיך אויך געהאַלטן לענין:

„דער כ' פּלעטניאָוו האָט דאָ, (ד. ה. אַף דער באַראַטונג פון צ.ק. אין 1924 י.—ל. צ.), פאַרטיידיקנדיק זײַנע אַבסטראַקציעס פון אַ פּראָלעטאַרישער קולטור און איר באַשטאַנדטייל—פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, זיך באַרופן קעגן מיר אַף וולאַדימיר איליטשן. אָט דאָס הייסט געטראָפן אין פּינטל. מע מוז אַף דעם זיך אָפּשטעלן. ניט לאַנג איז אַפילו דערשינען אַ גאַנץ ביכל פון פּלעטניאָוון, טרעטיאַקאָוון און סיזאָוון, ווו די פּראָלעטאַרישע קולטור ווערט פאַרטיידיקט, שטיצנדיק זיך אַף לענינען קעגן טראָצקין. דער דאָזיקער מעטאָד איז איצט זייער אין מאָדע. אַף דער דאָזיקער טעמע וואָלט וואַרדין געקאָנט אָנשרײַבן אַ גאַנצע דיסערטאַציע. נאָר איר, כ' פּלעטניאָוו, ווייסט דאָך זייער גוט, וויאַזוי עס האָט געהאַלטן מיט דעם דאָזיקן איניען, ווײַל איר אַליין פּלעגט דאָך קומען צו מיר ראַטעווען זיך פון וולאַדימיר איליטשס דונערן, וועלכער האָט פאַר דער דאָזיקער, זעלבער „פּראָלעטאַרישער קולטור״ געקליבן זיך, ווי איר האָט געמיינט, צומאַכן דעם פּראָלעטקולט אינגאַנצן״ („О художеств. литературе“, стр. 203).

די דאָזיקע ציטאַט פאָדערט מע זאָל זיך אַף איר אָפּשטעלן.

וואָס איז אין איר עמעס? עמעס איז דאָס, אַז לענין איז אָנגעפאַלן אַף פּלעטניאָוון א. אַנד. פאַר זייערע פּוסטע אַבסטראַקציעס וועגן אַ „פּראָלעטאַרישער״ קולטור, וואָס איז אָפּגעריסן פון איר קלאַס און פּאַרטיי. אָבער לענין, ווי מיר וועלן עס באַלד באַשטעטיקן דורך אַ ריי אַרויסזאָגונגען זײַנע, האָט קיינמאָל ניט אָפּגעלייקנט די פּרינציפּיעלע מעגלעכקײַט פון אַן עמעסדיקער פּראָלעטאַרישער קולטור, וואָס איז מיט אַלע אירע פעדים פאַרבונדן און דינט איר קלאַס.

כאַראַקטעריסטיש: די דאָזיקע ווערסיע, אַז לענין לייקנט אָפּ די מעגלעכקײַט פון אַ פּראָלעטאַרישער קולטור, האָבן פאַרשפּרייט ניט נאָר די טראָצ-

קיסטנ, נאָר אויכ די רעכטע אָפּאָרטוניסטנ אונ דעבאָרינצעס. אָט וואָס עס שרײַבט איינער פונ דעבאָרינס טאלמידימ, לופּאָל:

„... מיר וואָלטנ וועלנ אָנווײַזנ, אז לענינ מײַדט אויס די אויסדריקנ „פּראָלעטארישע קולטור", „פּראָלעטארישע ליטעראטור", ער רעדט בלויז וועגנ א ליטעראטור, וואָס איז אָפּט פארבונדנ מיטנ פּראָלעטאריאט. דאָס דרינגט ארויס דערפונ, וואָס לאָגיש אונ סאָציאָלאָגיש וועט זײַנ ריכטיק קעגנשטעלנ די קאפּיטאליסטישע אונ קאָמוניסטישע („סאָציאַליס-טישע" אינ די פריסטע ווערק) קולטורנ, דאָס קעגנשטעלנ פונ דער בורזשואזער אונ פּראָלעטארישער קולטור קענ פירנ צו מיספארשטייע-נישנ, וואָס ווידערשפּרעכט די לענינישע אויסגעהאלטענע קאָנצעפּציע"

(Лупол, „Ленин и философия". стр. 256).

ס'איז דאָ ניט דער אָרט אָפּצושטעלנ זיכ גענויער אפ רער פראגע, וויאזוי דאָס פלעכאנאָוויש-בוכארינישע פארשטיינ פונ געזעלשאפטלעכע פאָרמאציעס, וואָס זײַנענ אויסגעליידיקט פונ זייער קלאסנ-אינהאלט, האָט געבראכט לופּאָלנ, ווי אויכ אנדערע בוכארינצעס אונ דעבאָרינצעס צו דעמ, אז זיי זאָלנ שטענ-דיק פארבײַטנ די קלאסנ-קולטור מיט קולטורנ פונ גאנצע געזעלשאפטלעכע פאָרמאציעס. מיר האָבנ דאָ געבראכט איינע פונ די פילצאָליקע ארויסזאָגונגענ, וואָס שטאַמענ פונ בוכארינס אונ דעבאָרינס שולנ, קעדיי צו ווײַזנ, וויאזוי אלע קעגנער פונ דער פּראָלעטארישער קולטור האָבנ געשלאָסנ איינ פראָנט אונ האָבנ „אָפּעדירט" מיט איינ „מיטל"—מיט פעלשנ לענינענ, ווײַל ניט אנדערש, ווי ליקווידאטערישקײַט אונ ניט גלויבנ אינ די שעפערישע קויכעס פונעמ פּראָלעטאריאט האָט געטריבנ צו אזא אָפענער פאלסיפיקאציע פונ לענינענ. מיט וואָס פאר אנ ארגומענטנ האָבנ די דאָזיקע אלע אָפּעדירט—מיט דעמ, אז בא לענינענ טרעפנ מיר קלוימערשט ניט דעמ טערמינ „פּראָלעטא-רישע קולטור"... איז, ערשטנס, די גאנצע מײַסע ניט ריכטיק. עס איז גענוג צו דערמאָנענ אייניקע באקאנטע ערטער בא לענינענ וועגנ דער דאָזיקער פראגע, קעדיי עס זאָל קלאָר ווערנ די גאנצע פאלסיפיקאציע.

נאָכ אינעמ ארטיקל „וועגנ די פארטיי-אָרגאניזאציעס אונ פארטייישער לי-טעראטור" (1905) שרײַבט לענינ וועגנ א ליטעראטור, וואָס איז „אינדערע-מעסנ פארבונדנ מיטנ פּראָלעטאריאט"; אינ זײַנ באוווסטער רעדע אפנ 3-טנ צו-זאמענפאָר פונ ר. ק. ס. מ. אונ אויכ אינ זײַנע „טעזיסנ וועגנ דער פּראָלע-טארישער קולטור" טרעט לענינ אבסאָליוט ניט ארויס קעגנ דער פּראָלעטארי-שער ליטעראטור אונ קולטור, נאָר קעגנ יענע „לינקע", וועלכע זאָגנ זיכ אָפּ פונ קריטיש יארשענענ די בורזשואזע קולטור.

אונ, צווייטנס, מע האָט „אויסגענוצט" דעמ מאָמענט, וואָס לענינ איז שארפ ארויסגעטראָטנ קעגנ דער באָגדאנאָוויש-פּראָלעטקולטישער אָראנזשעריי-שער „פּראָלעטקולטור" אלס באווײַז, אז לענינ לייקנט אָפּ ביקלאל די פּראָלעטא-רישע קולטור.

די לאגע איז אָבער אינדערעמעסנ אזא, אז קעמפנדיק אלע מאָל קעגנ די „לינ-קאטשעס", וואָס האָבנ געוואָלט אָנהויבנ א „נײַע ערע" אינ דער מענטשלעכער קולטור פונ „פּראָלעטקולט" אָנ, האָט לענינ אלע מאָל אונטערגעשטראָכנ די בײַטיקײַט פונ יארשענענ דאָס בעסטע, וואָס די בורזשואזע קולטור פארמאָגט,

די נייטיקײַט פונ לערנענ זיכ א. אז. וו. אָט דאָס האָבנ אַלע קעגנער פונ דער פּראָלעטאַרישער קולטור אויסגענוצט אַלס באַווײַז, אַז לענינ איז קעגנ פּראָלעטאַרישער קולטור...

לענינ, דער געניאַלער רעוואָליוציאָנער, טיילט ניט אָפּ קינסטלעכ די עפּאָכע, ווענ מיר יאַרשענענ, פונ דער עפּאָכע, ווענ מיר שאַפנ. אינ די „טעזיסנ וועגנ פּראָלעטאַרישער קולטור" שטעלט ער די אויפגאַבע אי פאַרנ פּראָלעטקולט, אי פאַרנ פּאָלקאָמבילד צוטרעטנ גלײַכ בויענ, אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּאַרטיי, א פּראָלעטאַרישע, סאָציאַליסטישע קולטור, וואָס זאָל ארומכאַפּנ אַלע זײַטנ פונ דעמ מענטשלעכנ לעבנ, א קולטור, וואָס האָט איר גלײַכנ ניט אינ דער געשיכטע.

אָט אזוי האָט לענינ געשטעלט די פראַגע וועגנ דער פּראָלעטאַרישער (סאָציאַליסטישער) קולטור, א קולטור, וואָס יאַרשנט אַלצ, וואָס די מענטשהײַט האָט געשאַפנ, א קולטור, וואָס בויט, וואָס שאַפט, וואָס ענדערט דעמ גאַנצנ שטייגער אונ פּסיכיק פונ אַלע אַרבעטנדיקע, א קולטור—בעעמעס נאָכ ניט קיינ געזעענע אינ דער מענטשלעכער געשיכטע.

אונ דער מענשעוויסטישער „העלד פונ פראַזע", טראָצקי,—וואָס פאַר א פּערספּעקטיוו מערקט ער אָנ פאַרנ פּראָלעטאַריאַט?—

„די הויפּט-פּערספּעקטיוו—וווּקס פונ איוורעדיקײַט, בילדונג, אַרבקאָרנ, קינאָ, בעהאַדראָגעדיקע איבערבויונג פונ שטייגער, ווײַטערדיקער שטײַגנ פונ קולטורעלקײַט („О художеств. литературе", стр. 211).

אָפּ מער איז ניטאָ וואָס צו פאַרמעסטנ זיכ אינ די נאָענטסטע יאָרנ. שפּעטער, עפּשער, ווענ „עס וועט אָנקומענ א פּעריאָד פונ נײַע פאַרביטערטע ספּאַזמעס פונ בירגערקריג" (דאָרטנ 212), ווענ „עס וועט זיכ אָנהויבנ א בירגערקריג שוינ אינ אייראָפּײַשנ אונ וועלט־מאַסשטאַב" (ז. 221)—דאַנ עפּשער קאָנ מענ וואָס עס איז דערוואַרטנ... נאָר „אינ אייראָפּײַשנ, נאָר אינ וועלט־מאַסשטאַב"... ווי באַקאַנט דאָס איז! איר דערגייט ביז דעמ דאָזיקנ אָרט אונ איר דערפילט מיטאַמאָל דעמ „שוועבנדיקנ גײַסט" פונ דער מענשעוויסטישער „פּערמאַנענטקע"... אונ דאָס, אייגנטלעכ, לייקנט טראָצקי אַליינ ניט אָפּ.

ט וואָס עס שרײַבט וועגנ דעמ דאָזיקנ איניענ:

„איכ בינ זיכ מודע אָפנהערציק—איכ האַלט לאַכלוטנ ניט, אַז אינ מײַנע מיינונג-פאַרשיידנהײַטנ מיט די באָלשעוויקעס בינ איכ אינ אַלצ געווענ אומגערעכט... איכ האַלט, אַז מײַנ אָפּשאַצונג פונ די טרײַב-קרעפטנ פונ דער רעוואָליוציע איז אָנ ספק א ריכטיקע" (זע זײַנ בריוו צו אָלמינסקענ פונ 1921 אינ דער דערמאָנטער זאַמלונג).

טראָצקי האָט אזוי ארומ גאָרניט פאַרגעסנ אונ קיינ זאַכ ניט געלערנט: זײַנ ליקווידאַטערישע קאָנצעפּציע וועגנ דער רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר האָט ער מיט דער זעלביקער „פרישקײַט" אונ גאַנצקײַט אריבערגעטראָגנ אָפּ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע. אונ אינ 1924 יאָר, זײַענדיק אינ די רייענ פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, האָט ער ווידעראַמאָל געטײַנעט, אַז נאָר אינ רעזולטאַט פונ דער וועלט-רעוואָליוציע וועלנ מיר דערגרייכנ „א פולקומע פאַרזיכערונ אונ פאַרפעסטיקונג פונ דער סאָציאַליסטישער באַזע פונ אונדזער ווירטשאַפט" (ז. 212).

טראכטנ מיר זיכ אריַינ אינ **מעטאָדאָלאָגישנ** זינענ פונ די אלעטעאָריעס, זעענ מיר גלײַכ ארויס, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט איינער פונ די אנטפלעקונגענ פונ עקאָנאָמישנ מאטעריאליזמ, מיט א מעכאניסטישער אינטערפרעטאציע פונ היסטאָרישנ פראָצעס אונ פולקומענ איַינריַיס צווישנ אינהאלט אונ פאָרמע. בעעמעס, טראָצקי פארזיכערט אונדז, אז בא אונדז איז מאראנ **נאָר איינער** פונ די עלעמענטנ אפ אויסצובויענ א נײַע קולטור — די פּאָליטישע מאכט — אָבער קעגנ דעמ ווערט קעגנגעשטעלט: 1) א שטארק אָפּגעשטאנענע עקאָנאָמיק אונ 2) א ניט וויניקער אָפּגעשטאנענע ארבעטער-פויערישע מאסע... אינ דער ליטעראטור — דאָס זעלבע: מיר האָבנ אסאכ גוטנ ווילנ, אָבער — עטלעכע יונגעטשקע אונ שוואכע פּראָלעטארישע שרײַבער. אונ דאָס דארפ הייסנ, אז ניט קיינ פּראָלעטארישע קולטור, ניט קיינ פּראָלעטארישע ליטעראטור וועלנ מיר ניט שאפנ... נו, אונ דער „סוביעקטיווער פאקטער" — די דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט, א מעכטיקע פּראָלעטארישע פארטיי, צי דענ טאקע שפּילנ זיי אינ דעמ פּראָצעס פונ אויספאָרמירנ א נײַע קולטור קיינ שומ ראָליע ניט?—יאָ, ענטפערט טראָצקי, קיינ שומ ראָליע שפּילנ זיי ניט, ווײַל **„די פארטיי פירט אָנ מיט דעמ פּראָלעטאריאט, אָבער ניט מיטנ היסטאָרישנ פּראָצעס"...**

וועלכע **פראקטישע** אויספירנ דארפ דער פּראָלעטאריאט דערפונ מאכנ?— **געבנ דער בורזשואזיע די מעגלעכקײַט אנטוויקלענ די קולטור אונ ליטעראטור אונ. אליינ—ליקווידירנ די אמעראצעס...**

באקומענ מיר ווידעראמאָל דאָס זעלבע בילד פונ טראָצקינ: א בילד פונ א מעכאניסטישנ מאטעריאליסט, א קריכנדיקער עמפּיריקער אינ מעטאָדאָלאָגישער הינזיכט, א „העלד פונ קליינע מײַסימ" אונ א בורזשואזער ליקווידאטער אינ פּאָליטישנ זינענ.

## IV

אלזאָ, לויט טראָצקינ קומט אויס: די עקאָנאָמיק פונ לאנד איז אנ אָפּגעשטאנענע, די מאסע — ניט קיינ איווערדיקע, די דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט אונ די פארטיי קענענ אפנ היסטאָרישנ פּראָצעס קיינ שומ ווירקונג ניט האָבנ; אינ דער ליטעראטור איז אזא לאגע, אז איר רעוואָליוציאָנערער פליגל איז פאָרגעשטעלט דורכ — פּילניאקנ... (די שרײַבער, וואָס געפינענ זיכ לינקער פונ אימ, האלט טראָצקי, זײַנענ נאָכ דערווײַל קיינ שרײַבער ניט). איז ווער-זשע שאפט, סאָפּקאָלסאָפּ, די נײַע ליטעראטור? וועלכע סאָציאלע קויכעס שפּיגלט אָפּ די „אָרעמע", אָבער דאָכ עקזיסטירנדיקע סאָוועטישע ליטעראטור? קעדיי צו באקומענ אנ ענטפער אפ די אלע פראגעס, וועט ווידעראמאָל אויסקומענ איבערלאָזנ די דירעקטע ליטעראטור-פּראָבלעמעט אונ פארנעמענ זיכ אביסל מיט א העכסט-אינטערעסאנטער אונ באלערנדיקער געשיכטע. די דאָזיקע געשיכטע וואָלט מענ באדינגלעכ געקאָנט אָנרופנ אזוי: „די קאפּריזע ליבע צווישנ ל. טראָצקינ אונ דער רוסישער אינטעליגענצ"...

די דאָזיקע „ליבע-געשיכטע" איז א גאנצ לאנגע אונ דויערנדיקע אונ איז טאקע פארבונדנ מיט עמעסער געשיכטע. עס האנדלט זיכ וועגנ דעמ, וויאזוי טראָצקי האָט אונדז אויסגעמאָלט דעמ גאנג פונ דער רוסישער געשיכטע, די

פאנאנדערשטעלונג פונ פארשיידענע סאָציאַלע קויכעס אפ פארשיידענע עטאפנ פונעמ היסטאָרישנ פראָצעס, אונ די ראָליע פונ דער אינטעליגענצ דערביי. אנ עקסקורס אינ דעמ דאָזיקנ געביט איז אונדז אומבאדינגט נייטיק, ווייל אינ שייכ פונ דעמ, וויאזוי טראָצקי לייזט די דאָזיקע אלע פראָבלעמעס, וועט אונדז בוילעטער קלאָר ווערנ די מעטאָדאָלאָגישע זייט פונ זיינ שטעלנ די פראגע וועגנ א פראָלעטארישער ליטעראַטור, זיינ טראקטירנ די פראָבלעמעס פונ קולטור-ירושע אונ זיינ באציונג צו מיטלויפער.

אלזאָ, וויאזוי קומט פאָר, לויט טראָצקינ, דער היסטאָרישער פראָצעס? אייגנטלעכ וואָלט מענ געדארפט זאָגנ לויט טראָצקי-פלעכאנאָוונ, ווייל אינ זיינע היסטאָרישע קאָנצעפציעס ווייזט טראָצקי קיינ גרויסע אָריגינעלקייט ניט ארויס: אינ גרונט גענומענ שטייט ער דאָ אינ די אלע פראגעס אפ די מענשעוויסטישע פאָזיציעס פונ פלעכאנאָוונ. לאָמיר זיכ אינקורצנ דערמאָנענ, אינ וואָס באשטייענ די דאָזיקע מענשעוויסטישע טעאָריעס. פלעכאנאָוו האלט זיכ בא דער מיינונג, אז קלאסנקאמפ איז ניט די איינציקע טרייב-קראפט פונעמ געשיכטלעכנ פראָצעס, נאָר איינער פונ זיי:

„קעדיי צו פארשטיינ, אפ וואָס פאר אנ אויפנ די קונסט שפיגלט אָפ דאָס לעבנ, דארפ מענ פארשטיינ דעמ מעכאניזמ פונעמ לעצטנ. אונ בא די ציוויליזירטע פעלקער שטעלט מיט זיכ פאָר דער קלאסנקאמפ איינע פונ די וויכטיקסטע פרוזשינעס“ (Плеханов, „Французская драматическая литература“, т. XIV, стр. 113).

אונ וויבאלד, אז קלאסנקאמפ איז נאָר איינע פונ די פרוזשינעס פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, קענ טרעפנ, אז די דאָזיקע פרוזשינע זאָל אמאָל יאָ גילטיק זיינ אונ אמאָל ניט — אָפהענגיק פונ אָרט, צייט א. אז. וו. אינ באצוג צו רוסלאנד, אשטייגער, איז פלעכאנאָוו געקומענ צו אזא קאָנצעפציע:

„דער אנטוויקלונג-גאנג פונ יעדער געגעבענער געזעלשאפט, וואָס איז צעטיילט אפ קלאסנ, ווערט באשטימט דורכ דעמ אנטוויקלונג-גאנג פונ די דאָזיקע קלאסנ אינ זייערע געמיינזאמע באציונגענ, ד. ה., ערשטנס, דורכ זייער געמיינזאמענ קאמפ דאָרטנ, ווו עס האנדלט זיכ וועגנ דער אינערלעכער געזעלשאפטלעכער איינאָרדענונג, אונ, צווייטנס, דורכ זייער מער אָדער ווייניקער פריינטלעכער מיטארבעטערשאפט דאָרטנ, ווו עס האנדלט זיכ וועגנ פארטיידיקנ דאָס לאנד פונ אויסערלעכע אָנפאלנ. הייסט עס, אז דורכ דעמ אנטוויקלונג-גאנג אונ געמיינזאמע באציונגענ פונ די קלאסנ, וואָס האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט די רוסישע געזעלשאפט, דארפ דערקלערט ווערנ די אָנסאָפעקדיקע ר ע ל י א ט י ו ו ע אייגנארטיקייט פונ דעמ רוסישנ היסטאָרישנ פראָצעס“ (Плеханов, „История русской общественной мысли, т. I, стр. 11).

די „רעליאטיווע אייגנארטיקייט פונ דעמ רוסישנ היסטאָרישנ פראָצעס“ קומט טאקע פאָר, לויט פלעכאנאָוונ, אפ אזא אויפנ: די גאנצע רוסישע געשיכטע שטעלט מיט זיכ פאָר א קייט פונ אומופהערלעכע קאמפנ מיט פארשיידענע וואנדערנדיקע פעלקער, א קאמפ, וואָס האָט געפאָדערט די אָנשטרענגונג פונ אלע קויכעס פונעמ לאנד. דער דאָזיקער קאמפ, אינ וועלכנ ס'האָט אָנטייל גענומענ דאָס גאנצע לאנד, האָט מיטגעהאָלפנ דעמ פראָצעס פונ קאָנסאָלידירנ

אלע געזעלשאפטלעכע קלאסנ. אדאנק דעמ, איז פאָרגעקומענ אנ אייגנארטיקע ארבעט-פארטיילונג פונ פארשיידענע געזעלשאפטלעכע קלאסנ, וועלכע ווערט בא פלעכאנאָוונ אויסגעדריקט אינ אזא פאָרמול: „דער קייסער קיניגט, אונ דער פויער אקערט“.

דער כ׳ פאָקראָווסקי האָט גלענצנדיק דערוויזנ, וויאזוי די דאָזיקע היסטאָרישע „אידיליע“ פונ פלעכאנאָוונ האָט אימ אונ אלע מענשעוויקעס געדינט אלס מעטאָדאָלאָגישע באזע פאר זייער נאציאָנאל-שאָוויניסטישער אונ באשיצלערישער פראקטיק. *

דער „היסטאָריקער“ טראָצקי נעמט אופ די דאָזיקע טעאָריעס אינגאנצנ, אונ ניט נאָר, וואָס ער נעמט זיי אופ — ער פארברייטערט זיי אפילע ביז צומ אויספיר, אז אינ רוסלאנד האָבנ ביקלאל ניט עקזיסטירט קיינ קלאסנ... אָט וויאזוי עס זעט אויס די רוסישע געשיכטע לויט טראָצקינ:

„ווי גרויס איז דער אונטערשייד פונ די קולטורעלע טיפנ (צווישנ רוסלאנד אונ מערעוו-אייראָפע — ל. צ.), אויב מע זאָל דאָס נאָכפאָלגנ אפ דער געשיכטע פונ די שטעט. די מיטלאלטערלעכע שטאָט פונ אייראָפע איז געווענ די שטייגערנע וויגעלע פונעמ דריטנ שטאנד. דאָרטנ איז צוגעגרייט געוואָרנ די נייע עפאָכע. אינ די צעכנ, גילדיעס, מוניציפאליטעטנ, אוניווערסיטעטנ מיט זייערע פארזאמלונגענ, וואלנ, פראָצעסיעס, פייערונגענ, דיספוטנ האָבנ זיכ געשאפנ די ווערטפולע געוווינהייטנ פונ זעלבסטפארוואלטונג אונ עס איז אויסגעוואקסנ די מענטשלעכע פערזענלעכקייט, — פארשטייט זיכ, די בורזשואזע, אָבער די פערזענלעכקייט אונ ניט די „מאָרדע“, אפ וועלכער יעדער „בודאָטשניק“ האָט געקענט מאָלנ ארבעס... ווענ דעמ דריטנ שטאנד איז ענג געוואָרנ אינ די אלטע קאָרפאָראציעס, איז אימ געווענ גענוג, ער זאָל איבערטראָגנ די נייע-אנטשטייענדיקע סאָציאלע באציונגענ אפ דער מעלוכע אינגאנצנ. אָבער אונדזערע — ניט נאָר די „מיטלאלטערלעכע“, נאָר אפילע די שטעט פונ פאר דער רעפאָרמע? — דאָס זיינענ ניט קיינ האנטווערקערישע האנדל-צענטרענ, נאָר עמעצע מיליטעריש-אדעליקע אָנוווקסנ אפנ קערפער פונ דעמ אלרוסישנ דאָרפ. זייער ראָליע איז א פאראזיטישע. פריצימ, באדינער, סאָלדאטנ, טשינאָווניקעס“... („Об интелигенции“ стр. 284)

א קלאָר בילד: אינ מערעוו-אייראָפע — גרויסע אינדוסטריעל-האנדל-צענטרענ, בא אונדז — מיליטערישע יעשווימ, אפ מערעוו — באוווסטזיניקע פאָלקמאסנ, בא אונדז — „מאָרדעס“ א. אז. וו. ווער-זשע, אויב אזוי, באוועגט דעמ היסטאָרישנ פראָצעס? ווער איז זיינ פערמענט?

„די רוסישע אינטעליגענצ האָט געשאפנ די געשיכטע צווישנ זיכ...“ („Судьба толстого журнала“).

אונ אנדערש האָט דאָס, אייגנטלעכ, לויט טראָצקינ, ניט געקענט זיינ, ווייל „דער מוילוורפ פונ די אונטערערדישע געזעשאפטלעכע פראָצעסנ האָט געארבעט געוואלדיק לאנגזאמ“ (דאָרטנ); ווייל נאָר „אינ 1905-1906 י.י. זיינענ אפ דער היסטאָרישער סצענע ארויסגעטראָטנ סאָציאלע קערפערשאפטנ — קלאסנ,

* М. Н. Покровский „Борьба классов и русская историческая литература

מיט זייערע אינטערעסן און פֿאָדערונגען"? (דאָרט), ווײַל נאָר דאַן, ווי עס פֿאַרזיכערט טראָצקי, „איז מיט אונדזער קאַראַטײַעװשטשינע, מיט דער געשיכטעלאָזיקײַט פֿאַרענדיקט געוואָרן אויף שטענדיק" („Об интелигенции", стр. 295).

אָט אַזוי קלינגט דער „קלאַסישער" ענטפֿער אויף אַלע „פֿאַרשאָלטענע פֿראַגעס" פֿון דער געשיכטע: ניטאָ ניט קיין קלאַסן, ניטאָ ניט קיין קלאַסנקאַמף — אַלץ איז אײנפֿאַך און פּשוט. אַלץ און אַלעמען האָט „פֿאַרביטן" די אינטעליגענץ, בעסער אָדער ערגער, נאָר טאַקע זי אַליין, די אינטעליגענץ, האָט ביזן 1905 געשטויסן דעם היסטאָרישן פּראָצעס... נאָכמער: טראָצקי באַהויפּטעט, אַז דאָס איז געוואָרן די מיסיע פֿון דער רוסישער אינטעליגענץ אין פֿאַרלויף פֿון דער גאַנצער רוסישער געשיכטע:

„דאָס פֿאַרבײַטן די ניט־עקזיסטירנדיקע (!?! — ל. צ.) אָדער שוואַך־עקזיסטירנדיקע קלאַסן, וואָס האָט מאַסקירט די סאָציאַלע שוואַכקײַט פֿון דער אינטעליגענץ, ווערט איר אידייִשע נייטווענדיקײַט און צוגלײַך דערמיט — פּאָליטישע פּראָפֿעסיע. לעבאַטכילע פֿאַרבײַט די אַריסטאָקראַטישע אינטעליגענץ דעם „האַמוין", דערנאָך פֿאַרבײַט דער פּאָלקיסט־„ראַזנאָטשינעץ" דאָס פֿויערטום; שפּעטער דער אינטעליגענט־מאַרקסיסט — דעם פּראָלעטאַריאַט"...

ווײַטער גייט אַ גאַנצע קאָנצעפּציע וועגן די פּאָלקיסטן, וועלכע מיר לאָזן דורך, (זי האָט אַ ווײַטערע שײַכעס צו אונדזער טעמע) און עס קומט דער אַלגעמײנער אויספֿיר:

...„נאָר אַפֿילע אין דעם פֿאַל, ווען די אידייִ איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פֿון דער אַלגעמײן־היסטאָרישער אַנטוויקלונג, איז זי (די אידייִ — ל. צ.), אונטער דער ווירקונג פֿון מײַרעוו אויף אַזוי פֿיל פֿאָרויסגעגאַנגען דער אַנטוויקלונג און צײַט, אַז די טרעגער פֿון דער אידייִ — די אינטעליגענץ — האָט זיך אַרויסגעוויזן געקניפּט מיטן פּאָליטישן לעבן פֿונעם לאַנד ניט דורכן קלאַס, וועלכן זי האָט געזאָלט דינען, נאָר דורך דער אידייִ פֿונעם דאָזיקן קלאַס. אַזוי איז געווען מיט די ערשטע קרײַזלעך פֿון דער מאַרקסיסטישער אינטעליגענץ. נאָר מיט דער צײַט איז דער גײַסט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין מאַטעריע".

און אָט די דאָזיקע רעאַקציאָנער־אידעאַליסטישע פּלאַפּלערײַ האָט געדאַרפֿט הייסן מאַרקסיזם!

מיר מוזן אָבער אַלעמאָל נאָכפֿאָלגן, וויאַזוי יעדער מעטאָדאָלאָגיע איז געקניפּט און פֿאַרורזאַכט פֿון אַ באַשטימטער פּאָליטישער קאָנצעפּציע, וויאַזוי זי באַדינט איר צוליב אירע צילן. — אויף דעם פֿאַל וועט עס זײַן באַזונדערס באַלערנדיק — און אַ טראַכט טאָן צוליב וואָס איז דאָס נייטיק געווען טראָצקין אָט אַזאַ טעאָריע דאַן, ווען דער דאָזיקער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן און צוליב וואָס האָט ער עס באַדאַרפֿט אַרײַנשטעלן אין אַ זאַמלונג אַרטיקלען, וואָס איז דערשינען אין 1924 י.

קוקן מיר זיך צו צו דעם, ווען דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן, זעען מיר, אַז גראָד דאַן אײַ, אימ די דאָזיקע קאָנצעפּציע וועגן געשיכטלעכן פּראָצעס פֿון רוסלאַנד זייער נייטיק געווען. דאָס איז געווען אין די „גליקלעכע

צײַטנ״, ווענ מע האָט אלצ אונ אַלעמענ מאָביליזירט אונ געשאפנ דעמ באַרימטנ אור-
גו״ט-בלאָק קעגנ דער פארטײַ (1912). אָט דאנ איז טאקע נײטיק געווענ, קעדײ צו
רעאביליטירנ די אײגענע ליקווידאטארישקײַט צו באגרינדנ דעמ טעזיס וועגנ דער
נײטרײַפקײַט פונ די מאסנ צומ פאָליטישנ לעבנ, וועגנ דער אומבאגרענעצטער
ראָליע פונ דער אינטעליגענצ אונ אז. וו. דעמ דאָזיקנ פ אָ ל י ט י ש נ עקווי-
וואלענט פונ די דאָזיקע אלע טעאָריעס האָט גלענצנדיק אופגעדעקט לענינ. מיר
נעמענ, אשטײגער, לענינס ארטיקל „О нарушении единства прикрываемом
криками о единствѣ“, וואָס איז אויכ געשריבנ אינעמ זעלבנ פעריאָד,
געפינענ מיר א גלענצנדיקנ בילד וועגנ דעמ, וויאזוי טראָצקי סטארעט זיכ
מיט אלע מעגלעכקײַטנ ארויסצושטופנ אפנ ערשטנ פלאנ פונ דער געשיכטע די
אינטעליגענצ, וויאזוי צוליב דעמ פעלשט ער די געשיכטע. לענינ כאפט
טראָצקינ פאָשעט פארנ האנט, ווענ ער פרוווט דערווײַזנ, אז די מאסנ זײַנענ נאָכ
אדײַעמ אזוי אָפגעשטאנענ, אז דער אײנציקער באוועגלעכער עלעמענט אינ
געזעלשאפטלעכנ לעבנ איז די אינטעליגענצ. דורכ פילצאָליקע פאקטנ דער-
ווײַזט לענינ, וויאזוי, שוינ אָנהײבנדיק פונ די 90-ער יאָרנ, „שטעלט די אינטע-
ליגענצ מיט זיכ פאָר א מינדערהײַט צווישנ די אָנטײלנעמער פונ דער באווע-
גונג. ארבעטער (פונ דער אינדוסטריע אונ האנדל) זײַנענ שוינ באדײַטנדיק מער,
ווי אינטעליגענצ, ארבעטער אונ פויערימ צוזאמענ — מער ווי העלפט״ (לענינ,
ב. XII, II, 463—475).

לאָמיר פארגעדענקענ: לענינ מאָלט אָנ דעמ דאָזיקנ בילד פונ די 90-ע ר י אָ ר נ
פונ פאָריקנ יאָרהונדערט, אָבער לויט טראָצקינ באקומט זיכ, אז אויכ אינ 1912
געפינענ זיכ די מאסנ אינ א לעטארגישנ שלאָפ! צוליב וואָס איז עס נײטיק? —
טאקע צוליב דעמ, קעדײ צו דערווײַזנ, אז די מאסנ זײַנענ פינצטער, אָפגעשטא-
נענ אונ זײַנענ ניט מער, ווי אנ אָביעקט פאר דער פאָליטישער שפיל פונ דער
אינטעליגענצ. אָבער אזוי ווי די אינטעליגענצ גופע איז, לויט טראָצקינ, אויכ
שוואכ, ווילנלאָז, איז וואָס-זשע בלײַבט — וועלכע פערספעקטיוונ זײַנענ פאראנ
אפ א רעוואָליוציע? טאקע קײנע ניט... סײַדנ, עפשער... אָבער דאָ וואָלט
ווידעראמאָל אונ נאָכאמאָל אויסגעקומענ איבערצודערצײלנ טראָצקיס „פארמא-
נענטע״ טעאָריעס וועג דער רעוואָליוציע...

וואָס שטעלט מיט זיכ אָבער פאָר די „מעסיאַנישע״ — לויט טראָצקיס אויס-
דרוק — אינטעליגענצ? וועלכע קלאסנ דינט זי איצט נאָכנ 1905 יאָר? (אונ
איצטער האָט דאָכ שוינ טראָצקי אלײנ „דערלויבט״ פארשײדענע קלאסנ ארויס-
צוטרעטנ אפ דער היסטאָרישער ארענע...). הײבסטו אָנ צו זוכנ בא טראָצקינ
אנ ענטפער אפ די דאָזיקע אלע פראגעס אונ דו דערפילסט גלײַכ, וואָס הײסט —
ה ו נ ד ע ר ט פ ר אָ צ ע נ ט י ק ע ר ע ק ל ע ק ט י ז מ.

עס איז דאָכ בעעמעס ווונדערבאר, ווי „ברײט״, ווי „פרײַ״ טראָצקי פא-
רײניקט צווײ דיאמעטראל-קעגנזעצלעכע געדאנקענ! מיר נעמענ טאקע די פראגע
וועגנ דער אינטעליגענצ, באקומענ מיר דאָ אזא בילד: אומעטומ ווערט די
אינטעליגענצ ארויסגעשטעלט אלס אזא געזעלשאפלעכער קויעכ, וואָס שטײט
איבער פארשײדענע קלאסנ,* וואָס דיקטירט אפילע איר ווילנ א ל ע קלאסנ

* „אונדזער אלטע, קלאסנלאָזע, מעסיאַניסטישע אינטעליגענצ״ — אזוי בוכשטעבלעכ שרײַבט
טראָצקי אינ זײַנ ארטיקל „Об интелигенции“ פונ 1912.

און מיטאמאָל — „פארגעסט“ טראָצקי אלע זײַנע אייגענע באהויפּטונגען וועגן דער אַלמעכטיקייט פון דער אינטעליגענץ און הייבט אָן ליבלעך איראָניזירן מעקויעך דעם, וואָס „קיינמאָל איז זי (די אינטעליגענץ — ל. צ.) ניט דערגאנגען צו אזא זעלבסטפארליבטקייט און פרעטענציעזקייט, ווי איצט, אזוי, אז זי מאָלט זיך אפילע אויס איר אייגענע ראָליע אף אזא מין אופן: „...די רעליגיע—דאָס בין איך, די קולטור — דאָס בין איך, די פארגאנגענהייט, דער הײַנט און צו־קונפט — דאָס בין איך“ („Об интелигенции“, стр. 282) און ניט נאָר, וואָס ער איראָניזירט — ער פאלט אפילע שארף אָן אף די טרעגער פון אזעלכע אָנשויונגען, אשטייגער, ווי איוואנאָוו-ראזומניק. און די גאנצע שולד פונעם לעצטן באשטייט אין דעם, וואָס ער אנטוויקלט די זעלבע טעאָריעס, — וואָס לעוו דאַווידאָוויטש טראָצקי... קעדיי צו בלײַבן אן „אָביעקטיווער איידעס“, וועלן מיר טאקע צונויפירן די „קעמפנדיקע“ צדאָדים און לאָזן זיי אליין דיסקוטירן, די רעזולטאטן דערפון וועלן זיך בעעמעס באקומען גאָר טשיקאווע. אף וויפל איוואנאָוו־ראזומניק איז דער „אָנגעגריפענער“, וועלן מיר פריִער אים לאָזן ארגומענטירן זײַנע טעאָריעס וועגן דער אינטעליגענץ, דערנאָך וועלן מיר געבן א וואָרט טראָצקין.

אלזאָ, איוואנאָוו־ראזומניק וועגן דער אינטעליגענץ (לויט טראָצקיס איבערדערציילונג):

„... אָט דער דאָזיקער מאניע פון גרויסקייט (בא דער אינטעליגענץ — ל. צ.) האָט דער הער איוואנאָוו-ראזומניק, ווי באוווסט, אויסגעבויט א גאנצע פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע. די רוסישע אינטעליגענץ, אלס אויסער-שטאנדיקע („несословная“), אויסערקלאסעווע, ריין-אידייִשע, אין הייליקן פלאם פלאמענדיקע גרופּע ווײַזט זיך דאָ ארויס אלס די פרוזשינע פון דער היסטאָרישער אנטוויקלונג: זי פירט עס דעם גרויסן קאמף מיט דער „עטישער“ מעשטשאנסטווע, זי דעראָבערט נײַע גײַסטיקע וועלטן, וועלכע ווערן טיילווײַז און לאכאָדימדיק אסימילירט דורך דער מעשטשאנסטווע — זי, די אינטעליגענץ, באווועגט זיך קיינמאָל ניט און מיטן וואנדער־שטעקן אין די הענט גייט זי אלץ ווײַטער און ווײַטער — צו אנדערע וועלטן. און דערדאָזיקער אווטאָנאָמער מארש פון דער אינטעליגענץ שאפט טאקע די רוסישע געשיכטע... לויט איוואנאָוו-ראזומניקן“ („Об интелигенции“. стр. 262.).

אין א צווייטן אָרט:

„די אינטעליגענץ פארטרעט (Заместительствует) פארטייען, קלאסן, פעלקער, די אינטעליגענץ לעבט איבער קולטורעלע עפּאָכעס — צוליבן פאָלק. די אינטעליגענץ קלײַבט אויס אנטוויקלונג-וועגן — פארן פאָלק. ווו קומט עס פאָר די דאָזיקע טיטאנישע ארבעט? טאקע אין דער פאָרשטעלונג פון דער דאָזיקער זעלבער אינטעליגענץ“! (דאָרט, ז. 288).

און איצטער וואָס זאָגט טראָצקי אליין וועגן דער זעלביקער פראגע?

„די אינטעליגענץ איז געווען אין רוסישן לעבן א גרויסע פארטרעטערן (אונטערגעשטראָכן פון טראָצקין — ל. צ.), מיט איר געדאנק האָט זי געפּרווט צו פארבײַטן דעם רעאלן פראָ־

צעס פונ אנטוויקלונג, „מיט אירע אידייִשע גרופירונגענ — דעמ קאמפ דורכ געזעלשאפטלעכקײַט”... („Судьба толстого журнала“, 325)

מיר לאָזנ פארבײַ די דאָזיקע פלאפלערײַ וועגנ דעמ, אז דער געדאנק קענ פארבײַטנ א רעאלנ פראָצעס, מיר לאָזנ דורכ דאָס קעגנשטעלנ אידייִשע גרופירונגענ אונ קאמפ פונ געזעלשאפטלעכע קיכעס א. ד. גל. מיר האָבנ שוינ גענוג מאטעריִאלנ אפ ניט איבערראשט צו ווערנ דערפונ — אונ מיר שטעלנ זיכ א פראגע: וואָס, אייגנטלעכ גערעדט, געפינט טראָצקי ניט ריכטיקעס אינ איוואַנאָוו-ראזומניקס טעאָריעס, וועלכע זײַנענ דאָכ קימאט ווי א קאָפּיע פונ זײַנע אייגענע, אונ, צווייטנס, וויִאזוי קענ מענ קעמפנ מיט דעמ, וואָס מע פארטיידיקט אליינ?...

מער אינטערעסאנט איז אָבער די פראגע: צו וואָס פירנ פּאָליטיש די דאָזיקע אלע טעאָריעס וועגנ דער אינטעליגענצ?

טראָצקי, ווי מיר זעענ, האלט זיכ אײַזנ-פעסט בא דער מיינונג, אז די אינטעליגענצ איז ניט פארבונדנ אונ ניט אָפּהענגיק פונ א וועלכנ עס איז קלאס, איז אפ וויפל די אינטעליגענצ האָט די מאָנאפּאָל אפ דער וויסנשאפט אונ קונסט, קענ מענ ביקלאל ניט ריידנ וועגנ וועלכע עס איז קלאסנ-ווירקונגענ אונ קלאסנ-באדינגטקײַט פונ אָט די דאָזיקע געביטנ. מיט איינ וואָרט, מיר האָבנ דאָ אינ לעצטנ סאכאקל אזא קאָנצעפּציע, וואָס האָט אפילע ניט קיינ רעמעז פונ מארקסיזמ. *

ווענ מע זאָל טראָצקינ מאכנ א דערווידערונג, אז אזא קאָנצעפּציע האָט אפילע ניט קיינ רעמעז פונ מארקסיזמ, וואָלט ער אפ יעדער איינער פונ די דאָזיקע דערווידערונגענ ענטפערנ אפ אזא מינ אופנ: עמעס טאקע, אז די

*) אינטערעסאנט, וויִאזוי די טעאָריע וועגנ דער אוּמעכטיקייט פונ דער אינטעליגענצ ווערט בא הײַנטיקנ טאָג אויסגענוצט צוליב זייערע פּאָליטישע צילנ דורכ די דײַטשישע פאשיסטנ.

אינ זײַנ בוכ „מײַנ קאמפּ” שרײַבט היטלער פאָלגנדיקעס:

„מיר פארענדיקנ די אייביקע באוועגונג פונ די גערמאנער אפ דאָרעמ אונ מײַרעוו אונ מיר ווענדנ אונדזער בליק אפ די טעריטאָריעס פונ מיזרעכ. מיר ענדיקנ מיט דער קאָלאָניִאלער האנדל-פּאָליטיק אונ מיר גייענ איבער צו א פּאָליטיק פונ אײַנעמענ נײַע טעריטאָריעס. אונ ווענ מיר ריידנ הײַנט וועגנ א נײַער טעריטאָריע אינ אייראָפּע, קענענ מיר טראכטנ נאָר וועגנ רוסלאנד אונ אירע אונטערטעניקע ראנד-געביטנ. דער גוירל אליינ האָט ווי אָנגעוויזנ אָט דעמ וועג. איבערגעבנדיק רוסלאנד אינ דער מאכט פונ באָלשעוויזמ, האָט ער אָפּגענומענ באמ רוסישנ פאָלק די אינטעליגענצ, וועלכע האָט ביז דעמ מאָמענט געשאפנ אונ גאראנטירט איר מעלוכישנ צושטאנד, ווײַל די אָרגאניזאציע פונ דער רוסישער מעלוכע איז ניט געווענ קיינ רעזולטאט פונ דער מעלוכישער פייִקײַט פונ דעמ סלאווענטומ אינ רוסלאנד, נאָר א גלענצנדיקער בײַשפּיל פונ דער מעלוכיש-שעפערישער טעטיקײַט פונעמ גערמאנישנ עלעמענט צווישנ דער נידעריק-שטייענדיקער ראסע”.

(ציטירט לויט כ׳ בוכארינס רעדע אפנ XVII פארטיי-צוזאמענפאָר).

היטלער, ווי מיר זעענ, „מאָדיפיצירט עטוואָס טראָצקיס טעאָריע אינ דעמ זינ, וואָס ער רוקט ארויס אפנ פאָדערפלאנ דעמ גערמאנישנ עלעמענט צווישנ דער אינטעליגענצ, אָבער ער האלט זיכ אויכ בא דער גרונט-אײַנשטעלונג וועגנ דער אינטעליגענצ, וואָס „פארבײַט” די ברייטע פאָלקמאסנ אונ מאכט פונ דער דאָזיקער „מעטאָדאָלאָגיע” די געהעריקע פּראקטישע אויספירנ — זי דארפ בארעכטיקנ די אימפעריִאליסטיש-אינטערווענציאָניסטישע פּלענער פונ דעמ דײַטשישנ פאשיזמ אינ באצוג צו די ארבעטנדיקע מאסנ פונ סאָוועטנפארבאנד.

אינטעליגענץ דינט דעם קאַפּיטאַליזם און ניט פאַרקערט, אָבער די אינטעלי־גענץ דינט דער בורזשואַזיע „צוליב א שטיקל ברויט". אין אלע איבעריקע הינזיכטן איז זי פולקום זעלבשטענדיק, אַפילו זעלבשטענדיק, אַז זי דערלויבט זיך אפילע דעם לוקסוס צו פאַראכטן די בורזשואַזיע:

„... עס איז נאָך ניט דורך קיין יאָרהונדערט און די בורזשואַזיע האָט זיך ארויסגעוויזן אין דער זעלבער לאַגע אין באַצוג צו דער קונסט, ווי זי זעלבסט האָט אוועקגעשטעלט די אריסטאָקראַטיע. אין משך פון א לאַנגן פּעריאָד איז איר היסטאָרישע עקזיסטענץ אַפילו אויסגעלייזט געוואָרן, אַז די קונסט האָט איר פון איצטער אָן געקאָנט דינען בלויז פאַראכטנדיק זי. דאָך איז זי גליקלעכער פונעם אדלטום. איר היסטאָרישער אנטאַגאָניסט איז געוואָרן אזא קלאַס, וואָס פאַרמאָגט ניט די געהעריקע פרייַע צייט, קעדיי אריינצופירן די קונסט אין זיין אומגאַנג און די נייטיקע מיטלען, קעדיי צו באַפרייען די קינסט־לער פון איר מאכט. זי האָט זייַ איינגעהיט פאַר זיך... זיי דינען איר בלויז פאַראכטנדיק זי"... („Симплициссимус").

נו, און די בורזשואַזיע „אלס אזעלכע"? צי האָט זי טאַקע ניט אירע אייגענע אידעאָלאָגן, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען אירע אינטערעסן „אַפּ אַן עמעסן" און ניט פאַראכטנדיק זי?—ניין, ענטפערט טראָצקי. אָבער אויב די דאָזיקע אינטעליגענץ, פרעגן מיר ווייַטער, פאַראכטעט די בורזשואַזיע, אויב זי דינט איר נאָר פאַר א שטיקל ברויט און האָט זי אינדערעמעסן פייַנט טאַכלעס סינע—איז וועמען אכטעט זי יאָ און וועמען האָט זי ליב? עפשער דעם פּראָ־לעטאַריאַט?—דאָס אויך ניט, זאָגט טראָצקי, די אינטעליגענץ קען מיטן פּראָ־לעטאַריאַט אויך ניט גיין—זי איז אינגאַנצן אָביעקטיוו...

אָט אזא איז די לאַגע פון דער אינטעליגענץ אין דער קלאַסן-געזעלשאַפט—לויט טראָצקין!...

אומגליקלעכע, נעבעכדיקע בורזשואַזיע, וואָס האָט ניט קיין אייגענע אי־דעאָלאָגן!... גליקלעכע, ווונדערבאַרע אינטעליגענץ, וואָס פאַרמאָגט די פייִקייט צו זיין אומפּאַרטייִש אין דעם גרויסן געשיכטלעכן קאַמף פון קלאַסן!...

ווי בייַסיק לעניִן האָט נאָך אין 1905 י. אויסגעלאַכט * יענע אינטעליגענ־טישע „איבערמענטשן" און „אָביעקטיוויסטן", וואָס האָבן געמיינט, אַז מע קען זיך אויסזוכן א שטילן רויִקן ווינקעלע אין דעם פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף, ווי גלענצדיק ער האָט אופגעוויזן, אַז יעדער ליטעראַטער איז פּאַרטייִש אַפילע דאַן, ווען ער מיינט, אַז ער איז אַבסאָליוט אומפּאַרטייִש!

לויט דעם מענשעוויק טראָצקי באַקומט זיך אָבער, אַז די ליטעראַטור און קונסט זייַנען שטענדיק און אלעמאָל א פּראָדוקט פון א צווישנפּלאַנעטאַרער סאָציאַלער גרופּירונג, וואָס הייסט „אינטעליגענץ"...

## V

טראָצקיס שטעלונג אין דער פּראָבלעם פון מיטלויפעריי אין דער ליטעראַ־טור, זיין באַציִונג צו דער פּראָבלעם פון יערושע און אז. וו., דרינגען ארויס פון אָט די דאָזיקע אלע זייַנע טעאָריעס וועגן דער אינטעליגענץ.

---

* אין זיין ארטיקל „וועגן דער פּאַרטייִשער ליטעראַטור".

וואָס איז די קווינט-עסענץ פון אלע זײַנע טעאָריעס וועגן דער אינטעליגענץ?—אז די אינטעליגענץ איז א באזונדערער געזעלשאפטלעכער קלאס. בא דעם דאָזיקן שטאנדפונקט האַלט זיך טראָצקי אפילו נאָך דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. אָט וויאַזוי ער זעט אין שײַן פון דעם אונדזער רעפובליק: „אונדזער רעפובליק איז א פארבאנד פון ארבעטער, פויערים און פון קליינבירגערלעכער, לויט איר אָפשטאמונג, אינטעליגענץ“ („Партийная политика в искусстве“, стр. 168) די אינטעליגענץ, זאָגט טראָצקי, איז אָבער א קלאס, וואָס פארנעמט א מיטל-לאגע און דערפון נעמען זיך אירע אייביקע וואקלענישן, דעריבער, קלוימערשט, קענען מיר זיך צו איר ניט באַציִען מיטן גאנצן צוטרוי. טראָצקי שטעלט דערבײַ ארויס נאָך א סיבע: וואקלענדיק זיך צווישן פארשיידענע קלאסן, איז דער אינטעליגענט דאָך נעענטער צום פויערטום, איידער צום ארבעטער-קלאס און דאָס איז שוין, פארשטייט זיך, לויט טראָצקין, גענוג, אז מיר זאָלן אים ניט אָנטרויען אין דער קלענסטער מאָס.

„די מערהײַט מיטלויפער, זאָגט טראָצקי, געהערט צו דער אינטעליגענץ, וואָס מאכט זיך פויעריש, אָבער די אינטעליגענטישע אופאסונג פון דער רעוואָליוציע, וואָס שפארט זיך אָן אפן פויער, קומט ניט אויס אָן מעשוגאעסן (без юродства не живет). דעריבער זײַנען די מיטלויפער ניט קיין רעוואָליוציאָנערן, נאָר זיי מאכן זיך צום נאר אין דער רעוואָליוציע. ס׳איז ביז גאָר ניט קלאָר מיט וואָס, אייגנטלעך, מאכן זיי שאָלעם אין איר,—צי דערמיט, וואָס די רעוואָליוציע איז דער אויסגאנגפונקט פון אן אקשאָנעסדיקער באוועגונג פאָרויס, אָדער דערמיט, וואָס זי האָט אונדז, אין אייניקע הינזיכטן, אָפגערוקט אפ צוריק, ווײַל עס זײַנען פאראן פאקטן פון די ביידע קאטעגאָריעס“! („Литературные попутчики революции“, стр. 69). און די קונסט, וואָס די דאָזיקע אינטעליגענץ שאפט, רופט אויך ארויס בא טראָצקין א כשאד, א כשאד דערפאר, ווײַל „אונדזער קונסט—דאָס איז דער אינטעליגענט, וואָס וואקלט זיך צווישן פויער און פראָלעטאריער, וואָס איז אָרגאניש ניט פייִק צונויפגיסן זיך ניט מיט דעם, ניט מיט יענעם, נאָר וועלכער ציט, אדאנק זײַן צווישנלאגע און זײַנע פארבינדונגען, צום פויער: ווערן א פויער קען ער ניט, נאָר ער קען זיך פויעריזירן“ (פאָרוואָרט, ז. 8). און אין א צווייטן אָרט:

„אפ וויפל די אינטעליגענץ, אפילו די אולטרא-סאָוועטישע, איז נים פייִק אופצוגיסן איר וועג מיטן וועג פונעם פראָלעטארישן אוואנגארד, אפ אזויפיל שטרעבט זי צו געפינען פאר זיך אן אָנשפאר, א פאָליטישן, אידייִשן, קינסטלערישן—אינעם פויער, אינעם רעאַלן אָדער אויסגעטראַכטן. נאָכמער איז דאָס קענטיק אין דער קינסטלערישער ליטעראטור, ווו בא אונדז איז פאראן אן אַלטע פאָלקיסטישע טראדיציע. פאר אָדער קעגן אונדז איז דאָס? איך כאזער איבער: דער ענטפער הענגט אָפ אינגאנצן פון דעם ווײַטערדיקן אנטוויקלונג-גאנג. מיר וועלן ברענגען דעם פויער אפן פראָלעטארישן בוקסיר צום סאָציאַליזם—און מיר גלויבן פעסט (הם, הם... ל. צ.), אז מיר וועלן ברענגען, דאן וועט זיך אויך די שאפונג פון די פויעריזירנדיקע ארײַנגיסן דורך

קאָמפּליצירטע און געדרייטע ווענג אין דער צוקונפט פון דער סאָציאַ-ליסטישער קונסט״. („О художественной литературе и политике“, Р. К. П., стр. 206).

וויבאלד נאָר עס שמעקט מיט פּויער איז שוין גענוג, אַז טראָצקי זאָל ווארפן א כשאד אף דער גאנצער נאָכ-אָקטיאבערישער ליטעראַטור.* די גאנצע נאָכ-אָקטיאבערישע ליטעראַטור ווערט געשטעלט אונטער איין גרויסן פראגע־צייכן — אין זינען פון איר קענען און וועלן אופנעמען די רעוואָליוציע, די גאנצע ליטעראַטור קרענקט, לויט טראָצקין, אף צעצווייטקייט און צווייִדײַטי־קייט. בעעמעס: „דער אונטערבאָדן פון אונדזער ליטעראַטור איז א פּויערי-שער, אָבער אָן דעם ארבעטער־אָנפירער איז ניטאָ קיין רעוואָליוציע. דערפון נעמט זיך דער גרונט-קעגנזאַץ אינעם עצעם צוגאַנג צו דער טעמע (ד. ה. צו דער טעמע וועגן דער רעוואָליוציע — ל. צ.). מע קען אפילע זאָגן, אַז די פּאָעטן און שרײַבער פון די איצטיקע שארפע איבערברוכ-יאָרן שיידן זיך מערסטנטייל אונטער איינער פונעם אנדערן דערמיט, וויאַזוי זיי שלאָגן זיך ארויס פון דעם דאָזיקן קעגנזאַץ און מיט וואָס זיי פארפילן זייערע דורכפאלן: איינער — מיט מיסטיק, דער אנדערער — מיט ראָמאנטיק, דער דריטער — מיט פאָרזיכטיקן אויסדרייען זיך, דער פערטער — מיט אלץ-פארטומלדיקע געשרייען״ (ז. 9, פאָרעדע).

און דאָ הייבט זיך אָן דער גאנצער שיידים-טאנץ, וואָס טראָצקי האָט גע-שאפן ארום דער דאָזיקער טעאָריע, — א טעאָריע, וואָס האָט פארפירט ניט איינעם אפילע פון טראָצקיס קעגנער אין אלע איבעריקע פראגעס.

---

* און גראָד דער דאָזיקער געדאנק, וואָס ווארפט א שאָטן אף דער גאנצער אינטעליגענץ, ווײַל זי איז קלוימערשט א באשטאנדטייל פון פויערטום, געפעלט גאָרבאטשאָוון. ער שרײַבט אין זײַן רעצענזיע אף טראָצקיס בוך אָט וואָס:

„מע דארף אָפּצייכענען אלס איינע פון די גרעסטע פארדינסטן פונעם כ׳ טראָצקיס זײַן ריכטיקע אין אלגעמיין שטעלונג פון דער פראגע וועגן די „פּויעריזירנדיקע״ שרײַבער לויט זײַן פאָרמו־לירונג. כ׳ טראָצקיס געדאנק באשטייט אין דעם, וואָס אף וויפל בא אונדז וועלן נאָך א לאַנגע צײַט עקזיסטירן צוויי קלאסן, דער פּראָלעטאריאט און פויערטום, וועט עקזיסטירן צווישן די דאָזיקע ביידע אַן אינטעליגענץ, וואָס פארהיט א געוויסע זעלבשטענדיקייט אין אירע וואקלענישן צווישן זיי; אַז די דאָזיקע אינטעליגענץ וועט, אָנעמענדיק די רעוואָליו־ציע, שטרעבן צו פארטיידיקן דאָס ניט וועלן אונטערווארפן זיך דער שטרענגער סאָציאַל־אידעאָלאָגישער פּראָלעטארישער דיסציפּלין, דער קלאָרקײַט פון דער פּראָלעטארישער פּאָ-ליטיק און מאָנאָליטקײַט פון דער פּראָלעטארישער וועלטאָנשויונג. צוליב דעם ציל וועט זי אפּעלירן צום פויער, צו זײַן קליינבירגערלעכער נאַטור, זײַן ווירטשאפטלעכער זעלבסטשטעי־קײַט. דאָס איז אין אלגעמיין א טיפע און ריכטיקע שטעלונג פון דער פראגע וועגן דער נאַטור פון דער גרונט-גרופּע פון די אזויגערופענע מיטלויפער (אגעוו, א טערמין, וואָס איז אויך פאָרגעלייגט דורך טראָצקין)״.

און קעדיי ריין מאכן זיך דעם געוויסן — א פרומער קרעכצעלע דערבײַ:

„צום באדויערן, איז דאָ ניט אָנגעוויזן אף דער פאנאנדערשיכטונג פונעם פּויערטום און אף דער ספּעציפישער ראָליע פונעם באלעגופ״ — און ער פארענדיקט מעלאנכאָליש: דאָס איז שוין אַן אלגעמיינער בלויז פון כ׳ טראָצקיס גאנצן בוך״.

(Горбачов, „Два года культурной революции“, стр. 161).

א „בלויז״ — און גאָר... אזוי זעט אויס די קריטיק, וועלכע די דאָזיקע טראָצקיסטישע קאָנטרא־באנדיסטן האָבן אָנגעווענדט צו זייער „לערער״.

וואָס איז אזונס א מיטלויפער לויט טראָצקיס פאָרמולירונג? — דאָס איז אזא שרײַבער, וואָס קען אין יעדער מינוט און פון יעדער סטאנציע זיעזער־טירן. אין א מער אנטוויקלטן אויסזען און מיט א ברייטערער ארגומענטאציע זעט אויס דער דאָזיקער טעזיס אזוי:

„...זיי אלע (די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ — ל. צ.) פאַרמאָגן איין אלגעמיינעם שטריך, וואָס טיילט זיי שארף אָפּ פון קאָמוניזם און דראָט שטענדיק קעגנשטעלן זיך אים. זיי כאַפּן ניט ארום די רעוואָ־ליוציע אין איר גאנצקייט און עס זײַנען זיי פרעמד אירע קאָמוניסטישע צילן. זיי זײַנען אלע מער אָדער ווייניקער גענייגט מיט האָפענונג צו קוקן איבערן קאָפּ פונעם ארבעטער אפּן פויער. זיי זײַנען ניט די קינ־סטלער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, נאָר אירע קינסטלערישע מיטלויפער, אין דעם זינען, אין וועלכן דאָס דאָזיקע וואָרט פלעגט גע־ברויכט ווערן דורך דער אלטער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אויב די אוי־סער־אָקטיאבערישע (אין טאָג קעגנ־אָקטיאבערישע) ליטעראַטור איז די אָפּשטאַרבנדיקע ליטעראַטור פון דער בורזשואַז-פּריצישער רוסלאַנד, איז די ליטעראַרישע שאַפונג פון די מיטלויפער א מין נײַער, ס אָ וו ע ט י־ ש ע ר פ אָ ל ק י ז ם (אונטערגעשטראָכן פון טראָצקין — ל. צ.), אָן די טראַדיציעס פונעם אלטן פאָלקיזם און — דערווײַל — אָן פּאָליטישע פּער־ספּעקטיוון. אין באצוג צו דעם מיטלויפער שווימט ארויס שטענדיק די פראגע: ביז וועלכער סטאנציע? („Литер. и революция“, стр. 45).

דאָ האָבן מיר נאָכאמאָל יענעם „אלגעמיינעם“, מיט וועלכן ס׳טראָגט זיך אזוי ארום טראָצקי. אָנשטאָט גענוי צו אנאליזירן באזונדערע טיילן פון דער אינ־טעליגענץ, וואָס אָריענטירן זיך אָפּ פארשיידענע קלאסן, שלײַדערט ער אוף אלץ און אלעמען אין איין קופּע. די דאָזיקע „אוראווניל׳אָווקע“ איז באזונדערס שעד־לעך געווען (און איז נאָך שעדלעך אויך איצט — לאָמיר זיך דערמאָנען דעם בארימטן „ראפּפּישן“ לאָזונג „פאַרבינדעטער אָדער סוינע“), וואָס דער אומצוטרוי צו באזונדערע טיילן פון דער אינטעליגענץ, צו איר בורזשואזן פליגל, איז פארברייטערט געוואָרן אפּ דער גאנצער אינטעליגענץ.

דערבײַ איז אויך דאָ ניט אויסגעמיטן געוואָרן א היסטאָרישע פעלשונג. טראָצקי וויל מאכן דעם אָנשטעל, אז ער טראַקטירט די פּראָבלעם פון מיט־לויפערײַ פונקט אזוי, ווי זי איז טראַקטירט געוואָרן דורך „דער אלטער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע“. אָבער אויב מיר זאָלן אונטער דעם דאָזיקן טערמין פאר־שטיין דעם אָרטאָדאָקסאלן רעוואָליוציאָנערן פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע — דעם באָלשעוויזם — וועלן מיר זען, ווי ווײַט טראָצקי פארקריפּלט די דאָזיקע פּראָבלעם. צוליב דעם איז גענוג צו ברענגען מער ניט, ווי אייניקע ארויסזאָגונגען פון לענינען וועגן דער דאָזיקער פראגע.

דער פּראָבלעם פון אינטעליגענץ ווערט בא לענינען אָפּגעגעבן פיל אָרט און אין פארשיידענע פארבינדונגען: אין צוזאמענהאנג מיט דער פראגע וועגן סטיכיישקייט און באוווסטזיניקײַט אין דער ארבעטער-באוועגונג; אין קאָנ־טעקסט פון דער פּראָבלעם וועגן יערושע; וועגן דער ראָליע פונעם פּראָלע־טאַריאַט באַם אָנפירן מיט די ברייטסטע שיכטן פונעם קליינבירגערטום א. א.

מיר האָבנ ניט די מעגלעכקײַט אינ דער דאָזיקער ארבעט פאַנאַנדערוויקלענ אינ דער גאַנצער ברייט די גאַנצע פּראָבלעם וועגנ דער אינטעליגענצ—וויאַזוי לענינ שטעלט זי. א גאַנצ קורצע, היסטאָרישע ספּראַווקע וועט אונדז אָבער איבערצײַגנ, ווי דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעכ צו טראָצקינ ס'ווערט די דאָזיקע פּראָבלעם געשטעלט אונ געלייזט בא לענינענ.

ווי, אשטייגער, שטעלט לענינ די פראַגע וועגנ דער אינטעליגענצ בייס זײַנ קאַמפּ מיט די עקאָנאָמיסטנ, אָט מיט יענע וווּלגאַרע „מאַרקסיסטנ", וואָס האָבנ אינ דער דאָזיקער פראַגע פאַרנומענ א „לינקע" פּאָזיציע? — לענינ פאַרבינדט דאָנ די פראַגע וועגנ דער אינטעליגענצ מיט דער פראַגע וועגנ באַהערשנ די גאַנצע קולטור, וואָס די מענטשהײַט האָט אויסגעאַרבעט. ריידנדיק אינ „Что делать" וועגנ יענע גראַנדיעזע אויפגאַבעס, וואָס שטייענ פאַרנ רוסישנ פּראָלעטאַריאַט, אלס העגעמאָנ אינ דער רעוואָליוציע, רוקט ער ארויס, צוגלײַכ מיט א ריי אַנדערע פּאָליטישע אונ אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבעס, די פּראָבלעמ פונ באַהערשנ די טעאָריע, ווײַל „...די ראָליע פונ א פּאָרגעשריטענעמ קעמפער קענ אויספילנ די פּאַרטיי, וואָס ווערט אָנגעפירט דורכ א פּאָרגעשריטענער טעאָריע" (לענינ, ב. VI, ז. 380, אונטערגעשטראָכנ דורכ לענינענ). אונ קעדיי באַקומענ א פּאָרשטעלונג, וואָס דאָס הייסט, רעקאָמענדירט לענינ צו דערמאָנענ זיכ „וועגנ די פּאָרגייער פונ דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי גערצענ, בעלינסקי, טשערנישעווסקי אונ די גלענצנדיקע פּלעיאַדע רעוואָליוציאָנערנ פונ די 70-קער יאָרנ" (ז. 381). דערבײַ שטיצט זיכ לענינ אָפּ ענגעלסנ, וועלכער „אָנערקענט ניט צוויי פאָרמעס פונ גרויסנ קאַמפּ פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (פּאָליטישער אונ עקאָנאָמישער) — ווי דאָס איז בא אונדז אָנגענומענ, נאָר דרײַ, שטעלנדיק צוגלײַכ מיט זיי אויכ דעמ טעאָרעטישנ קאַמפּ" (ז. 381, אונטערגעשטראָכנ דורכ לענינענ). לענינ ברענגט א גרעסערנ אויסצוג פונ ענגעלסעס בראָשור „די פּויערימ־מילכאָמע אינ דײַטשלאַנד", ווו ענגעלס אַנטוויקלט דעמ געדאַנק, אז דער דײַטשישער פּראָלעטאַריאַט האָט א גאַנצע ריי פּאָרצוגנ אינ פאַרגלײַכ מיט אַנדערע, אדאַנק זייער אינטערעס צו טעאָרעטישע פראַגעס אונ ווו ענגעלס שטעלט שאַרפּ אונ קאַטעגאָריש די פראַגע וועגנ יערושע, אונ זאָגט, אז „אָנ דער פּאָרגייענדיקער דײַטשישער פילאָסאָפיע, באַזונדערס דער פילאָסאָפיע פונ העגעלנ, וואָלט קיינמאָל ניט אַנטשטאַנענ דער דײַטשישער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזמ — דער איינציקער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזמ, וואָס האָט ווענ עס איז עקזיסטירט".

אָט דאָס אַלצ האָט לענינ גענומענ אלס אויסגאַנג־פּונקט, בייס ער האָט געשטעלט די פראַגע וועגנ סטיכיישקײַט אונ באַוווּסטזיניקײַט אינ דער אַרבעטער־באַוועגונג. לענינ, פאַרשטייט זיכ, וואַרפט אָפּ דעמ מאָמענט פונ סטיכיישקײַט אינ דער אַרבעטער־באַוועגונג אלס דאָמינירנדיקנ. ער לייקנט אָבער גלײַכצײַטיק ניט אָפּ דעמ דאָזיקנ פאַקטער, נאָר ער פאַרייניקט דיאַלעקטיש „די סטיכיישע אויפוואַכונג צו א באַוווּסטזיניקנ לעבנ אונ באַוווּסטזיניקנ קאַמפּ אונ די אָנווויזנהײַט פונ א רעוואָליוציאָנערער יוגנט, א באַוואָפנטע מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טעאָריע, וואָס האָט זיכ געריסנ צו די אַרבעטער" (ז. 384).

פאַר לענינענ איז, פאַרשטייט זיכ, קלאָר די גרונט־טענדענצ פונ דער גע-

שיכטע צו קאָמוניזם, און אַז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט איז באַרופן אַ קער צו טאָן די געשיכטע צו פאַרניכטן קלאַסן און שאַפן אַ קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט. אָבער ער שטרײַכט אַלעמאָל אונטער, אַז פאַרלאָזן זיך אױף דער בלינדער סטי־כיי טאָר מען ניט. לעניז זאָגט, אַז די רעװאָליוציאָנערע ענערגיע, װאָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט אָקומולירט אין זיך, ניײטיקט זיך נאָך אין אַ שטויס פון אויסן — פון דער רעװאָליוציאָנערער טעאָריע, װאָס די בעסטע פאָרשטייער פון דער מענטשהײַט האָבן אויסגעאַרבעט. און דאָ שטעלט זיך לעניז אָפּ אױף דער ראָליע פון דער אינטעליגענץ. לעניז גיט צו דער פראַגע פון דער אינטעלי־גענץ אַ העכסט װיכטיקע באַדײַטונג. ער האַלט זי אַלס יענעם עלעמענט, װאָס גיט אָפּ אַ באַשטימטן היסטאָרישן עטאַפּ אַ ריכטונג דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעטער-באַװעגונג: פון סטיכייִשקײַט, פון טרייד־יוניאָניזם — צום באַװוסט־זיניקן פּראָלעטאַרישן קאַמף. װאָס מער עס װעט אַרײַנגעטראָגן װערן אין דער אַרבעטער-באַװעגונג דער עלעמענט פון באַװוסטזײַן, אַלץ זיכערער װעלן מיר זײַן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט װערט געפירט אױפן װעג פון פּראָלעטאַרישער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק. װען די „עקאָנאָמיסטן" זײַנען אָנגעפאַלן אױף די „איסקראָװצעס", פאַרװאָס זיי האָבן ניט קיין געדולד צו װאַרטן ביז װאַנען דער אַרבעטער־קלאַס װעט אָנזאַמלען קויכעס, קעדיי אָנצוגרײַפן און אָנשטאָט דעם „זוכן זיי פאַרבינדעטע אין די רייען פון די ליבעראַלן און אינטעלי־גענץ", — האָט אױף דעם לעניז געענטפערט: „יאָ, מיר האָבן טאַקע פאַרלאָרן דעם געדולד צו װאַרטן ביזװאַנען די עקאָנאָמיסטן װעלן אױפהערן אַרופצו־װאַרפן זייער אײגענע אָפּגעשטאַנענקײַט אױף די אַרבעטער, באַרעכטיקן דעם מאַנגל אין אייגענער ענערגיע קלוימערשט מיט אַ מאַנגל פון קויכעס בײַ די אַרבעטער... און צי איז ניט קלאָר, אַז טאַקע צוליב דער דאָזיקער אַרבעט (אונטערגעשטראָכן דורך לעניגען — ל. צ.) זײַנען אונדז נייטיק „פאַר־בינדעטע אין די רייען פון דער אינטעליגענץ", װאָס זײַנען גרייט צוזאַמען מיט אונדז אױפדעקן דעם פּאָליטישן אָנגריף אױף די „זעמצעט", לערער, סטאַ־טיסטן, סטודענטן און אַנד. ?" (ז. 431).

די עקאָנאָמיסטן האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ לאַגע: סטײַטש־פון איין זײַט, איז „איסקראַ" קעגן װעלכן עס איז קאָמפּראָמיס אין פּאָליטישן לעבן, און, פון דער אַנדער זײַט, האַלט זי אונטער סטודענטישע שטרײַקן, די באַװעגונג פון די זעמצעס א. א. װ. זיי האָבן אײַנגעזען אין דעם אַ פאַר־ראַט דער קלאַסן-ליניע. לעניז האָט אָבער אױפגעדעקט די גאַנצע מעטאַפיזישע, שטעלונג פון דער פראַגע און אָנשטאָט „אָדער-אָדער" רוקט ער אַרויס די אױפגאַבע „אַקטיװ אַרײַנמישן זיך אין יעדער „ליבעראַלער" פראַגע, און בײַ שטימען די אײגענע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע באַציִונג צו דער דאָזיקער פראַגע" (אונטערגעשטראָכן פון לעניגען, ז. 431).

אָט אַזאַ איז לעניגס שטעלונג צו דער אינטעליגענץ אין יענעם פּעריאָד:

אין קאַמף מיט דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם אױסנוצן אַלע קויכעס, װאָס העלפן מיט דעם דאָזיקן קאַמף. די קלײנבירגערלעכע אינטעליגענץ, װי אײנער פון די אומצופרידענע עלעמענטן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, קען מען און מע דאַרף אױסנוצן אינעם דאָזיקן קאַמף. אָבער דער פּראָלעטאַ-

ריאַט, דער העגעמאָן אין דער רעוואָליוציע, באַשטימט זײַן אייגענע, פּראָ-לעטאַרישע באַציִונג צו אָט די אַלע עלעמענטן און צו זייער קאַמף.

אָט דאָ האָבן מיר שוין די שטעלונג פון לענינען צו דער פראגע פון מיטלויפער פון דער רעוואָליוציע: אויסנוצן אַלע קויכעס, וואָס ברענגען נוצן דער רעוואָליוציע, אָבער ניט אָפּטרעטן אַפילו אויף אַ האָר פון דער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע, ניט צעשמירן די אינטערעסן פון אַרבעטער-קלאַס אין דער באַוועגונג פון די קלייןבירגערלעכע מאַסן, נאָר, פאַרקערט, אַרײַנציִען די דאָזיקע מאַסן אין קאַמף פון דעם אַרבעטער-קלאַס און אָנפירן מיט זיי.

* * *

סאַראַ שאַרפע ווערטער לענין געפינט וועגן יענע „לינקע", וואָס האָבן געפּרוּווט אין אַן אַנדער היסטאָרישער סיטואַציע און אין אַנדערע לענדער פּראָפּאַגאַנדירן דעם געדאַנק וועגן דער ניט-דערלאָזבאַרקייט מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט צו באַנוצן זיך מיט דער הילף פון דער קלייןבירגערלעכער אינטעליגענץ און אָפּגעזאָגט זיך אַריבערפירן די דאָזיקע אינטעליגענץ אויפן צאַד פון דער רעוואָליוציע. מיר האָבן דאָ אין זינען לענינס אַרויסזאָגונגען וועגן דער דאָזיקער פראגע אין „Детская болезнь левизны".

לענין דערווײַזט, וויאַזוי דער באָלשעוויזם האָט שטענדיק דיאַלעקטיש געקענט אויסנוצן די פאַרשיידענע וואַקלונגען פון דער בורזשואַזיע און אין דעם קלייןבירגערטום, קעדיי אויסצונוצן זיי לעטובֿעס דעם פּראָלעטאַריאַט. לענין, אָבער, זעט גלײַכצײַטיק די שוואַכע זײַטן פון די דאָזיקע קלייןבירגערלעכע שיכטן, זייערע שטענדיקע וואַקלונגען „צווישן דער בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט, צווישן בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און סאָוועטן-אָרדענונג, צווישן רעפאָרמיזם און רעאַקציאָנערישקײַט, צווישן אַרבעטער-ליבשאַפט („ראַבאָטשע-ליוביע") און מוירע פאַר פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און אַז. וו". (ז. 213).

איז וואָס לייגט לענין פאָר? אָפּזאָגן זיך פון די דאָזיקע שיכטן און פירן אַ „ריינ"-פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק? אַוודאי און אַוודאי ניט. לענין קוואַליפיצירט אַזאַ פּאָליטיק אַלס ערגסטן מין אָפּאָרטוניזם, וואָס פּוצט זיך אין „לינקע" פראַזעס.

„די ריכטיקע טאַקטיק פון די קאָמוניסטן,—זאָגט לענין,—דאַרף באַשטיין אין אויסנוצן (אונטערגעשטראָכן פון לענינען—ל. צ.) די דאָזיקע וואַקלונגען און בעשומויפן ניט איגנאָרירן זיי; דאָס אויסנוצן פאָדערט האַנאָכעס יענע עלעמענטן, דאַן און אויף אַזויפיל, ווען און וועלכע, ווען און אויף וויפל זיי קערן זיך צום פּראָלעטאַריאַט—צוגלײַך מיטן קאַמף קעגן יענע, וועלכע קערן זיך צו דער בורזשואַזיע" (דאָרטן).

אָט אין די אַלע אַרויסזאָגונגען האָבן מיר דעם שליסל צו אַלע פּראָבלעמעס, וואָס זײַנען שײַעך דער פּראָבלעם פון מיטלויפערײַ אין דער ליטעראַטור: 1) מיר האָבן דאָ אַ קלאָרע פּראָגראַם, וואָס איז געווענדט קעגן יענע שעפער פון „פאַרקישעפטע קרײַזן", וואָס שנײַדן אָפּ דעם וועג פאַר פאָרשטייער פון איין קלאַס איבערצוגיין אויף די רעלסן פון אַן אַנדערן; 2) מיר האָבן דאָ אַ שאַרף געווער, וואָס איז געווענדט קעגן יענע „לינקאַטשעס", וואָס האָבן פאַרעכנט אַלע מיטלויפער פאַר קאָנטררעוואָליוציאָנערן; 3) מיר האָבן דאָ, אַמענדע, אַ שאַרף געווער קעגן טראָצקין און אַלע טראָצקיסטן,

וואָס זײַנען, אינ קעגנזאַץ צו לענינס שטעלונג וועגנ אויסנוצנ די דאָזיקע עלעמענטנ לעמויוועס דער רעוואָליוציע, ניט אָפּלאָזנדיק דערבײַ קיינ איינ האָר פונ דער פּראָלעטארישער אידעאָלאָגיע, געפאלנ „קוירעמ“ פאר די „טרעגער פונ דער מענטשלעכער קולטור“ אונ אינגאנצנ קאפּיטולירט אינ דער פראגע פונ דער פּראָלעטארישער קולטור.

גאנצ אנדערש שטעלט די דאָזיקע פראגע דער מענשעוויק טראָצקי. אינ באצוג צו מיטלויפער קומט ער צו איינ אויספיר: אלע מיטלויפער דערזעענ ניט די רעוואָליוציע, אלע זײַנענ צו איר פּײַנטלעכ, די בעסטע פונ די מיטלויפער פאסנ אופ די רעוואָליוציע נאָר סטיכייִש (זע ז. 57, 73 א. א.).

אָבער אָט וועלכע „מעטאמאָרפאָזעס“ עס קענענ טרעפנ אינ דער געשיכטע. דאכט זיכ, אז נאָכ דעמ אלעמענ, וואָלט טראָצקי באדארפט שטיינ שטאָל אונ אײַזנ פאר דעמ, אז מע זאָל די דאָזיקע מיטלויפער ניט דערלאָזנ אפילע צומ שוועל פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור אונ אז דער פּראָלעטאריאט דארפ זענ וואָס גיכער שאפנ זײַנע אייגענע שרײַבער. טראָצקיס מעטאדאָלאָגישער עקלעקטיזמ אונ מענשעוויסט'שע ליקווידאטאָרישקײַט ברענגט אימ אָבער פּונקט צו פאַרקערטע רעזולטאטנ: מיר דארפנ איבערטרײַבנ די ליטעראטור-בויונג גראָד די דאָזיקע מיטלויפער... פארוואָס?—דערפאר, וואָס „די אומופהערלעכקײַט פונ דער שעפערישער טראדיציע איז נייטיק אויכ דעמ פּראָלעטאריאט. ער פארווירקלעכט זי ניט אזוי דירעקט, ווי אומדירעקט, דורכ דער בורזשואזער שעפערישער אינטעליגענצ, וואָס ציט זיכ מער ווייניקער צו אימ, אָדער וויל זיכ אָנווארעמענ בא זײַנ זײַט אונ וועלכע, אינ איר איינ טייל, דולדעט ער, דעמ אנדערנ,—האלט, אונטער דעמ דריטנ, אדאָפּטירט אימ האלב (полууси-новляет) אונ דעמ פערטנ—אסימילירט ער אינגאנצנ. אָט דורכ דער דאָזיקער קאָמפּליצירטקײַט פונ פּראָצעס, דורכ זײַנ אינערלעכער רײַכקײַט ווערט באשטימט די פּאָליטיק פונ דער פּארטיי אינ געביט פונ קונסט“ („Партийная политика“, стр. 127).

צי איז דאָס טאקע אזוי? צי גיט טאקע טראָצקי ריכטיק איבער די מיינונג פונ דער פּארטיי אינ דער דאָזיקער פראגע? אבסאָליוט ניט. טראָצקי טרעט דאָ ארויס קאטעגאָריש אונ אנטשיידנ קעגנ דער פּארטיי-שטעלונג אינ דער פראגע. לאָמיר זיכ צוליב דעמ ווענדנ צו אנ אָפיציעלנ דאָקומענט—צו דער רעזאָליוציע פונ צ.ק. פונ 1924 י.

## VI

די רעזאָליוציע פונ צ.ק. „וועגנ דער פּאָליטיק פונ פּארטיי אינ געביט פונ קינסטלערישער ליטעראטור“ האָט ארײַנגעטראָגנ א פולע קלאָרקײַט אינ די אלע שטרײַטנ פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור אונ האָט אָנגעמערקט די פּרינציפּיעלע ריכט-ליניע אויכ בענוגייע די מיטלויפער.

די טראָצקיסטנ האָבנ שפּעטער געפּרווט אויסטײַטשנ די רעזאָליוציע אפ אזא מינ אויפנ, אז אינ איר האָט קלוימערשט געזיגט טראָצקיס שטאנדפּונקט וועגנ איבערטרויענ די ליטעראטור די מיטלויפער. דאָס זעלבע האָבנ די רעכטע אָפּאָרטוניסטנ געפּרווט טײַטשנ די רעזאָליוציע אפ אזא מינ אויפנ, אז אפ וויפל די רעזאָליוציע קאָנסטאטירט, אז „קיינ העגעמאָניע פונ דער פּראָלעטא-

רישער ליטעראַטור איז נאָך ניטאָ"—האָט געזיגט זייער שטאַנדפּונקט. צי איז עס אָבער אַזוי? אבסאָליוט ניט. די גאַנצע רעזאָלוציע פון צ.ק. איז געווענדט צו איין פּונקט: קיין העגעמאָניע פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז נאָך טאַקע איצט ניט פאַראַן, אָבער „די פּאַרטיי דאַרף מיטהעלפן די דאָזיקע שרייבער פאַרדינען זיך די היסטאָרישע רעכט אַף העגעמאָניע". און דאָס האָט שוין באַשטימט דעם גייסט פון דער גאַנצער רעוואָלוציע. די רעזאָ-ליוציע באַטראַכט די אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אַלס באַשטאַנדטייל פון דער קולטור-רעוואָלוציע, און דאָס באַטייט פירן אַן אָפּ-שאָנעסדיקן קאַמף קעגן אַלע בורזשואַזע און פּיינטלעכע אידעאָלאָגיעס. דאָס באַטייט אָבער אויך, אַז „אין פעריאָד פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, שטייט פאַר דער פּאַרטיי די פראַגע, וויאַזוי איינלעבן זיך מיטן פויערטום און לאַנג-זאַם איבעראַרבעטן אים. די פראַגע וועגן דעם, וויאַזוי צו דערלאָזן אַ באַ-שטימטע מיטאַרבעטערשאַפט מיט דער בורזשואַזיע און לאַנגזאַם אַרויסשטופּן זי, וויאַזוי אַוועקשטעלן צו דינסט דער רעוואָלוציע די טעכנישע און פאַר-שיידענע „אַנדערע אינטעליגענצ און אידעאָלאָגיש אָפּקעמפן זי בא דער בור-זשואַזיע" (פּונקט 7). און דאָס באַשטימט שוין די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אין באַצוג פון די מיטלויפער.

„אין באַצוג צו די „מיטלויפער" דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט:

1) זייער דיפערענצירטקייט; 2) די באַדייטונג פון אַסאַך פון זיי אַלס קוואַליפיצירטע „ספּעציאַליסטן" פון דער ליטעראַרישער טעכניק; 3) דער מאָמענט פון וואַקלונגען צווישן די דאָזיקע שיכטן שרייבער. די אַלגע-מיינע דירעקטיוו דאַרף דאָ זיין די דירעקטיוו פון טאַקטישער און זאָרגזאַמער באַציִונג צו זיי, ד. ה. האָבן צו זיי אַזאַ צוגאַנג, וואָס זאָל פאַרזיכערן אַלע באַדינגונגען, אַז זיי זאָלן וואָס גיכער איבערגיין אַף דער זייט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע. אָפּזייענדיק די אַנטי-פּראָלעטאַרישע און אַנטירעוואָלוציאָנערע עלעמענטן (איצט זייער ניט קיין באַדייטנדיקע), קעמפנדיק מיט דער אידעאָלאָגיע פון דער נייער בורזשואַזיע, וואָס פאָרמירט זיך צווישן אַ טייל „מיטלויפער" פון דער סמענאָוועכישער פאָרמאַציע, דאַרף די פּאַרטיי געדולדיק באַציִען זיך צו די צווישן־שיכטיקע אידעאָלאָגישע פאָרמעס, געדולדיק מיטהעלפן אויסלעבן די אומפאַרמיידלעך-פילצאָליקע פאָרמעס אין פּראָצעס פון אַלץ מער ענגערער און כאַווערישער מיטאַרבעטערשאַפט מיט די קולטור-רעלע קויכעס פון קאָמוניזם".

אַלזאָ, וואָס זענען מיר אַרויס פון דער דאָזיקער רעזאָלוציע? — אַז 1) די פּאַרטיי שערט ניט אַלע מיטלויפער מיט איין שערעלע, נאָר שיידט אונטער די שיכטן, וואָס זיינען נאָענט דעם פּראָלעטאַריאַט און דער פּאַרטיי פון יענע, וואָס ציִען זיך צו דער בורזשואַזיע; 2) דערפון מוז שוין זיין אַ פאַרשיידענע באַציִונג צו די ביידע גרופּעס — אַן אומבאַראַכמאָנעסדיקער קאַמף קעגן די בורזשואַזע עלעמענטן און אַ געדולדיקע דערציִונג-אַרבעט צווישן יענע, וואָס גייען צום פּראָלעטאַריאַט. און דאָס סאַמע וויכטיקסטע: 3) די פּאַרטיי האָט אָפּגעוואָרפן דעם טעזיס פון טראָצקין וועגן „איבערטרויען", ווייל דאָס וואָלט הייסן אַזוי גוט, ווי פאַרייביקן די קאַטעגאָריע מיטלויפעריי. אָנשטאָט דעם זאָגט די רע-

זאָליוציע גאנצ דיַיטלעכ וועגנ איבערדערציִענ די מיטלויפער אפ די רעלסנ פונ דער פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע, וועגנ מיטארבעטנ מיט די „קולטורעלע קויכעס“. דאָס אלצ איז ארויסגעדרונגענ פונ דער לעניניסשער שטעלונג וועגנ צוזאמענשלוס מיט די ברייטע שיכטנ ארבעטנדיקע: ניט אָפּוואַרפנ גאדלעסדיק די מיטארבעטערשאפט פונ די דאָזיקע ברייטע שיכטנ, נאָר אויסנוצנ זיי אלס פארבינדעטע אינ דער רעוואָליוציע, ניט גייִנ אפנ וועג פונ עקיסטישער „פריַיער קאָנקורענצ“, נאָר שטעלנ אינ צענטער די אָנפירנדיקע ראָליע פונ דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע. אינ געביט פונ דער ליטעראטור־פאָליטיק האָט עס באטיַיט א צעשמעטערנדיקנ קלאפּ איבער אלע רעכט־אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס אינ דער פראגע וועגנ מיטלויפער (טראָצקי, בוכארינ), אונ קעגנ אלע „לינקע“ (פריִיקע אָנפירער פונ „נא פּאָסטו“), וואָס האָבנ באטראכט דעמ גאנצנ מיטלויפערישנ פראָנט אלס אָפּצוויַיג פונ דעמ בורזשואזנ.

וואָס פאר א פערספעקטיוו האָט טראָצקי אָנגעמערקט פאר די גרונט־מאסנ פונ די סאָוועטישע שריַיבער?

פונ דעמ אלעמענ, וואָס מיר האָבנ געבראכט פונ טראָצקיס ארויסזאָגונגענ איבער דער פראגע פונ ליטעראטור אונ קולטור ביקלאל, איז פאר אונדז קלאָר געוואָרנ, אז טראָצקי זעט אינ דער גאנצער מענטשלעכער קולטור נאָר „איינ מעסוירע“ — די בורזשואזע קולטור. וועגנ דעמ, אז אינ „יעדער קולטור האָבנ מיר צוויי קולטורנ“ (לענינ)—דאָס ווייס ער ניט אונ וויל ניט וויסנ. דעריבער שטעלט ער די פראָבלעמ פונ יערושע אפ אזא אויפנ, אז מיר יארשענענ די בורזשואזע קולטור אזוי ווי שטייט אונ גייט, אונ וויבאלד אזוי, מוז מענ אָנעמענ די בורזשואזע אינטעליגענצ אויכ ווי זי שטייט אונ גייט. פונ דער אנדער זיַיט, שטעלט ער אינ ערגעצ ניט די פראגע וועגנ איבערדערציִענ דעמ מיטלויפער, וואָס פארמאָגט נאָכ אָפטמאָל קליינבירגערלעכע פאָרורטיילנ. די גאנצע אָנפירונג פונ דער פארטיי אינ באצוג צו די מיטלויפער דארפ זיַינ, זאָגט טראָצקי, א „ברייטע“, א „בייגעוודיקע“, „נא א וואכזאמער רעוואָליוציאָנערער צענזור — א ברייטע בייגעוודיקע פאָליטיק אינ געביט פונ קונסט, וואָס איז פרעמד פונ קריַיזלדיקער סינע“ („Партийная политика“, стр. 167).

אינ וואָס דארפ זיכ אויסדריקנ די דאָזיקע פאָליטיק? וועלכע פאָרמעס פונ אָנפירונג דארפ זי האָבנ?

> „אונדזער פאָליטיק אינ דער קונסט פונעמ איבערגאנג־פעריִאָד קענ אונ מוז זיַינ געווענדט אפ דעמ, אז מע זאָל פארלייַכטערנ פארשיידענע קינסטלערישע גרופּירונגענ אונ שטרעמונגענ, וואָס האָבנ זיכ געשטעלט אפנ באָדנ פונ דער רעוואָליוציע, פארשטייִנ אמ אנ עמעסנ איר געשיכטלעכנ זינ אונ שטעלנדיק איבער זיי אלעמענ איינ קריטעריִ: פאר דער רעוואָליוציע אָדער קעגנ דער רעוואָליוציע, געבנ זיי אינעמ געביט פונ קינסטלערישער זעלבסטבאשטימונג פולקומע פריַיהיַיט“ (פּאָרעדע, ז. 11).

ווידעראמאָל א מוסטער פונ טראָצקיסטישער „דיִאלעקטיק“: אָדער פאר דער רעוואָליוציע, אָדער קעגנ דער רעוואָליוציע, אָדער א צענזור, אָדער פולקומע פריַיהיַיט... פארשטייִנ, אז אָנשטאָט א פּאָליטיק פונ געשריַיענ, אָדער „ליבעראליזמ“ קענ זיַינ א פאָליטיק פונ דערציִענ, פונ הייבנ דעמ באוווסטזיַינ פונ

מיטלויפער אינ דער ריכטונג צום קאָמוניזם — דאָס קענ ניט אונ וועט ניט פאַר-שטיינ דער מענשעוויק טראָצקי...

* * *

יעדע מעטאָדאָלאָגישע סיסטעמ ווערט אויסגעפּרוווט אינ דער היסטאָרישער פּראקטיק—אינ דער פּראקטיק פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אונ קלאסנקאמפ, נאָר אינ דער געזעלשאפטלעכער פּראקטיק ווערט קלאָר דער גענעזיס אונ די פונק-ציע פונ יעדער מעטאָדאָלאָגיע. וויפל פאקטנ קענענ מיר היינט צום טאָג פאַר-צייכענענ, ווענ פיל טעאָריעס, געפּוצט אינ „מארקסיסטישע" קליידער, האָבנ זיכ אינ רעאלנ לעבנ ארויסגעוויזנ אלס דורכ אונ דורכ אָפּאָרטוניסטישע אונ קאָנטררעוואָליוציאָנערע! די בעסטע באשטעטיקונג פונ דעמ איז עפּשער דער גורל, וואָס עס האָט געטראָפנ מיט טראָצקיס מעטאָדאָלאָגישער סיסטעמ איבער פּראגעס פונ ליטעראטור אונ קולטור.

פונ דעמ אלעמענ, וואָס מיר האָבנ געבראכט אינ אונדזער ארבעט (וויַיט ניט אויסשעפּנדיק די טעמע), איז דאָכ פאר אונדז קלאָר געוואָרנ, וויאַזוי דער דאָזיקער „מארקסיסט" באנוצט זיכ אינ געביט פונ טעאָריע, פּונקט, ווי אינ פּאָליטיק, מיט דער געווער פונ צווייענדיקער בוכהאלטעריע—„לינקע", ר-ר-ר-רע-וואָליוציאָנערע פראזעס, וואָס באהאלטנ שטענדיק אנ אָפּאָרטוניסטישנ אונ קאָנטררעוואָליוציאָנערנ אינהאלט.

לאָמיר אָנהייבנ, אונטערפירנדיק אייניקע סאכאקלענ פונ דער לעצטער פּראָבלעמ, וואָס מיר האָבנ באהאנדלט — פונ דער פּראָבלעמ וועגנ מיטלויפעריי.

וויפל מי אונ קויכעס האָט טראָצקי אוועקגעפּאטערט, קעדיי ארויסצוווייזנ זיינ „ליבעראליזמ" אונ „טאָלעראנטקייט" צו מיטלויפער? וויפל טינט איז פאַר-גאָסנ געוואָרנ אינ קאמפ קעגנ די אלע, וואָס „רוידעפנ" די מיטלויפער אונ וויפל „זיסע רייד" איז דערביי אָנגערעדט געוואָרנ וועגנ „ברייטע בייגעוודיקע פּאָליטיק"! אונ די אייגענע ליטעראַרישע פּראקטיק, — וואָס האָט זי באוויזנ?

אינ דער פּראקטיק איז געווענ אָט וואָס: טראָצקי האָט גערעדט וועגנ הילפ די מיטלויפער אונ אָנגעשריבנ האָט ער וועגנ אזא שרייבער, ווי מ. שאגיניאַנ אזא „טעזיס":

„שאגיניאַנ איז אנטירעוואָליוציאָנער לויט איר סאמע טאָכ. איר פּאָ-ליטישער כריסטיאַניזמ, איר צימערדיקער גלייכגילט צו אלצ ניט צימער-דיקס, — אָט וואָס ס'מאכט איר שאָלעמ מיט דער רעוואָליוציע. זי זעצט זיכ פּאָשעט איבער מיט איר האנט-באגאזש אונ פילאָסאָפיש-קינסט-לערישער האנט-ארבעט פונ אייג וואגאָנ אינ א צווייטנ. מעגלעכ, אונ איר אפילע ווכט זיכ, אז דורכ אזא וועג וועט זי בעסער איינהיטנ איר אינדיווידואליטעט. אָבער פונ דער דאָזיקער אינדיווידואליטעט ציט זיכ קיינ שום פאָדעמ פּאָרויס" („Литературные попутчики революции", стр. 86).

טראָצקי האָט אָנגעמאָלט פאר דער דאָזיקער טאלאנטפולער שרייבערנ א פּערספּעקטיוו, אז זי וועט בלייבנ אָפּ אייביק צוגעבונדנ צו איר „צימערדיקייט" אונ „האנט-ארבעט"... אונ וואָס האָט באוויזנ שאגיניאַנ אינ איר ווייטערדיקער ליטעראַרישער טעטיקייט? — אז מע קענ אינ די באדינגונגענ פונ דיקטאטור פונ

פראָלעטאַריאַט אָפּרײַסן זיך פון דער „צימערדיקײט" און, אף דער באַזע פון א העכערער אידעאָלאָגיע, אײַנשליסן זיך פעסט אין קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט פאר א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

טראָצקיס פאָרמאַליסטיש־עסטעטישער צוגאַנג צו ליטעראַטור האָט אין דער פּראַקטיק דעטערמינירט די גאַנצע ביטל־באַציִונג צו דער יונגער אָנוואַקסנדיקער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און האָט געצוווּנגען אַרויסצורוקן אפן פאָדערפּלאַן אַלע רעכטע עלעמענטן אין דער ליטעראַטור, וואָס פארמאָגן אָבער א „הויכע פאָרמע" (זע זײַנע אָפּשאַצונגען פון יעסענינען, קליטש־קאָוון א. א. וו.).

די סאָוועטישע ליטעראַטור, וואָס פארנעמט דעם אָנגעזעענסטן אָרט אין דער וועלט־ליטעראַטור, פארנעמט דאָך באַשטימט דעם ערשטן אָרט לויט איר אידייִשקײַט און פונקציאָנעלקײַט. שטעלנדיק אין צענטער פון איר שאַפונג די צענטראַלע פיגור פון אונדזער הײַנט—דער העלד פון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג, פירנדיק א פאַרביטערטן קאַמף מיטן געוועזער פונעם קינסטלערישן וואָרט — קעגן דעם קלאַסנסוינע, פאר דער סאָציאַליסטישער בויונג, האָבן מיר דערמיט גופע צעקלאַפּט די טעאָריע וועגן אָפּשטייַן פון לעבן, וועגן „נאָכהינקענע נאָכן היסטאָרישן פּראָצעס" א. א. וו.

און באַזונדערס באַלערנדיק איז דער גורל, וואָס האָט געטראָפן די אַלע „רועכ-האַקוידישדיקע", סטיכיייִש־אינטויִטיוויסטישע טעאָריעס וועגן שאַפונג. די דאָזיקע אַלע טעאָריעס האָבן באַשטימט אויסגעפּילט א געוויסע געזעלשאַפטלעכע פונקציע און מיטגעהאָלפן אין קלאַסנקאַמף, אָבער וועמען?—באַשטימט דעם באַלעבוס... דאָס האָט אונדז גלענצנדיק באַוויזן די פּראַקטיק פון די „פּערע־וואַלצעס", וועלכע האָבן אפן סמאַך פון דער דאָזיקער טעאָריע אָנגעווענדט די מאָס פון הומאַניזם צו „אַלע מענטשן". און וואָס דאָס האָט באַטײַט אין די באַדינגונגען פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף ווייסן מיר בא הײַנטיקן טאָג זייער גוט: די באַלעבוסישע אַגענטן האָבן געסטאַרעט זיך אויסנוצן די דאָזיקע „מענטשן־פרײַנטלעכע" טעאָריעס אין זייער קאַמף קעגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

אָט אַזאַ איז זי, די דיִאַלעקטיק פון טראָצקיס מעטאָדאָלאָגישער קאָנצעפּציע: אין געביט פון פּאָליטיק האָט טראָצקי אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער האָט גע־וואָרפן דער פּאַרטיי א באַשולדיקונג, אַז זי ווערט איבערגעבוירדן, אַז זי שטופּט די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע צו איר בורזשואַזן טערמידאָר און איז אַלײן געוואָרן דער אוואַנגאַרד פונעם גאַנצן קאָנטררעוואָליוציאָנערן פּראָנט קעגן סאָוועטנפאַר־באַנד און קאָמינטערן; אין געביט פון ליטעראַטור און קולטור האָט ער דאָס זעלבע אָנגעהויבן דערפון, וואָס ער האָט די אָנהענגער פון א פּראָלעטאַרישער קולטור באַשולדיקט אין קורצזיכטיקײַט, אין ניט זען קיין „פּערספּעקטיוון" פון א סאָציאַליסטישער קולטור א. אז. וו. און ריידנדיק וועגן א סאָציאַליסטישער קולטור און ליטעראַטור אין דער צוקונפט, האָט ער געשאַפן אין טאָגמעג־לעכן לעבן אַזעלכע טעאָריעס, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דעם קלאַסנסוינע אין זײַן קאַמף קעגן דער רעוואָליוציע, קעגן סאָציאַליזם.

דעם פאַרניכטנז־יקן קלאַס, וואָס דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער טראָצקיזם האָט באַקומען אין געביט פון פּאָליטיק, האָט געפונען זיין אָפּשפּיגלונג אויך אפן ליטעראַטור־פראָנט: די גרונט־מאַסע סאָוועטישע שרייבער, וואָס איז קאָנסאָלידירט אַף דער באַזע פון דער היסטאָרישער באַשטימונג פון דער פּאַרטיי וועגן דער ליטעראַטור (פון 23 אַפּרעל 1932), האָט זיך מיט באַגייסטערונג איינגעשלאָסן אין דער פּראַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, אין קאַמף קעגן אַלערליי קלאַסנסאָנים און בעסויכעמ קעגן קאָנטררעוואָליוציאָנערן טראָצקיזם.

---

ד. קורלאנד

# ביבליאָגראפיש־קריטישער איבערזיכט איבער דער ליטעראטור וועגנ פ. מארקישנ

מיר זאָגנ זיך אָפּ פונ צו געבנ א ביבליאָגראפיש-קריטישנ איבערזיכט פונ דער אויסלענדישער בורזשואזער קליינבירגערלעכער קריטיק וועגנ מארקישנ, עס איז א נודנער אײַסעק ריידנ וועגנ די „אויסגײַסעכצנ" פונ די ניגערס, צייטלינס, מײַזעלס אונ אנדערע אויכ-מיר-קריטיקער. דאָ וועלנ מיר זיכ נאָר באַגרענעצנ מיט אנ איבערזיכט איבער דער סאָוועטישער קריטיק אונ אויכ דאָס נאָר וועגנ די מער וויכטיקע ארטיקלענ אונ ארבעטנ, וואָס זײַנענ פאראנענ וועגנ מארקישנ.

## I

י. דאָברושינ — „דרײַ דיכטער" („געדאנקענגאנג", זז. 75—100, קאָאָפעראטיווער פארלאג „קולטור־ליגע", 1922).

די „דרײַ דיכטער" (האָפשטיינ, מארקיש, קוויטקאָ) זײַנענ בלויז מעכאניש פארייניקט אינ איינ ארטיקל, ווײַל עס איז ניט אָנגעוויזנ בא דאָברושינענ, וואָס אייגנטלעכ פארייניקט אָט די גרופּע אידעאָלאָגיש-קינסטלעריש. עמעס, אינ ערשטנ קאפיטעלע פונעם ארטיקל פארמעסט ער זיכ געבנ א פאראלגעמיינערטנ איבערבליק איבער דער יידישער פּאָעזיע אונ אײַנשליסנ אינ איר די דרײַ „נײַע". נאָר אָנשטאָט דעמ, פארנעמט ער זיכ פאקטיש מיט א סכאָלאסטישער אינ טאָכ פראגע, פארוואָס „דאָס יידישע ליד פארנעמט „אד איינ לעשאער" א קלענערנ אָרט איג דער געשיכטע פונ דער יידישער ליטעראטור, איידער די יידישע פראָזע". סכאָלאסטיש איז די פראגע דערפאר, ווײַל, ערשטנס, איז די אידעאָלאָגיש-קינסטלערישע קלאסנ־דיסטאנצ צווישנ „מענדעלע—שאָלעמ אלייכעמ—פערעצ" פונ איינ זײַט אונ „פרוג—ראָזנפעלד—רייזינ" פונ דער צווייטער — גאָרניט אזא גרויסע, ווי ער שטעלט זיכ פאָר. צווייטנס, פארגעסט ער ניט נאָר אָנ דער ארבעטער-דיכטונג (וועלכע פאסט זיכ טאקע ניטאריינ אינ די „נאציאָנאל-קלאסישע הייכנ" פונ דער בורזשואזער אונ קליינבירגערלעכער יידישער ליטעראטור), נאָר אפילע אָנ פערעצנ גופע, אָנ פערעצ דעמ דיכטער, וואָס האָט אָנגעהויבנ מיט „מאָניש". דעמ ענטפער, וואָס ער גיט אפ דער „פראגע", איז שוינ נאטירלעכ אנ אידעאליסטיש־מעטאפיזישער: אָנשטאָט פרווונ זיכ אופדעקנ די קלאסו-דעטערמינירטקײַט פונ ליטערארישע זשאנרענ, גראָבט ער אויס א טהאָמ צווישנ דיכטונג אונ פראָזע ביקלאל.

קיין שום אַלגעמיינעס צווישן מאַרקישן, קוויטקאָ און האָפשטיינען קען ער טאַקע ניט אָנווײַזן, אויב ניט רעכענען א פּאָר שורעס מעליצע וועגן „יונגע שטראָמענדיקע קוואַלן, וואָס גיסן זיך פאַנאַנדער... און באַפרוכפּערן גרויסע נײַע שעטעכן פון ייִדישן געפיל און געדאַנק". די ווײַטערדיקע דרײַ קאַפּיטלען פון אַרטיקל באַהאַנדלען שוין יעדערן פון די דרײַ דערמאָנטע דיכטער גאַנץ באַזונדער, אָן קיין שום געמיינזאַמקייט אָדער קעגשטעלונג.

דירעקט וועגן מאַרקישן גייט א רייד נאָר אין קאַפּיטל נום. 2 (זז. 77—84). דער קאַפּיטל איז טאַקע דער בעסטער ניט נאָר פון דעם אַרטיקל, נאָר ווי מיר שײַנט, פון דעם גאַנצן בוך.

אין זײַן צײַט (1919) האָט דער אַרטיקל געהאַט א געוויסן פּאָזיטיוון ווערט דערמיט, וואָס דאָבּרושין באַנוגנט זיך דאָ ניט מיט רעגיסטרירן און קאָנסטאַטירן פאַקטן, נאָר ער לערנט, ווײַזט אָן כעסרוינעס און פאָדערט אויסמײַדן זיי.

דאָבּרושין האָט ריכטיק דערפילט דעם גרונט-כיסאָרן פון מאַרקישעס „שוועלן". דאָס איז זייער „העפקיירעס", מאַרקישעס „ציללאָזער לויפן", זײַן „דרייען זיך" אין „פּוסטן כאָלאָל", וועלכן ער האָט ניט מיט וואָס צו פאַרפילן, דאָס פעלן פון א „קאָנקרעטן לעבן-אינהאַלט" ביקלאַל. ער פאָדערט פון דעם יונגן דיכטער א „קאָנקרעטע אידייִשע וועלט-אָפּשאַצונג", „אײַנהאַנדלען" „נײַעם שטאָף", „וואָרום נאָר אַן אָנגעלאָדענער מיט נײַעם דערוואָרבענעם פּראָבלעם-אינהאַלט, מיט נײַעם קולטור-אינהאַלט, וועט מאַרקיש קענען אַריבערטרעטן אַריבער זײַנע ערשטע און יונגע שוועלן און וועט קענען אויפשטעלן דעם שיינעם דיכטערישן בּיניען, אַף וועלכן עס האָט רעכט זײַן אָריגינעל-פרישער און שטאַרקער טאַלאַנט".

די אַלע כעסרוינעס האָט אָבער דאָבּרושין בלויז „דערשפּירט", אָבער ניט „טויפעס געווען", ווײַל ער האָט ניט פאַרשטאַנען זייערע קלאַסעווע וואָרצלען, זייער סאָציאַלע דעטערמינירטקײַט. מאַרקישעס וועג איז, לויט דאָבּרושינען, „זײַן אייגענער וועג", מאַרקישעס עמעס איז „דער עמעס פון זײַן אייגענעם איך" — ניט פון א באַשטימטן קלאַסן-שיכט. דעריבער גייט זײַן קריטיק ניט פון קיין ריכטיקע פּאָזיציעס, דעריבער זעט ער ניט מאַרקישעס ראַדיקאַליזם פון אָט דעם „צולאָזן לויפן" און „העפקיירעס" אין קעגנזאַץ צו האָפשטיינס נאַציאָנאַליסטישער „אָלימפּישער רו". און בעעמעס, וואָס פאַר א „קאָנקרעטן לעבן-אינהאַלט", וואָס פאַר א „נײַעם שטאָף" פאָדערט ער פון דיכטער „אײַנצוהאַנדלען", וועלכע „קאָנקרעטע אידייִשע וועלט-אָפּשאַצונג" דאַרף דער דיכטער זיך דערוואַרבן?

דער דיכטער דאַרף אײַנשאַפן זיך, זעט איר, קוידעמקאָל, א „זעלבשטענדיקן פּסיכאָלאָגיש-וועלטלעכן אינהאַלט", „סינטעטישע בילדער-סימוואָלן". דער גרונט-כיסאָרן פון מאַרקישעס ליד איז, „וואָס זי ליגט אַף איר אייגענעם אויבערפלאַך. מאַרקישעס ליד איז ניט גענוג פאַרטאָן אין זיך". זײַן ליד, זעט איר, איז „צופיל פאַרשטענדלעך", צופיל קלאָר און אויבנאויפיק. דער דיכטער דאַרף זיך מער פאַרטראַכטן, מער פאַרטיפן. קורץ, מאַרקיש דאַרף אָפּוואַרפן זײַן סכעמאַטיזם, ווי דאָבּרושין פאַרשטייט עס, זײַן „מעליצע" אין נאָמען פון עפּעס א העכערער, אויסערקלאַסעווער עסטעטיק אין נאָמען פון ליבע צו „אייביקײַט". סאָפּקאָלסאָף, האָבן מיר שוין דאָ פאַר זיך איינעם פון די פילצאָליקע

פרווונ אראָפּצוזעצנ מארקישנ. ס׳לאָזט זיך אויס, אז דאָברושינס טײַנעס זײַנענ געווענדט ניט אזוי קעגנ מארקישעס פוסטונפאסעווענ, ווי קעגנ זײַנ אויסגעטאָנקײַט פונ דעמ „קאָנקרעטנ לעבנ־אינהאלט", מיט וואָס ס׳איז אָנגעזעטיקט די דיכטונג פונ האָפשטיינ אונ אנדערע מער רעכטע פאָרשטייער פונ דער „קיִע־ווער גרופּע" — נאציאָנאליזמ, ביבלישע בילדערישקײַט א. א. וו. קלאָר, אז ניט דאָברושינ האָט געקענט געבנ די געהעריקע דערקלערונג פונ די סטירעס אינ מארקישעס דיכטונג, אפ וועלכע ער אליינ ווײַזט אָנ.

II

נ. אויסלענדער — „פערעצ מארקיש" („וועג אײַנ וועג אויס", קאָאָפּעראטיווער פארלאג „קול־טור־ליגע", קיִעוו, 1924, זז. 110—121).

אינ וועמעס נאָמענ דיכטעט מאַרקיש?

„אינ נאָמענ פונ „אלזײַנ"...

וואָס איז די טרײַבקראפט פונ זײַנ דיכטונג?

— „דער געפיל פונ איבערנאטירלעכקײַט", אונ ביקלאל „אינערלעכע אייגנשאפטנ"...

וואָס זײַנענ עס פאר אנ אייגנשאפטנ?

— „פּאָעטישע נאטור", „דיכטערישער געפיל, וואָס וויל דורכויס שטייגנ אויסער יעטווידע רעגעלנ אונ מאָסנ", „קינסטלערישע פרײַהײַט" („אונ אויב מארקיש האָט ווענ עס איז וועגנ „פרײַהײַט" דערמאָנט, האָט עס איר פרײַהײַט (דער קינסטלערישער — ד. ק.) געזאָלט זײַנ"), „בארבארישע הארמאָניע" אונ נאָך אונ נאָך. אָבער, „ד ע ר א ו ר ק וו א ל" פונ מארקישעס קונסט איז די „מארקיש־פאנטאזיע". פונוואנענ קומט צו מארקישנ „דער ריטמ פונ האסטיקנ גאלאָפּ", זײַנ „ריס צו הייכנ", דער „פארגליווערטער פאטאָס", זײַנ אבסטראקטקײַט, „דער בראָכווארג פונ לעגענדארישקײַט"? מיט וואָס דערקלערנ זיך די אלע סטירעס פונ מארקישעס שאפונג־פּראָצעס: „אומבאהאָלפענע אבסטראקטקײַט" אונ „אידילישער קאָנקרעט", „הארמאָניע" אונ „דיסהארמאָניע" „קעגנווארט־קונסט" אונ „לעגענדארער קאָלאָריט" מיט „היסטאָרישע אויסגעשרײַענ" א צוגאָב? פונוואנענ שטאמט אָט דער „אויסגעמיש פונ סטילנ", וואָס מיר זעענ בא מארקישנ, זײַנ „אינערלעכע צעשמויבטקײַט", „די צעפאלנקײַט פונ קינסטלערישנ אקט"?

— „איבערנאטירלעכע אויסמישנ פארשיידענע דיכטערישע פּראָצעסנ — אָט דאָס איז דער באפעל פונ מארקישעס בארבאריזמ".

אָבער, „בארבארישע קונסט" איז דאָך אויך מער אָדער ווייניק איינהײַטלעכ אונ אָרגאניש?

יאָ, אוואדע. נאָר „מארקישעס בארבארישע קונסט האָט פארלאָרנ איר גאנצקײַט אינ גאנג פונ יענע ווירקונגענ, וואָס האָבנ אפ אימ א שליטע באקומענ".

וואָס זײַנענ עס פאר א ווירקונגענ?

פארשטייט זיך — „א מישמאש פונ פרעמדע ליטערארישע ווירקונגענ".

נו, איצטער איז שוינ „אלצ קלאָר"...

ווײַבאלד — „ליטערארישע ווירקונגענ" אונ דערצו נאָך „פרעמדע" — איז

אַראָפּ אַלע קאַשעס. געזאָלט האָט קלוימערשט מאַרקישעס קונסט זײַן אַן „אײַגנטלעכע", אָדער אײַגנטימלעכע — זײַנען געקומען די בייזע פרעמדע ווירקונגען און געשאַפן „אַ בייז וווּנדער פון אַ פאָרמיסטיקטן קונסט-קוואַל".

טאַקע אַ בייז וווּנדער!

אַזוי אָ „פאַרענטפערט" אַ טיפּישער פאָרמאַליסט די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמעס פון ליטעראַטור. אומזיסט וועט איר בײַ אים זוכן דעם שרײַבערס אידייעס, דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון זײַן קונסט. ניטאָ דאָרטן ניט קיין עקאָנאָמישע באַזע, ניט קיין קלאַסנקאַמף, ניט קיין רעוואָליוציע. פאַראַנען זײַנען נאָר „גיגאַנטישע סיוזשעטן", וואָס אימפּאָנירן דער קינסטלערישער פאַנטאַזיע.

פאַרן פאָרמאַליסט עקזיסטירט נאָר „סטרוקטור" (אין פאָרמאַליסטישן זינען פאַרשטאַנען), „בוי-קונסט" פון אַ קינסטלערישן ווערק, און דאָרטן ווו „קיין בוי-קונסט איז קימאַט ווי ניטאָ" (ווי מיר האָבן דעם פאַל בײַ מאַרקישן) איז עס „אַ בייזער וווּנדער", אַ פאָרמיסטיקטער דורך פרעמדע ווירקונגען קונסט-קוואַל.

קאָנקרעט, אין מאַרקישעס „סטאַם" איז נאָך פאַראַנען „דער אײַגנטלעכער געפילנגאַנג פון דעם בוך, וואָס איז פאַרבונדן מיט רעוואָליוציע-מאָטיוון". אָבער ניט מער ווי אויסערלעך פאַרבונדן.

* * *

אַזוי האָבן צוויי פאָרמאַליסטן, עקלעקטיקער, געפּרוווט „לייזן" אַ ריי ווירקטיקסטע פּראָבלעמעס פון אונדזער נאָך-אָקטיאַבערדיקער ליטעראַטור—די פּראָבלעם פון אָנהייב-דיפערענציאַציע אין די רייען פון די מיטלויפער-שרײַבער; די פּראָבלעם פון קלאַסנקאַמף, ווי עס ווערט אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראַטור; די פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער פאָרמע; פון סטילן-איבערפלעכט, ווירקונגען א. א. וו. א. וו. ניט נאָר וואָס זיי זײַנען ניט געווען בעקויעך צו לייזן אַזעלכע פראַגעס, נאָר אַפילו בלויז אוועקשטעלן זיי ווי געהעריק זײַנען זיי ניט געווען אימשטאַנד, אַדאַנק זייער קלאַסעווער באַגרענעצקייט און קורצזיכטיקייט.

III

1) מוישע ליטוואַקאָוו — „אין אומרו", ב. 2, פאַרלאַג „שול און בוך", מאָסקווע, 1926 (זז. 23, 73, 85, 89, 110; 141, 152, 193-192, 196-197).

2) „אַף צוויי פראָנטן", צענטרפאַרלאַג, מאָסקווע, 1931 (זז. 15, 34, 37, 93, 97-98).

כאַראַקטעריסטיש איז שוין דאָס, וואָס וועגן מאַרקישן (א. ד. גל. וועגן צענדליקער אַנדערע סאָוועטישע און פּראָלעטאַרישע שרײַבער) האָבן מיר ניט בײַ ליטוואַקאָוון קיין איין גרעסערן אָדער קלענערן אַרטיקל. אין דיביידע אויבנאָנגעוויזענע בענדער קריטיק זײַנען וועגן מאַרקישן פאַראַנען נאָר פאַרבײַגייענדיקע באַמערקונגען, קורצע דערמאָנונגען בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן. ליטוואַקאָוו האָט אונדז ניט געגעבן, ניט די קלאָרע קלאַסעווע כאַראַקטעריסטיק פון מאַרקישן, ניט דעם אַלגעמיינעם בילד פון מאַרקישעס קלאַסעווער אידעאָלאָגיש-קינסטלערישער עוואָליוציע, און אַוודאי שוין ניט קיין גענויעם קריטישן אַנאַליז פון זײַנע ווערק.

אין דער אָפּגעריסנקײַט פון קאָנקרעטער קריטיק ליגט דער גרונטפעלער פון כ׳ ליטוואקאָווס מעטאָד. ליטוואקאָוו האָט דעריקער צו טאָן מיט פּעריאָדן, פּראָצעסן, גרופּירונגען. סכעמאטיש גענומענע אָבער זייער ווייניק מיט קאָנקרעטע שרײַבער און קאָנקרעטע ווערק. איינצלנע שרײַבער, איינצלנע ווערק ווערן נאָר גענומען ווי איליוסטראציעס צו אלגעמיינע סכעמעס, אלגעמיינע פּראָצעסן.

ס׳ערשטע מאָל שטעלט זיך אָפּ ליטוואקאָוו וועגן מארקישן אין זײַן רעצענזיע וועגן זמ״ב „אייגנס“. דער ארטיקל, דאטירט דעקאבער 1918, איז אָבער לעגאבע דער דעמלטיקער קורצער רעצענזיע אין „ביכער-וועלט“, 1919,1, אויסגעוואקסן אין 1926 אין 4 אָדער מער מאָל. ניט געקוקט אף דעם, איז דער טייל, וועלכער באהאנדלט די דעמלטיקע נײַע דיכטער (האָפּשטיין, שווארצמאן, קוויטקאָ, מארקיש) געבליבן אזוי ווי ער איז געווען. וועגן מארקישן זײַנען דאָ פאראן בלויז א פּאָר שורעס, אז „בא מארקישן געפינען מיר סימאָנים פון גיוועער זײַן דאָס נאציאָנאלע אין דער יידישער ליריק“, און אז אין זײַנע לידער „שלאָגן שוין קוואלן פון אוניווערסאליזם, פון דעם באפרײַטן מאסן-יאָכיד איבערהויפּט“. ביקלאל ווערן דאָ די דיכטער באטראכט פון א לאָמדישן שטאנדפונקט: האָפּשטיינס „ליריק“ איז א ריין-טאלמעדכאָכעמישע, „ער שטאמט פון שול-געסל“. שווארצמאן איז שוין ווייניקער טאלמידכאָכעם. אין קוויטקאָס פּאָעזיע האָט „דאָס קוילער-געסל עקספּראָפּריירט דאָס שול-געסל“, און מארקיש איז שוין סטאם א העפּקער-יונג: „העפּקער“ און „וועלט“ זײַנען די באליבסטע אויסדריקן מארקישעס“. דער אויספיר, אז „קוויטקאָ און מארקיש זײַנען צוויי גרויסע אָנזאָגן פון גאָר אן אנדער דיכטונג, א דיכטונג פון מאסן“ איז אין 1918 יאָר געווען עפּשער גאנץ ראדיקאל, פאַרן 1926 אָבער—זייער מאָגער און אלגעמיין.

די דאָזיקע אלגעמיינע אומקלאָרקײַט געפינען מיר אויך אין די שפּעטערדיקע ארויסזאָגונגען. אין ארטיקל וועגן „שטראָם“ („ערעוו אָדער יסרע־כאג“) דערמאָנט ליטוואקאָוו מארקישן עטלעכע מאָל. קיין נײַס אָבער גיט ער ניט צו. פארקערט, דאָ פעלט אפילע די פריערדיקע טאלמידכאָכעמדיקע דיפערענציאציע. אף האָפּשטיינען, שווארצמאנען, קוויטקאָן און מארקישן לייגט כ׳ ליטוואקאָוו ארופּ „די גרויסע שליכעס פאָרצוזעצן די רעוואָליוציאָנערע מעסוירע אפן געביט פון ליטעראטור“. דאָס דארפן זיי אויספילן צוזאמען מיטן גיסטער און בערגעלסאָן און א ריי אנדערע „קיעווער“. אָט די אלע סאָציאל־פארשיידענע שרײַבער באטראכט ליטוואקאָוו (ווי די קולטור-געשיכטלעכע קריטיקער באלמאכשאָוועס און אנד.) ניט נאָר געאָגראפיש, נאָר אויך סאָציאל צו אייג „קיעווער גרופּע“: „מיטן סאָציאל-קינסטלערישן אינהאלט פון זײַן שאפן איז בערגעלסאָן לעכאטכילע געוואָרן נאָענט דעם ארבעטער“. „אָשער שווארצמאן און קוויטקאָ, האָפּשטיין און מארקיש—דאָס זײַנען אלץ קינדער פון דער אופּגערודערטער מאסע פון נײַע שיכטן, וועלכע פארמאָגן גאָר א נײַע און אייגענע שפּראך, נײַע און גאָר אייגענע אויסדרוק־מיטלען“. אלע פארמאָגן זיי, הייסט עס, איין שפּראך און איינע אויסדריק-מיטלען. דאָס אלץ איז געשריבן שוין נאָך האָפּשטיינס „ליד פון מײַן גלײַכגילט“, וועלכע כ׳ ליטוואקאָוו שטעמפּלט אינעם זעלביקן ארטיקל, ווי אן „אידעאָלאָגישן מאניפעסט פון יידישן קליינבירגערטום (?) אין דער עפּאָכע פון אָנהייב נעפּ“, ווי א צעירי-ציעניסטישן

הימנ. עמעס, אויכ קוויטקאָ אונ מאַרקיש האָבנ דאַנ געבלאָנדזשעט אינ דער עמיגראַציע, אָבער, „אויסמישנ די שפּראַכנ" פונ דער „קיִעווער גרופּע" האָט מענ אויכ דאַנ ניט געטאָרט, שוינ אָפּגערעדט דערפונ, וואָס אַכוצ די „קיִעווער" באַמערקט דער כ׳ ליטוואַקאָוו לאַכלוטנ קיינעמ ניט...

אינעמ זעלבנ באַנד (110, 152) זײַנענ פאַראַנ נאָכ צוויי באַמערקונגענ וועגנ מאַרקישעס נײַער האַמוינישער שפּראַכ אונ בילדערישקײַט. נאָר דאָ ווערט שוינ די קאָמפּאַניע גרעסער. צו דער גרופּע שוואַרצמאַנ-האָפּשטיינ אונ איבעריקע קומענ נאָכ צו רעזניק, קושנעראָוו אונ אפילע פּעפּער. דער „צוזאַמענשלוס" ברייטערט זיכ...

אינעמ לעצטנ אַרטיקל פונ דער זאַמלונג (זז. 196, 197) איז שוינ פאַראַנ אַ ׳פּרווו צו דיפערענצירנ אָטאָ די ערשטע פּלעיאַדע סאָוועטישע דיכטער, „וואָס האָבנ זיכ פאָרמירט אונטער דער ווירקונג פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אונ פונ ערעוו פעוראַל־רעוואָליוציע". קוויטקאָ ווערט דאָ גאַנצ ריכטיק כאַראַקטעריזירט, ווי „אַנ עמעסער מאַסנ-מענטש, אַ קליינבירגערלעכער אַמכאָ, געווענדט מיטנ פּאָנעמ פאָרויס צו דער פּראָלעטאַרישער סטיכיי". „האָפּשטיינ איז שוינ אַ מער קלאַסנ־באַוווסטזיניקער קליינבירגער, ער איז דער פעוראַל-אינטעליגענט פונ דעמ אויפגערודערטנ ייִדישנ האַמוינ, טראָגט ער אינ זיכ... נאַציאָנאַלנ אומרו". „שוואַרצמאַנ—אַנ אינערלעכ-גאַנצער פאָלק-מענטש, מיט אָרגאַנישע רעוואָליוציאָנערע נעטיִעס". „דערפאַר איז מאַרקיש דער העפקערמענטש פונ דער דאָזיקער אויפגערודערטער כאַליאַסטרע, ער איז דער „באָסיאַק", וואָס אַלצ איז פאַר אימ „קײַ אונ שפּײַ, אָנ טראַדיציעס אונ צוזאַמענבונדנ".

אָט די דיפערענציאַציע איז גיכער אַ סכעמאַטיש-פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ע, איידער אַ קלאַסעווע, אַנ אידעאָלאָגישע. דער ק ל אַ ס ע וו ע ר אונטערשייד צווישנ „אינערלעכ גאַנצנ פאָלק-מענטשנ" אונ דעמ „באָסיאַק" איז דאָ ניט „זייער" קלאָר. זיי אַלע ווערנ דאָ פאַרעכנט צומ קליינבירגערטומ, כאָטש עס איז, אָנ שומ סאָפעק, קלאָר, אַז האָפּשטיינ פונ יענעמ פּעריאָד (ווי בערגעלסאָנ דאַנ) איז דער אידעאָלאָג פונ דער ייִדישער מיטעלער בורזשואַזיע. דאָס קליינבירגערטומ ווערט גענומענ אַלס אַנ אָ יי נ ה ײַ ט ל ע כ-ג אַ נ צ ע.

סאָפּקאָלסאָפּ בלײַבט דאָ גילטיק די הורטאָווע כאַראַקטעריסטיק, וואָס ליטוואַקאָוו גיט זיי מיט איינ זײַטל פריִער (195), אַז „דאָס איז גאָר אַ נײַער(?) סאָציאַלער שיכט אינ דער ליטעראַטור, מיט אַ נײַעמ געמיט, מיט נײַע טענער אונ פאַרבנ, מיט אַ נײַעמ לאָשנ (ווידער איינ לאָשנ!): די קליינבירגערלעכע ייִדישע פאָלק-מאַסנ, אויפגעטרייסלטע אונ צעשויבערטע דורכ דער מילכאָמע אונ די פּאָרגעפילנ פונ די קומענדיקע (?) גרויסע סאָציאַלע שלאַכטנ".

ליטוואַקאָוו קלאַסיפיצירט די געשיכטע פונ דער ייִדישער ליטעראַטור, אַזוי צו זאָגנ, כראָנאָלאָגיש. די אויבנדערמאָנטע גרופּע שרײַבער באַטראַכט ער ווי אַ רעזולטאַט פונ פאַר-פעוראַל. „אָבער איינמאָל באַהערשט די ייִדישע סוויווע, הייבט אָנ די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע דאָרט אויסבילדנ אַ נײַע ליטעראַטור נײַע שרײַבער אונ דיכטער, וואָס ציִענ, יעדערער אַפּ זײַנ שטייגער, זייער קינסטלערישע יעניקע, נאָר (?) פונ איר. עס קומענ אופ קושנעראָוו, פּעפּער, רעזניק, פינינבערג, קיפּניס, גאָדינער, כאַריק, האַלקינ א. א. וו.".

עס איז איבעריק צוריידנ וועגנ דער „מארקסיסטישער“ קלאסיפיקאציע פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור, וואָס דער כ׳ ליטוואקאָוו גיט דאָ.

וועגנ מארקישנ ווערט דאָ געגעבנ נאָכ איינ פאָרמולע: „מארקיש איז דער העפקערדיקער מאסנ-יונג, פאר וועלכנ די מילכאָמע אונ רעוואָליוציע האָט געעפנט א וועלט, אָבער קיינ באָדנ ניט געשאפנ,—הוליעט ער פריי, מיט א צעכראסטעטער שפראכ, מיט צעווינטלטער פאָרמע, וואָס ווי מער זי ווערט זאָרגלאָזיקער צו אידעאָלאָגיע, ווערט זי אלצ מער אויבערפלעכלעכער פלאקאט“ (179). די פאָרמולע, כאָטש זי ווערט ניט פאנאנדערגעוויקלט, איז אויסערלעכ א גאנצ טרעפלעכע. זי וואָלט געוועזנ אָבער ריכטיק נאָר דאנ, ווענ ס׳וואָלט ניט גייג קיינ רייד וועגנ א „זאָרגלאָזער אידעאָלאָגיע“, וואָס כאזערט זיכ, אגעוו, איבער איינ נאָכ אנ אָרט:

„מארקיש איז אינ טאָכ גלייכגילטיק צו אידעאָלאָגיע, ער איז פסיכיש ניט פייִק צו אידעאָלאָגישע זוכענישנ,—האָט ער גאנצ גיכ אָנגעהויבנ „פוסט-אונ-פאסעווענ“ אונ דער אופשטייג פונ זיינ פאָרמע האָט זיכ אויכ גיכ געענדיקט“. „מיט קיינ זעלבשטענדיקנ אידעאָלאָגישנ דראנג איז זי (די פאָרמע—ד. ק.) ניט דורכגעזאפט געוואָרנ, האָט זי אָנגעהויבנ דעגראדירנ“ (193). וועלנדיק אפנ ביישפיל פונ מארקישנ דערווייזנ דעמ טעזיס וועגנ איינהייט פונ פאָרמע אונ אינהאלט, מאכט דער כ׳ ליטוואקאָוו עטלעכע טאָעסנ מיטאמאָל:

ערשטנס, קומט בא אימ אויס, אז מארקישעס פאָרמע איז פונ אָנהייב אָנ געווענ א דורכויס רעוואָליוציאָנערע. ערשט שפעטער האָט זיינ רעוואָליוציאָנערע פאָרמע גענומענ דעגראדירנ. וואָלט עס אזוי געווענ— וואָלט עס געווענ א סטירע צו דעמ עצעמ טעזיס וועגנ איינהייט פונ פאָרמע אונ אינהאלט; מארקיש איז דאָכ געקומענ אינ דער ליטעראטור ווי א קליינבירגער, בעמיילע, איז שוינ אויכ זיינ פאָרמע ניט געווענ אונ ניט געקענט זיינ קיינ אויסגעהאלטנ-רעוואָליוציאָנערע: די וואקלענדיקע נאטור פונעמ קליינבירגער מוז ווערנ אויסגעדריקט ניט נאָר אינעמ אינהאלט, נאָר אויכ אינ דער פאָרמע.

צווייטנס, האלט כ׳ ליטוואקאָוו, אז מארקיש איז ניט נאָר „גלייכגילטיק צו אידעאָלאָגיע“, נאָר אפילע „פסיכיש ניט פייִק צו אידעאָלאָגישע זוכענישנ“— ס׳באקומט זיכ, אז צו אידעאָלאָגיע דארפ מענ האָבנ א ספעציעלע פייִקייט, א באזונדער ליידנשאפט. וועגנ דעמ פעלערהאפטנ מאָמענט האָט שוינ אָנגעוויזנ דער כ׳ בראָנשטיינ (זע ווייטער).

דריטנס, אפ וויפל ס׳איז קיינ וואָרט ניטאָ וועגנ אידעאָלאָגישנ טאָכ פונ מארקישעס ערשטע ווערק, שאפט זיכ פונ כ׳ ליטוואקאָווס פאָרמולע דער איינדרוק, אז מארקיש האָט ביקלאל ניט געהאט קיינ שומ אידעאָלאָגיע, אז די ווערק זיינע זיינענ געווענ הוילע פאָרמע, אונ אז אָטאָ די אידעאָלאָגיש-אויסגעליידיקטע ווערק זיינענ געווענ רעוואָליוציאָנער בלויז אדאנק זייער רעוואָליוציאָנערער פאָרמע, וואָס דאָס איז, פארשטייט זיכ, ריינער פאָרמאליזמ.

אינ דער אונטערשטער שורע באקומענ מיר דאָ ניט קיינ אילוסטראציע צו דעמ מארקסיסטישנ טעזיס וועגנ איינהייט פונ פאָרמע אונ אינהאלט, נאָר, פארקערט, אנ אילוסטראציע וויאזוי דער כ׳ ליטוואקאָוו פארפלאָנטערט די

פראגע פון פאָרמע און אינהאלט, וויאזוי ער רייסט אָפּ די פאָרמע פון דעם אינהאלט און דעם אינהאלט פון פאָרמע.

* * *

אין זיין בוך „אפּ צוויי פראָנטן" פעלט אויך דער מין קאָנקרעטע קריטיק. אויך דאָ האָבן מיר אלגעמיינע ליטעראַרישע איבערזיכטן (אין דער פאָרמע פון פאָרטראָגן) און פאָלעמישע ארטיקלען.

אפּ וויפל אָבער דער צי יענער שרייבער ווערט באהאנדלט אין דער אָדער יענער פארבינדונג, ווערט דאָס שוין דאָ געטאָן מער אויספירלעכער, ווי אין צווייטן באנד „אין אומרו".

וועגן מארקישן האָבן מיר דאָ אסאך ווייניקער ארויסזאָגונגען, נאָר דערפאר ניט אזוינע אייליקע, מער אויספירלעכע. דאָ ווערן שוין אויך דערמאָנט קאָנקרעטע ווערק („דאָר איין דאָר אויס", „ברידער" און „כאוויירים קוסטארן"). „כאוויירים קוסטארן" איז צודערצייט (1928) ריכטיק אָפּגעשאצט געוואָרן, ווי א באשטעלונג פון שטעטלשן נעפּמאן, ווי א קאריקאטור אפּ דער פּראָלעטאריש-סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקייט (ז. 17). קיין אויספירלעכן אנאליז פון ווערק האָבן מיר דאָ אויך ניט. אין ארטיקל „ליט. קאָמאנדע און ליט. רעכילעס" פּראָטעסטירט כ' ליטוואקאָוו (ז. 93) קעגן א פּרינציפּלאָזער ארויסטרעטונג קעגן מארקישן אין דער קאָמיוגישער „יונגע גווארדיע", וועלכע ער קוואליפיצירט גאנץ ריכטיק ווי ליט. רעכילעס.

אָבער אינעם זעלבן ארטיקל, פּאָלעמיזירנדיק מיטן כ' האָלדעס וועגן מארקישעס „דאָר איין דאָר אויס" באגייט דער כ' ליטוואקאָוו א ריי פעלערן. ער איז ניט מאסקים מיט האָלדעסעס אויספיר, אז דאָס דערמאָנטע ווערק פון מארקישן איז „אי שעדלעך, אי שוואך", אז „דאָר איין דאָר אויס" איז א „פּולקולמער דורכפאל" (אומזיסט פארעכנט דער כ' ליטוואקאָוו די דאָזיקע באהויפּטונגען האָלדעסעס אויך אפּן כעזשבן פון „ברידער"; יענער רעדט נאָר וועגן „לייוונטן אין פּראָזע"). נאָר אויב אפילע ניט קיין „פּולקומער" אָבער א דורכפאל מארקישעס איז עס געווען? דער כ' ליטוואקאָוו מוז דאָך אליין צוגעבן, אז אינעם בוך איז געגעבן א „געדיכטער עקסטראקט נאציאָנאליזם", און, אז די פּרוּוון צו געבן קאָנקרעטע ערנסט-געשטעלטע טעמעס און סיוזשעטן זיינען בא מארקישן אין אלגעמיין נאָך ניט קיין געלונגענע" — הייַנט צוליב וואָס איז אים נייטיק געווען פּאָלעמיזירן? פארוואָס קומט דאָ אזוי אָנצופאלן אפּ א יינגערן קריטיקער?

כ' ליטוואקאָווס פארדריסט שטארק, וואָס האָלדעס פארגעסט ריידן וועגן „דאָר איין דאָר אויס" אין צוזאמענהאנג מיט דער „דינאמיק" פון מארקישעס שאפן. ער האלט, אז די דינאמיק איז דאָ א פּראָגרעסיוו-שטייגנדיקע. וועגן דעם, וואָס פארא סאָרט דינאמיק „דאָר איין דאָר אויס" (ווי אויך „כאוויירים-קוסטארן" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, וועט נאָך אונדז אויסקומען צו דערמאָנען. וויכטיק איז אָבער צו פארצייכענען, אז צוליב דער דינאמיק, פארשמירט כ' ליטוואקאָוו די נאציאָנאליסטישע פעלערן פון דעם דאָזיקן ווערק. ער טרעט ארויס אָפּן קעגן דעם, אז דער „צו געדיכטער עקסטראקט נאציאָנאליזם" איז

שעדלעכ, „פארגעסנדיק“ דערביַי, אז אפילע, א מער שיטערער נאציָאָנאליסטישער מיַיכל איז אויכ אומגעזונט... „וואָס הייסט שעדלעכ,—שטעלט דער כ׳ ליטוואקאָוו א „נאַיווע“ פראגע—לייגט דער כ׳ האָלדעס פאָר קאָנפיסקירנ דעם בוכ, צי לייגט ער דאָס ניט פאָר?“... אָבער צי איז דענ ניט דער ערשטער כויוו פונ אונדזער קריטיק אָפּצודעקנ די אידעאָלאָגישע שעדלעכקיַיט פונ דעם אָדער יענעם ווערק, ניט אריַינמישנדיק זיכ אינ דער פונקציע פונ „גלאווליט“? פונוואנענ קומט צו ליטוואקאָוונ אזא „גלענצנדיקער“ ארגומענט?

אינ א שפּעטערדיקנ פאָרטראָג (זז. 34, 37) קערט זיכ אום דער כ׳ ליטוואקאָוו א צווייטנ מאָל צו די דאָזיקע ווערק אונ רעדט שוינ אויספירלעכער וועגנ זייער נאציָאָנאליסטישנ כאראקטער (דאָס מאָל שוינ ניט אָנגריַיפנדיק אפּ עמיצנ, נאָר אינ אָרדענונג פונ זעלבסטפארטיידיקונג), כ׳ ליטוואקאָוו פארגעסט ניט דערביַי צוצוגעבנ, אז, ניט געקוקט אפ די דאָזיקע דורכריַיסנ, פונדעסטוועגנ קומט מארקיש אלצ נעענטער צו אונדז. מיט וויַיטערדיקנ שאפנ האָט פערעצ מארקיש דערוויזנ, אז דער דאָזיקער פּראָגנאָז איז געווענ א ריכטיקער. ניט ריכטיק איז דאָרטנ נאָר דאָס פארעכענענ מארקישנ צוזאמענ מיט האלקינענ אונ קיפּניסנ צו עפּעס א „צווישנפּאָזיציע“. די דאָזיקע דריַי שריַיבער זאָלנ האָבנ קלוימערשט מיט זיכ פאָרגעשטעלט עפּעס א מינ בופער צווישנ רעכטס אונ לינקס, בייס אינדערעמעסנ האָבנ די יעניקע ווערק פונ די לעצטע געהאט דאנ מיט זיכ פארקערפּערט די רעכטע געפאר אינ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור.

י. בראָנשטיינ—„אטאקע“, צענטערפארלאג, מינסק, 1930 (זז. 15, 17, 47, 61, 140־141, 148, 181, 325).

באם כ׳ בראָנשטיינ געפינענ מיר וועגנ מארקישנ אויכ בלויז אייניקע ארויסזאָגונגענ בא פארשיידענע געלעגנהיַיטנ, כאָטש אינ אלגעמיינ איז זיַינ קריטיק א גאנצ קאָנקרעטע.

זיַינ גרויסע ארבעט „דער סטילנ-קאמפּ אינ פּעריאָד פונ מיליטערישנ קאָמוניזמ“ הייבט אָנ אונ פארענדיקט דער כ׳ בראָנשטיינ מיט דער קריטיק פונ די „אייגנס“-אידעאָלאָגנ: בערגעלסאָנ, דאָברושינ אונ אנדערע.

אלס ענטפער אפ ליטוואקאָווס רעצענזיע וועגנ „אייגנס“ (זע אויבנ), איז בערגעלסאָנ ארויסגעטראָטנ מיט א דעקלאראטיוונ ארטיקל („ביכער-וועלט“, 4-5, 1919, זז. 5—16), אינ וועלכנ ער פּרווט טעאָרעטיש בארעכטיקנ דעם סאבאָטאזש פונ א גרויסער טייל אינטעליגענצ אינ די ערשטע יאָרנ פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. ארויסרוקנדיק די באקאנטע בורזשואזע טעאָריע, אז „קיינ זאכ פאנגט ניט אזוי דעם דיכטערס נעשאָמע, ווי די פארגליווערטע פעסטגעשטעלטע פאָרמענ“, אז „די דיכטונג איז מערסטנ א פּויעליוויצע פונ דעם אָפּגעלעבטנ; זי איז דער אימפּולס פונ איבערגעלעבטע איַינדרוקנ“ (בערגעלסאָנ שטעלט גליַיכ דאָ א גליַיכצייכנ צווישנ „אָפּגעלעבטנ“ אונ „איבערגעלעבטנ“ — ד. ק.), מאכט בערגעלסאָנ אנ אויספיר: „די געזעלשאפטלעכקיַיט (די נַיַע, די סאָוועטישע — ד. ק.) אונ די דיכטונג מוזנ זיכ אזוי ארומ פאנאנדערגיינ אינ אָט דער ציַיט פונ שטורעמ אונ דראנג“. בערגעלסאָנ טרעט דאָרטנ ארויס ווי א קעגנער פונ דער „ליניישער“ קונסט פונ דעם ערשטנ רעוואָליו-

ציע-פּעריאָד, קעגן דער אַבסטראַקטער ליניע, וועלכע מאַרקיש האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער כאַראַקטעריזירט זי ווי „פּרימיטיוו“, „לובאָק“, וואָס קען נאָר געפעלן דעם רעוואָלוציאָנערן לייענער, אָבער ניט דעם „ייִדישן מיטלשטאַנד“ (מיטעלע בורזשואַזיע — ד. ק.), דעם טרעגער פון „נאַציאָנאַלן עפּאָס“, אַף וועמען דער קינסטלער דאַרף זיך אָריענטירן, וועלכער ווערט אָבער דורך דער רעוואָלוציע פאַרניכטעט און איז, אַגעוו, „לאַכלוטן ניט פּאַרינטערעסירט מיט דער ייִדישער שאַפונג“.

בערגעלסאָן ערגערט זיך אַף ליטוואַקאָווס אויסגעפינען אין מאַרקישעס ערשטע לידער „סימאָנים פון גויווער זײַן דאָס נאַציאָנאַלע אין דער ייִדישער ליריק“.

מאַרקיש „איז אַבסטראַקט נאַקעט“ — שרײַבט בערגעלסאָן. „מאַרקיש איז אָרעם אין בילדער, און אַפילע די בילדער, וואָס ער פאַרמאָגט, זײַנען בא אים מער דערציילערישע איידער מאָלערישע“, און „אָרעמקײַט אין בילדער הייסט — אָרעמקײַט אין אײַנדרוקן“. בלויז אַדאַנק אָט דער אַבסטראַקטקײַט און בילדער-אָרעמקײַט איז ליטוואַקאָוון מעגלעך געווען „אַרײַנלייגן אין אָטאָ די נאַקעטע געשרייען דעם גאַנצן אוניווערסאַלן זינען פון דער צײַט“.

קעגן דעם נאַקעטן קולטורלאָזן מאַרקישן שטעלט בערגעלסאָן אַרויס דעם ניסטער, וועמעס בילדערלעכקײַט עס האָט „אַן עכט ייִדישע אָפּשטאַמונג“, און די „זאַפטיקע גאָט-געבענטשטע טאַלאַנטן“ — האָפשטיין און קוויטקאָ, באַזונדערס האָפּשטיינען, אַף וועמעס פערזן „עס רוט די שכינע“.

כ׳ בראָנשטיין לייקנט אין אַלגעמיין ניט אָפּ די „נאַקעטקײַט“ און אַבסטראַקטקײַט פון מאַרקישעס שאַפן.* ער דערווײַזט נאָר, אַז מאַרקיש איז נאָר איינציקער אין דער קייט נײַע דערשײַנונגען פון אויפקומענדיקן רעוואָלוציע-סטיל, אַז אַפילע דער מער בילדערישער האָפשטיין „האָט אויך ניט שטענדיק געקענט אויסהאַלטן דעם „ירושע-פּעלץ“... „און געשריבן „נאַקעטע“ ריטאָרישע לידער וועגן „שפּאַנענדיקער מענטשהײַט“ — כאָטש מער אײַנגעהאַלטן, ׳מער פאָרזיכטיק, איידער מאַרקיש.

בראָנשטיין דערווײַזט, אַז ניט אַזוי קעגן מאַרקישן, וועלכער איז דאָך, סאָף־קאָלסאָף, געווען אַן אייגענער „שקאָץ“, אַן אייגענער (?) לויט זײַן אינטעליגענטישן ראַדיקאַליזם, אַן אייגענער, לויט זײַן אינדיווידואַליסטישער צעכראַסטעטקײַט“ — זײַנען געווען בערגעלסאָן, דאָבּרושין און די גאַנצע „אייגנס“-דינאַסטיע. „זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַפילע אַף אַן אייגענעם מענטשן, נאָר דערפאַר וואָס אָט דער מענטש איז געשטאַנען אַפן לינקן פליגל פון דער „אייגנס־אינטעליגענץ“ (ז. 17). אין גרונט זײַנען זיי אַרויסגעטראָטן „קעגן די, וואָס זײַנען געקומען מיט „פּאָשעטע טענדענציעזע רעוואָלוציע־אויסרופן“... קעגן די, וואָס ווילן שאַפן „אַ מאָדערנע עדלשטאַט און ווינטשעווסקי־טקופע“ (ז. 19). „אין בערגעלסאָנס ניסטערישן אָנפאַל אַף מאַרקישן פילט זיך שוין די בלינדע סינע פון סאָציאַלע שיכטן און קלאַסן“.

פאַרן נײַעם אויפקומענדיקן, זאָל זײַן „געפּלעקטן“ אָדער „געלאַטעטן“, אָבער

* כאָטש אין איין אָרט ווײַזט ער אָן אַף מאַרקישעס שטייגער-בילדער אין „וואָלין“. מע וואָלט געקענט ברענגען אָבער גענוג בײַשפּילן פון בילדערישקײַט און שטייגערישקייט אין פיל אַנדערע ווערק פון מאַרקישן, אַפילע פון זײַנע ערשטע ביכער „שוועלן“ „שטיפעריש“, און א. וו.

דאָכ פראָלעטארישנ סטיל זײַנענ, אלזאָ, געשטאנענ צוויי אופגאבעס: דער סטיל פונ „אופגאנג" האָט געדארפט באקעמפנ דעמ סטיל פונ „אָפּגאנג" אונ ווײַטער פּאָרזעצנ פארטיפערנ אונ פארברייטערנ די ירושע פונ די ערשטע פּראָלעטארישע דיכטער ווינטשעווסקי אונ די איבעריקע. ביז אהער איז דער כ' בראָנשטיינ פול־שטענדיק גערעכט. כ' בראָנשטיינ דערקלערט אָבער ווײַטער, אז „פארנ ליניייִשנ נוסעכ איז כאראקטעריסטיש דער דינאמיזמ אונ ראציִאָנאליזמ, זײַנ אלגעמיינע פייִיקײַט צו געבנ די פּאָרמולע פונ קעגנשטאנדנ אונ געשעענישנ, געבנ זייער טאָכ אינ שארפסטער אויסדריקלעכקײַט".

„אָטאָ די שפּאָרזאמקײַט... רוקט ארויס דעמ ליניייִש־סילועטישנ „נאקעטנ" נוסעכ אפ די פּאָדערשטע פּאָזיציעס אינ יענע שטורמישע טקופעס... ווענ די יונגע אופשטײַגנדיקע קלאסנ קומענ צעשטערנ די אלטע אָרדענונגנ מיטנ קויעכ פונ „קריטישנ סייכל". כ' בראָנשטיינ האלט אפילע, אז דער „ליניייִשער נוסעכ" איז „דער איינציקער מעגלעכער פאר דער פלאמיקער רעוואָליוציִאָנערער גאס־ליד, פארנ שטורמישנ פלאקאט, פאר דער רוישנדיקער רעוואָליוציִאָנערער עסטראדע", (ז. 18). אינ נאָכ אנ אָרט (ז. 61) שרײַבט בראָנשטיינ שוינ נאָכ־מער קאטעגאָריש — „וואָס נאקעטער די ארבעטער־פּאָעזיע, אלצ רעוואָליוציִאָנע־רער איז זי אינ אָט די דאָזיקע יאָרנ פונ רעוואָליוציִאָנערער נאקעטקײַט; וואָס שטייגערישער, קאָלאָריסטישער, פּאָלקלאָריסטישער זי איז, אלצ פאסיווער איז זי, אלס קאָנסערוואטיווער".

אזעלכע באהויפּטונגענ זײַנענ פאלשע. די נאקעטקײַט אינ דיכטונג איז, פארשטייט זיכ, געוויזנ אנ אומפארמײַדלעכער עטאפּ אינ דער פּראָלעטארישער ליטעראטור, פּונקט אזוי, ווי די אידעאָלאָגישע „געפלעקטקײַט". דאָס איז אָבער ווײַט ניט קיינ מוז־זאכ געווענ פאר יעדנ רעוואָליוציִאָנערנ דיכטער, אפילע אינ סאמע קאָכ פונ דער רעוואָליוציע. קנאפּע בילדערישקײַט, אבסטראקטקײַט, סכע־מאטיזמ א. א. וו. איז אינדערעמעסנ ניט קיינ מײַלע אונ ניט קיינ מוז פאר פּראָלעטארישער ליטעראטור אינ קיינ שומ עטאפּ פונ איר אנטוויקלונג. גיכער איז עס א סימענ פונ נאָכ ניט־צײַטיקײַט, ניט פולקומקײַט. בערגעלסאָנ האָט אינ יענער צײַט געוויס געשלאָגנ אינ ווייטיקסטנ אָרט פונ דער רעוואָ־ליוציִאָנערער דיכטונג. מיר אָבער דארפנ ניט ארויסשטעלנ די שוואכע זײַט פאר א שטארקע, אונ ווי אזא אָביעקטיוו־פארורזאכטע דערשײַנונג, וואָס ס'איז אב־סאָליוט אומעגלעכ אויסצומײַדנ. בא אָשער שווארצמאנענ, לעמאָשל, געפינענ מיר פרווונ צו באקעמפנ דעמ פלאקאט, צו אויסדריקנ רעוואָליוציִאָנערע שטי־מונגענ אונ געדאנקענ אינ א געננג בילדערישער פאָרמע. די שוואכקײַט קענ נאָר דערקלערט ווערנ, ווי א רעזולטאט פונ יונגקײַט אונ ניט־רײַפקײַט. ווענ די פּראָלעטארישע ליטעראטור וואָלט דאנ פארמאָגט אזעלכע וואָרט־מײַסטער, ווי בערגעלסאָנ, ניסטער אונ האָפשטיינ, וואָלטנ זיי אויכ אינ יענע יאָרנ גע־שאפנ ניט קיינ נאקעטע דיכטונג, ניט קיינ אבסטראקטע, נאָר אויכ בילדערישע, קאָלאָריטע א. א. וו.

דאָס איז אלצ גערעדט ווענגנ די מוסטערנ פונ פּראָלעטארישער ליטעראטור, מיט וועלכע דער כ' בראָנשטיינ איליוסטרירט זײַנ גרונט־טעזיס ווענג „נאקעטנ סטיל" פונ די ערשטע יאָרנ רעוואָלוציע. דאָס איז אָבער ניט שײַכ צו מאר־קישעס „נאקעטקײַט", וועלכע איז סאָציִאל א גאנצ אנדערע. מארקישעס נא־

קעטקייט שטאַמט ניט פון ניט-צײַטיקייט אָדער אומרײַפקייט. די סיבע פון זײַן נאַקעטקייט דאַרף מען זוכן אין דעם קליינבירגערלעך-אינטעליגענטישן מעהוס פון זײַן אידעאָלאָגיע. ביקלאַל, באַגייט דאָ דער כ׳ בראָנשטיין דעם פאָרמאַליס-טישן פעלער, וואָס אָנשטאָט אונטערצושטרײַכן, אַז אויך אין דער נאַקעטער פאָרמע קען אַרײַנגעלייגט ווערן אַ קאָנטררעוואָליוציאָנערער אינהאַלט, דער-קלערט ער גאָר די עצעם נאַקעטקייט פאַר אַבסאָלויט רעוואָליוציאָנער, און די קאָלאָריסטיק און פאָלקלאָריסטיק פאַר דורכויס קאָנסערוואַטיוו. כאָטש אין אַנדערע ערטער פון דער זעלבער אַרבעט ווייס שוין דער כ׳ בראָנשטיין אונטערצושיידן צווישן דעם „קאָסמיזם״ פון די קליינבירגערלעכע סאָוועטישע מיטלויפער און באָוושאָווערס קאָסמיזם, צווישן מאַרקישעס „נאַקעטקייט״ און עדלשטאַטס (זײַט 41).

מאַרקיש גופע ווערט אומעטום כאַראַקטעריזירט פון בראָנשטיינען ווי אַ ראַ-דיקאַלער אינטעליגענט, ווי „די סאַמע קאָלאָריטפולע דיכטערישע פיגור״, וואָס „די נײַע יונגע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ האָט אַרויסגערוקט״ (ז. 15).

„מאַרקיש איז דער סאַמע ראַדיקאַלסטער פּאָעט פון דער „אייגנס״—דיכ־טונג״ (47). „אין דער אָנגעגליטער אַטמאָספער פון די ערשטע קאַמף-יאָרן האָט אָבער דער דאָזיקער ראַדיקאַליזם אויסגעפּילט אַ גרויסע ראַדיקאַלע פונק-ציע. ער האָט געשטורעמט, געטריבן פאָרויס, געהייבן די טעמפּעראַטור פון דער עפּאָכע (141). מאַרקישעס געשריי ווערט פון בראָנשטיינען כאַראַקטערי־זירט ווי אַ בונט קעגן בערגעלסאָנס „שטאַנדהאַפטיקע עפּאָס־עלעמענטן״, ווי אַ „נאַקעטער״, „צעשויבערטער״ שפּאָט איבערן קלאַסיציזם, איבער טראַדיציאָ-נעלער ייִדישלעכער עסטעטיק, ווי אַן אַרויסטריט קעגן די שאַבלאָנע פּייזאַזשן און געמעלן, וועגן וועלכן מאַרקיש אַליין זאָגט, אַז „זיי האָבן שוין אופגע-הערט ריידן צו מענטשלעכע הערצער״.

אין אַן אַנדער אַרטיקל פּאָלעמיזירט כ׳ בראָנשטיין מיט ליטוואַקאָוון, וואָס האָט געשריבן, אַז „מאַרקיש איז אין טאָג גלײַכגילטיק צו אידעאָלאָגיע״ (זע אויבן). כ׳ בראָנשטיין פרעגט: „וואָס הייסט גלײַכגילטיק צו אידעאָלאָגיע?״. „צי איז טאַקע בעעמעס אידעאָלאָגיע אין קונסט עפּעס אַ מין קאָלע-מיידל, צו וועלכער מע קען זײַן גלײַכגילטיק אָדער ניט גלײַכגילטיק?״ (ז. 325).

כ׳ בראָנשטיין איז דאָ פולקום גערעכט. מע דאַרף אָבער מודע זײַן, אַז אויך דעם כ׳ בראָנשטיין האָט זיך נאָך ניט אײַנגעגעבן אופצודעקן דעם סאָ-ציאָלאָגישן עקוויוואַלענט פון מאַרקישעס שאַפן אין דעם אָדער יענעם פּע־ריאָד. ער האָט אונדז ניט געגעבן די גענויקע קלאַסעווע כאַראַקטעריסטיק פון מאַרקישן.

ריידנדיק וועגן דער ערשטער פּלעיאַדע נאָך-אָקטיאַבערישע דיכטער (ז. 148), וועגן אייניקע קינסטלערישע ניואַנסן אין דער דיכטונג פון יעדערן, האָט ער אָבער ניט געגעבן די גענויקע אידעאָלאָגישע קלאַסיפיקאַציע פון אָט אָ דער אידעאָלאָגיש־בונטער גרופּע שרײַבער. די כאַראַקטעריסטיק פון מאַרקישן אַלס ראַדיקאַלן אינטעליגענט איז אויך ניט קיין גענויע, ווײַט ניט קיין פּינקטלעכע. די אינטעליגענץ (און אויך די ראַדיקאַלע) האָט דאָך ניט קיין זעלבשטענדיקע אידעאָלאָגיע. זי דריקט דאָך אויס אידעאָלאָגיעס פון פאַרשיידענע קלאַסן־גרו-

פירונגען. באם כ׳ בראָנשטיין איז ניט אָנגעוויזן געוואָרן פון וועלכן שיכט קלייגבירגערטום ציט מארקיש זיין קינסטלערישע דערפארונג. און אוודאי איז אויך דאָס, וואָס בראָנשטיין האָט ניט געגעבן קיין עטוואָס גאַנצעס וועגן מארקישן, וואָס בא אים איז ניטאָ קיין איין ארטיקל וועגן אים, וואָס ער אנאליזירט ווייניק מארקישעס קאָנקרעטע ווערק.

ניט געקוקט אף די אויבנאָנגעוויזענע פעלערן, האָבן מיר שוין באם כ׳ בראָנשטיין אין אלגעמיין א געלונגענעם פרווו פון כאראקטעריזירן די ערשטע פליעיאדע סאָוועטישע מיטלויפער, צווישן וועלכע מארקישן ווערט אָפּגעגעבן די געהער־ריקע, כאָטש ניט גענוגנדיקע אופמערקזאַמקייט. באזונדערס איז ווערטפול דאָס, וואָס די דאָזיקע שרייבער ווערן באטראכט ניט איזאָלירט פון דער פּראָלע־טארישער ליטעראטור אינעם דאָזיקן פּעריאָד און שוין אוודאי ניט ווי די איינציקע, הערשנדיקע שפּער פון דער סאָוועטישער ליטעראטור.

# IV

יויסעף בערסאָן — „א ווערק מיט א גרויסן פארנעמ״ (זשורנאל „רויטע וועלט״, נומ. 5—6, 1929.)

דריי פּערטל פון דער גאנצן היפּשער ביבליאָגראפישער נאָטיץ (זייט 166-161) פארנעמט דאָס איבערדערציילן דעם אינהאלט פון ווערק („ברידער״), איבער־דערציילט ווערט עס אביסל צו „פריי״, און דעריבער, ניט גאָר פּינקטלעך. די אָפּשאצונג — אין אלגעמיין א ריכטיקע, נאָר ניט קיין גענויע און ניט קיין באגרינדעטע. דער אווטער ווייזט ריכטיק אָן, אז „די קראפט פון דער עפּאָ־פּייע״ ליגט, הויפּטזעכלעך, אין דער טראגיק פון שטעטעלע״, אז דער אלטער דאָר איז קאָנקרעטער און קאָנצענטרירטער געמאָלט איידער דער נייער רע־וואָליוציאָנערער, וועלכער איז דאָסראָוו געגעבן טכעמאטיש, אז די רעוואָליוציע ווערט פון מארקישן אופּגעפאסט, „ווי א סטיכיי פאר זיך אליין, ווי אופגע־ברויזטע רוי־קראפט״. מע זעט ניט, ניט איר ציל־איינשטעלונג, ניט איר פּער־ספּעקטיוו. מע זעט אויך ניט די ווייטערדיקע פּערספּעקטיוו פונעם שטעטל, וועלכע פארנעמט דעם צענטראלן אָרט אין דער פּאָעמע. בערסאָן רעדט נאָך וועגן די קענטיקע ליטערארישע ווירקונגען (פון בלאָקן און אנדערע). אין ארטיקעלע זיינען אָבער אויך דאָ אסאך ניט ריכטיקע באהויפּטונגען: ניט ריכטיק איז, לעמאָשל, די באהויפּטונג, אז מארקיש האָט אויסגעמיטן „די געפאר אריינצופאלן אין נאציאָנאליסטישע אָפּווייכונגען״ — גראָד אזעלכע „אָפּ־ווייכונגען״ זיינען פאראן גענוג אויך אין „ברידער״. ניט ריכטיק איז, אז „די קינסטלערישע ארכיטעקטור (פון „ברידער״ — ד. ק.) האָט אין זיך מאָנומענ־טאלישקייט״ — גראָד די „ארכיטעקטור״ איז דער שוואכסטער אָרט אין דער פּאָעמע. און געוויס איז שוין ניט ריכטיק די באהויפּטונג, אז „בלויז אף א דיס־טאנץ פון פארגאנגענע רעוואָליוציע־עטאפּן האָט אזא ווערק געקענט געשאפן ווערן״. די אלע שלאכטן אפן ליטעראטור־פראָנט פאר די לעצטע יאָרן איז א בוילעטע אָפּלייקענונג פון אָט דער דיסטאנץ־טעאָריע, וואָס שטאמט פון בורזשואזן עסטעטישן קאָדעקס.

# V

אלעקסאנדער פינקעל—„אינערלעכער אונ אויסערלעכער געבוי פונ מארקישעס „ברידער״ (זשור־נאל „רויטע וועלט״, 9, 1929).

דער ארטיקל איז א מוסטער פונ אינהאלטלאָזיקייט, פונ פאָרמאַליסטישער פּוסטקייט. אפּ א גאנצנ דרוקבויגנ צעשפּרייט זיכ דער אווטער, קעדיי צו דער־ווייזנ וועלכע ריטמענ עס זײַנענ פאראנ בא מארקישנ, וועלכע מינימ סטראָפעס, פערזנ-מאָסנ, גראמענ, וועלכע פארגלײַכונגענ א. א. וו. ער דערציילט אונדז באאריכעס, אז מארקיש נוצט אויס פאַרשיידענע פאָלקלאָר-עלעמענטנ, אז ער סטיליזירט דאָקומענטנ, בריוו, טשאסטושקעס א. א. וו. אז ער מאכט נאָכ די שפּראכ פונ די פּוילישע ייִדנ א. א. וו. די אלע אנטדעקטע „אמעריקעס״ ווערנ „פּארפּעסטיקט״ אונ באגרינדעט מיט לאנגע ציטאטנ פונעמ ווערק; א קאשע אפּ א מײַסע; מע קענ נאָכ מיינענ, אז אל. פינקעל טראכט עס אליינ אויס...

וועגנ אינהאלט פונ ווערק, וועגנ די פּראָבלעמעס, וועלכע דער אווטער באהאנדלט, וועגנ דער אידייִש-קינסטלערישער ציל-געוועונדטקייט פונ מארקישנ— קיינ איינ וואָרט ניט. ניט מאכמעס אל. פינקעל איז „כאָלילע״ פּרינציפּיִעל קעגנ אזא אנאליז, נאָר... ווײַל די „טעמאטיק פונ „ברידער״ האָט שוינ כ׳ בער סאָנ אָנגערירט אינ זײַנ ארטיקל״ (זע אויבנ). „דער ציל פונ דעמ ארטיקל איז אלזאָ, אָנרירנ אנ אנדער זײַט—א פאָרמעלע,—קאָמפּאָזיציע אונ סטיל״. א מוסטערהאפטע ארבעט־צעטיילונג! זאָל זיכ בערסאָנ פארנעמענ דאָרטנ מיט דער „טעמאטיק״, איכ, פינקעל, כ׳לעבנ, וועל זיכ בעסער פארנעמענ מיט ציילנ סטראָפעס.

אונטערנ „סטיל״ פארשטייט פינקעל טאקע די זעלבע יאמבנ, כאָרייענ פערזנ-מאָסנ א. א. וו. וואָס איז שײַעכ „קאָמפּאָזיציע״ — דערציילט אונדז, קוי דעמקאָל, פינקעל איבער דעמ „סיוזשעט״ פונ דער פּאָעמע, נאָכדעמ גיט ער איבער דעמ „אינהאלט פונ די באזונדערע קאפּיטלעכ״, אונ קומט צומ „מערקווירדיקנ״ אויספיר, אז „קיינ דיִאלאָג אונ מאָנאָלאָג זײַנענ אינ ווערק ניטאָ״ (?), אז „קיינ סיוזשעט אינ דעמ עִנגנ זינענ פונ וואָרט איז אינ דער פּאָעמע קימאט ניטאָ, אז דער סיוזשעט-גאנג איז אנ איבערגעריסענער״ א. ד. גל... פריִער דערציילט ער אונדז דעמ סיוזשעט, נאָכדעמ לייקנט ער אימ „קימאט״ אָפּ, אונ אמ ענדע געפינט ער אימ דאָכ, נאָר אנ „איבערגעריסענעמ״. אָרעמער סיוזשעט, נעבעכ!

די פּאָר פראגעס, וועלכע פינקעל שטעלט לעכאטכילע: „וויִאזוי זײַנענ צוזאמענגעבונדנ באזונדערע עלעמענטנ? (קיינ אנדערע פארבינדונג אינטערעסירט אימ ניט) אונ „וויִאזוי זײַנענ געשילדערט די פּערזאָנענ״—בלײַבנ טאקע אינ טאָכ ניט פארענטפערט. דער סאכאקל איז, אז מארקישעס פּאָעמע האָט „פּאָזיטיווע״ זײַטנ אונ „נעגאטיווע״. צו די פּאָזיטיווע געהערנ: „שפּראכ-רײַכקייט״, „פארשיידענע ריטמענ״, „וויל-קלינגעוודיקייט״ אונ נאָכ ענלעכע. נעגאטיוו איז דאָס, וואָס די בילדער זײַנענ אינ א צו גרויסער צאָל, וואָס פונ דער „שפּראכ-רײַכקייט״ לאָזט זיכ גאָר אויס „פילווערטערדיקייט״, וואָס דער „סיוזשעט־געבוי״ איז א שוואכער א. א. וו. וואָס ווײַזט עס אונדז? „דאָס אלצ באווײַזט, אז מאר-

קיש איז שטארק אינ זײַנ פּאָעטישנ כוש, נאָר איז נאָכ װײַט פונ שליימעס אינ קינסטלערישער אויספּאָרמירונג".

װאָס-זשע זאָל מארקיש טאָנ? „קעגנ דעמ איז פאראנענ בלויז איינ איינ־ציקע רעפּוע—לערנענ זיכ בא די אנדערע ליטעראטורנ אונ קולטיװירנ נײַע פאָרמעס"...

װאָס װײַזט אונדז דער ארטיקל? דאָס אלצ באװײַזט, אז אל. פּינקעל האָט ניט קיינ „כוש" פאר מארקסיסטישער קריטיק אונ אז ס'איז פאראנ פאר אימ בלויז איינ רעפּוע — װאָס גיכער איבערבויענ זיכ אונ שטעלנ זיכ מיטביידע פיס אפ די פּאָזיציעס פונ מארקסיזמ-לעניניזמ.

## VI

סיאָמע זשוקאָװסקי—„ניט קיינ ביניענ נאָר רישטעװאניעס" (זשורנאל „שטערנ", מינסק, נומ. 10 אונ 11, 1929).

דער ארטיקל איז ניט נאָר דער גרעסטער פונ די אלע אויסגערעכנטע (איבער א דרוקבויגנ), נאָר אויכ דער קאָנקרעטסטער אונ דעריבער זאכלעכ־סטער אונ דאָכ טראָגט דער ארטיקל אזא באשיידענעמ אונטער־קעפּל װי „מא־טעריאלנ צו א קריטישער אויספאָרשונג". דאָס איז דערפאר, װאָס דער אװטער װייס, אז „מעװינעס... אָנ א דעטאלער, מיזאמער אונטערזוכונג װעט גאָרניט געבנ ניט דעמ שעפער, ניט דער קריטיק, ניט דער געזעלשאפטלעכקײַט".

כ' זשוקאָװסקי מערקט, קוידעמקאָל, אָפּ דעמ פּאָזיטיװנ כאראקטער פונ דער אידייִש-קינסטלערישער עװאָליוציע, װאָס מארקיש האָט דורכגעמאכט קו־מענדיק מיט דער נײַער פּאָעמע. דער איבערגאנג פונ „צעכראסטעטער ליריק" צו „רעװאָליוציאָנערער עפּיק", אָבער אויכ די נאָכ ניט אויסגעלעבטע „איראָ־ציאָנעלע", „פּארטיזאנישע", „לינק-עסערישע" אידעאָלאָגיע, װאָס צוזאמענ מיט זײַנ טעמאטיש־סטיליסטישנ איבערבראָכ-קריזיס (אָדער װי זשוקאָװסקי דריקט זיכ אויס—„קפיצעס-האדערעכ") „האָבנ גוירעמ געװענ דעמ קאָמפּאָזיציאָנעלנ כאאָס אינעמ גרויסנ װערק".

װײַטער שפּאלט זיכ די ארבעט אפ צװיי טיילנ. אינ דער ערשטער טייל װערט גענוי אנאליזירט די קאָמפּאָזיציע פונ „ברידער". אינ דער צװייטער װערט באהאנדלט מארקישעס „אידעאָלאָגישער באנעמ, װיאזוי ער האָט זיכ אויסגעדריקט אינ די „ברידער". אנאליזירנדיק גענוי דעמ אינהאלטלעכ-פאָרמעלנ געבוי פונ יעדנ קאפּיטל באזונדער, קומט זשוקאָװסקי צו פאָלגנדיקע אויספירנ:

1) „ניט שלימע־בער אונ ניט אזריעל זײַנענ דער פּאָקוס, די טרעגער פונ דער קאָלאָסאלער דיכטערישער אונטערנעמונג. אלפּיטאָעס טראָגט דאָס װערק זייער נאָמענ"; „דעמ קינסטלערישנ אויבנאָנ פארנעמענ אינ איר (פּאָעמע— ד. ק.) ניט די צװיי ייִדישע ארבעטער־באָלשעװיקעס, נאָר מענאכעמ, ראכמיִעל, עסטער, גאלעכ" א. א. װ.—קורצ, דאָס שטעטל אונ אירע טיפּנ.

2) אינ װערק זײַנענ פאראנענ אסאכ איבערכאזערונגענ, אסאכ באלאסט, „פארדראָסיקער בראָכװארג", װאָס „פארשטעלט דעמ װעג צו יענע גלענצנ־דיקע קאפּיטלעכ, װאָס זײַנענ װי דימענטנ צעװאָרפנ" איבערנ גאנצנ װערק.

3) די רעװאָליוציע האָט אונדז מארקיש געװיזנ בלויז אינ איר אויסערלעכנ אויפזענ, אונ דאָס אויכ סכעמאטיש.

4) אין א גרויסער טייל פון בוך, באזונדערס דאָרט, ווו עס ווערן געשילדערט די רעוואָליוציאָנערע קאמפן זייַנען „די רעאלע עלעמענטן ראָמאנטיזירט; די ראָמאנטיק—פּאבאלאַדעוועט און סימוואָליזירט.

5) די „גענעאָלאָגישע פּראָבלעם" פון די ברידער־באָלשעוויקעס לייזט מארקיש „אף א סטיליזירטן, באַלאדיש־מיסטעריעזן אופן". וועגן דער פארוואנדלונג פון אָרעמע שטעטלשע יינגלעך אין באוווסטזיניקע און אקטיווע רעוואָליוציאָנערן „דארפן מיר זיך אָנשטויסן... פון זייער מוטער עסטער דערמאָנענ זיך באַם הארציקן לייענען דעם טײַטש־כומעש"... „פאר דער גענעאָלאָגיע פון די ברידער קלעקט דער קינסטלערישער שטאָף אפילע ניט פאר קיין סכעמע". „די גרויסע קינסטלערישע און גע׳עלשאפטלעכע וויכטיקייט פון דער „באָלשעוויקעס־פּראָבלעם" פאר דער יידישער סוויווע און קונסט" האָט דער דיכטער „פּאַשעט פארזען" (?) „דאָס זאָגט איידעס אף א ניט גענוגנדיקער פּאָליטישער און היסטאָרישער קולטור", ווײַל „אפילע מיטן זעלביקן אידעאָלאָגישן אפּאראט, נאָר מיט פארשטאנד פאר אונדזער פּראָבלעם, וואָלט מארקיש זיכער (?) דערגרייכט באדײַטנדיקע רעזולטאטן.

דער לעצטער טעזיס איז ניט קיין ריכטיקער און איז סויסער דעם טעזיס וועגן דעם ענגגן צוזאמענהאנג, וואָס עקזיסטירט צווישן דער אידעאָלאָגיע פון דעם אווטער און קאָמפּאָזיציע פון זײַן ווערק (מיר וואָלטן געזאָגט ברייטער—און זײַן שעפערישן מעטאָד, אָדער מעטאָדן ווי מיר האָבן דעם פאל בא מארקישן), וואָס כ׳ זשוקאָווסקי ברענגט אין אָנהייב און באַם סאָף פון זײַן ארטיקל. בלויז מיט „פארשטאנד" פאר דער פּראָבלעם וואָלט זיך מארקישן בעשומויפן ניט איַינגעבן. ווייַזן אונדז צוויי לעבעדיקע, אָביעקטיוו־ריכטיקע באָלשעוויקעס, ווער רעדט נאָך לייזן די „באָלשעוויקעס־פּראָבלעם" אין אלגעמיין גענומען. מארקיש, ווידער, האָט די אויבנדערמאָנטע פּראָבלעם ניט „פּאַשעט פארזען", נאָר אין א געוויסן זין זי פארקריפּלט. צו די דאָזיקע אויספירן, וואָס לאָזן זיך אויסטיילן פון דער ערשטער טייל זשוקאָווסקעס ארבעט קומען צו צום סאָף פון דער ארבעט נאָך צוויי פארסאכאקלענדיקע אויספירן:

1) „מארקישעס דיכטערישער זיקאָרן, מארקישעס אינטויִטיוו־אָנגעזאמלטע בילדער־וועלט—זײַנען איבערהויפּט נאציאָנאלע" (היסטאָרישקייט בענעגייע צום יידישן שטאָף און סכעמאטיזם בענעגייע צו רעוואָליוציאָנערן).

2) „מארקישעס קינסטלערישע רעפלעקסיאָלאָגיע... איז אָנגעצילעוועט ניט אף די אינערלעכע אָרגאניזירנדיקע, סינטעטישע קרעפטן פונעם גרויסן רעוואָליוציאָנערן כאאָס, נאָר אף זײַנע שטורעמדיק־פאטעטישער, איבעראשנדיקער אויסערלעכער סטיכייִשקייט". דער ארטיקל פארענדיקט זיך מיט א ווונטש, אז מארקיש „דער סאמע דינאמישסטער יידישער דיכטער" זאָל בײַקומען די דיספּראָפּאָרצ, וואָס איז פאראן אין זײַנע אומגלײַכמעסיקער עוואָליוציע, ער זאָל אויסגלײַכן דעם אײַנרײַס צווישן פאָרמע און אינהאלט, וואָס איז פאראן אין זײַן שאפן, אדאנק די גרעסערע דערגרייכונגען אין פאָרמעל־קינסטלערישן זין, ווי אין אידעאָלאָגישן".

מיט דעם ארטיקל האָט כ׳ זשוקאָווסקי געשטעלט זיך א ציל באהאנדלען נאָר די קאָמפּאָזיציע פון „ברידער", אָבער אומבאמערקט פאר זיך אַליין גייט ער ארויס פון די „קאָמפּאָזיציעס"־גרענעצן און לייזט א גאנצע ריי וויכטיקסטע

גרונט-פּראגעס בענעגייע מארקישעס שאפנ: די פּראגע וועגנ זײַנ יערושע, וועגנ דער פּערספּעקטיוו פונ זײַנ ווײַטערדיקנ קינסטלערישנ וווּקס א. א. וו׳ דער ארטיקל איז זיכער דער בעסטער פונ די, וועלכע מיר האָבנ וועגנ מארקישנ. דער כיסאָרנ פונ ארטיקל ליגט אינ זײַנ געבוי. ער איז צופיל צעוואָרפנ. אסאכ מאָל רעזומירט דער אווטער זײַנע „אויספירנ״ אונ דאָכ דארפ מענ זיי אויסגראָבנ, אויסגעפינענ. וועלנ מיר איבערפראזירנ זשוקאָווסקענ גופע: זשוקאָווסקי—דער גלענצנדיקער קריטיקער איז געווענ א שלעכטער קאָנסטרוקטער... עס פארשווועריקט דעמ לייענענ די, ערטערווײַז, צו שווערע שפּראכ, די העברייִשע פּסוקים. ביקלאַל איז דער אײַנדרוק פונעמ ארטיקל, אז דער כ׳ זשוקאָווסקי איז געשטאנענ פארנ ווערק ווי פאר א ריזיקנ אטלעט אונ ניט געוווסט פונ וועלכער זײַט אימ נעמענ, געפּרווט אהער, געפּרווט אהינ, ביז דער יונגער שטײַפער קריטיקער האָט, סאָפּקאָלסאָפּ, אימ אינ א באדײַטנדיקער מאָס בײַגעקומענ.

* *
*

כ. דונעצ—„עפּאָפּייע פונ בירגערקריג״ („אינ שלאכטנ״, צענטרפארלאג, מינסק, 1931).

א קליינער ארטיקעלע וועגנ א גרויסער עפּאָפּייע („ברידער״), 4 זײַטנ וועגנ א בוכ פונ 270 איז א ביסל צו קנאפּ, ביפראט, אז אינ די איבעריקע ארטיקלענ פונ דער זאמלונג איז וועגנ מארקישנ גאָרנישט ניטאָ. אפילע אזא שרײַבער ווי מ. טייפנ האָט כ׳ דונעצ געשענקט צוויי מאָל מער אופמערקזאמקײַט. דאָס דערקלערט זיכ מיט דעמ, וואָס דער ארטיקל באצייכנט בלויז „דעמ ערשטנ אײַנדרוק״, וואָס דאָס ווערק האָט געמאכט אונ פּרעטענדירט ניט צו געבנ א גענויעמ אנאליז פונ ווערק, מאשמאָעס, ווײַל „אפ דעמ איז קיינ צײַט אונ געדולד ניטאָ״...

אלס אזא איז אָבער דער ארטיקל א גאנצ אינהאלטרײַכער. כ׳ דונעצ ווײַזט אָנ אפ דער גרויסער פּאָזיטיווער באדײַטונג פונ בוכ: זײַנ ברייטנ פארנעמ, די אקטועלקײַט פונ דער טעמאטיק, די רײַכקײַט אינ פּאָרמעס, דער גוואלדיקער דיכטערישער טעמפּעראמענט, דער דינאמישער סטיל, „דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציאָנערער טאָכ, וואָס שרײַט ארויס פונעמ בוכ״ א. א. וו. דער אווטער האָט גוט אָנגעטאפּט אויכ די וויכטיקסטע שוואכע זײַטנ פונעמ ווערק: „די רעוואָליוציע-שטימונגענ זײַנענ בא אימ ניט דערפירט צו דער שטופּע פונ ציל-אָרגאניזירטקײַט״; אינ דער רעוואָליוציע זעט מארקיש „מערידע אונ פּראָטעסט ווי א זעלבסטציל״, ער פארזעט אָבער „דעמ סאָציאלנ זינ אירנ״. פאר מארקישנ „זײַנענ געבליבנ ערגעצ פּארדעקט״ „די אָרגאניזירנדיקע פּרוזשינעס פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע״. מארקיש שווימט איבערנ אויבערפלאכ. „ער דרינגט ניט אריינ אינעווייניק, ער נעמט דעמ אויסנ פונ פארשיידענע זײַטנ״ א. א. וו. דאָס אלצ איז געוויס דאָס וויכטיקסטע, וואָס עס איז פאראנ צו זאָגנ וועגנ „ברידער״.

דער ארטיקל איז אָבער אָנגעשריבנ געוואָרנ שטארק קאָנספּעקטיוו. די אלע דערמאָנטע טעזיסנ זײַנענ געבליבנ ניט אנטוויקלט. כ׳ דונעצ קאָנסטאטירט נאָר, אָבער דערווײַזט ניט. נאָכ א גרונט-כיסאָרנ האָט דער ארטיקל:

צופיל ליבגעזאנג און צו ווייניק מי זיך געגעבן אויסצוגעפינען דעם אידעאָלאָגישן יאָדער פונעם ווערק. אָט, לעמאָשל, מערקט אָפּ דער אוטער גאנץ ריכטיק מאַרקישעס פאַרבענקט זײַנ נאָכנ מיליטערישנ קאָמוניזמ. ער דערקלערט אָבער ניט די סאָציאַלע נאַטור פונ אָט דער „בענקשאַפט". דעם ניט דערפאַרענעם לייענער קענ דעריבער פאַרפירנ אזא אויספיר: „אָבער מאַרקישעס סטיכיי איז דער מיליטערישער קאָמוניזמ. דאָרטנ האָט ער געשעפּט היצ, טעמפּ, פאַרבנ... איז עס דעריבער ניט נאָר א קינסטלעריש ווערק, נאָר אויכ א דאָקומענט פונ א גרויסער היסטאָרישער עפּאָכע". די לעצטע פראַזע איז ניט נאָר פאַרפירעריש, נאָר אינ גרונט געגומענ פאַלש: ווי באַדײַטנדיק ס'זאָל ניט זײַנ דער קינסטלערישער ווערט פונ מאַרקישעס „ברידער", קענ עס בעשומויפנ ניט באַטראַכט ווערנ פאַר א „דאָקומענט פונ דער עפּאָכע", ביפראַט, ווענ אינ אָנהייב ארטיקל שרײַבט דער אוטער גופע וועגנ דעם, אז „דער סיפּער-האַמײַסע פונ די צוויי ברידער אזריעל און שלוימע-בער... איז נאָר א לעגענדארער געוועב פאַר דער נאָכ מער לעגענדארישער, גרויסארטיקער מילכאָמע און רעוואָליוציע-עפּאָפּייע"...

פאַראנ נאָכ א סטירע. אינ איינ אָרט ווערט געזאָגט (זײַט 179) „מאַרקיש האָט דאָ ווי פאַרקערפּערט די מאַסשטאַבנ פונ דער רעוואָליוציע, קעדיי אזוי ברייט און מיט דער פולער האַנט איבערגעבנ דעם דאָזיקנ אויסערלעכ-כאַאָטישנ און אינערלעכ-רעוואָליוציאָנער-אָרגאַניזירטנ פּעריאָד" (דאָס אלצ ווערט געזאָגט וועגנ גאַנצנ בוכ, ניט וועגנ באַזונדערע קאַפּיטלעכ) און עטוואָס ווײַטער קומט שוינ דער אוטער צומ אויספיר, אז „אונטערוועגנס"—דאָס איז די גרונט-כאַראַקטעריסטיק פאַרנ בוכ. די סאָוועטנמאַכט אונטערוועגנס—אָט דאָס איז טאַקע מאַרקישעס טעמע און דעריבער (?), ווײַל ער איז אונטערוועגנס און באַרוישט, רעדט מאַרקיש, וועגנ „ערגעצ קלעטערנ" און „ערגעצ שטײַגנ" און... מע ווייס ניט וווהינ עס פירט דער „ערגעצ"... דאָס זײַנענ דערוואַכטע, נאָר נאָכ ניט קיינ אָרגאַניזירטע רעוואָליוציע-אינסטינקטנ". ווי קענ מענ מיט נאָכ ניט קיינ „רעוואָליוציע-אינסטינקטנ איבערגעבנ מיט דער פולער האַנט דעמ אויסערלעכ-כאַאָטישנ און אינערלעכ-רעוואָליוציאָנער-אָרגאַניזירטנ פּעריאָד? נאָכמער פאַרדריסלעכ איז, וואָס ריידנדיק וועגנ אינטערנאַציאָנאַלנ טאָכ פונעם בוכ פאַרשווײַגט דער אוטער פונ ארטיקל די היפּשע נאַציאָנאַליסטישע דורכרײַסנ אינעם זעלבנ ווערק.

## VII

י. נוסינאָוו—„פונ נאַציאָנאַלנ טרויער צו סאָציאַלנ מוט" (זשורנאַל „רויטע וועלט", נומ. 8, 1929).

כ' נוסינאָוו הייבט אָנ זײַנ ארטיקל וועגנ „דאָר איינ דאָר אויס", ווי זײַנ שטייגער איז, פונ גאַנצ ווײַט. אינ ערשטנ קאַפּיטל ברענגט ער א „האַמלעטישע" כקירע וועגנ דעם, אז באַ אונדז איז נאָכ דער רעוואָליוציע ניט געוועזנ קיינ פּראָזע, דערפאַר, וואָס „ס'איז צעפאַלנ דער בונד פונ צײַט", „דער פּראָזאַיקער איז מאַכטלאָז געווענ, ביז דער בונד פונ צײַטנ האָט זיכ ווײַטער אָנגעקניפּט, ביז פּראָצעסנ האָבנ זיכ אויסגעפאָרמירט, ביז נײַע לעבנ-פאָרמענ האָבנ זיכ אויס-

קריסטאַליזירט״ א. א. וו. כ׳ נוסינאָוו זעצט פאָר: „קעדיי שאפן פולע גע-שטאַלטן, איז נייטיק געווען ס׳זאָל קומען די מער סטאַבילע (?!) צײַט, די קאָנ-סטרוקטיווע צײַט״.

איצט, נאָך א ריי שפּעדישע דיסקוסיעס איבער דער פראגע, איז שוין עפשער איבעריק צו דערווײַזן, ז אָט די טעאָריע איז אונדז פרעמד. מיר פאָד-דערן פון שרײַבער ניט נאָר געבן די פארגאנגענהײַט, נאָר אויך די צאפּלדיקע קעגנוואַרט. פון דער פּראָלעטארישער ליטעראַטור פאָדערן מיר זי זאָל אפילע אונדז קינסטלעריש אנטפּלעקן די פּערספּעקטיוון פון אונדזער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג, זי זאָל אונדז ווײַזן ניט נאָר שוין איבערגעקומענע פּראָצעסן, נאָר אויך די טענדענצן פון די נאָענטסטע פּראָצעסן, וועלכע קלאַפּן שוין אין די טירן פון אונדזערווירקלעכקײַט. יעדנפאלס טאָר די פּראָלעטארישע ליטעראַטור ניט שלעפּן זיך אין „אָבאָז״ פון דער געשיכטע, נאָר, פאַרקערט, זי דאַרף האַנט בא האַנט מיט דער וויסנשאפט גיין אין אוואַנגאַרד, פירן פאָרויס.

די מאַרקסיסטישע קריטיק האָט פאַרורטיילט דעם לאָזונג פון „אוואַנגאַר-דיזם״ בענעגייע דעם עטיוד, אָבער פאַרורטיילט האָט זי עס בלויז דערפאַר, ווײַל די, וועלכע האָבן גערעדט וועגן דער אוואַנגאַרדישער ראָליע פון עטיוד האָבן טאַקע זייער שטאַרק געהאַלטן פון כ׳ נוסינאָווס „פאַרשפּעטיקונג-טעאָריע״, אַז „עכטע״, קינסטלערישע ווערק, גרויסע לײַוונטן קען מען שאפן נאָר פון א באַדײַטנדיקער געשיכטלעכער דיסטאַנץ. דערמיט האָבן זיי שוין פאַר אײַנ-וועגס פאַרלייקנט די קינסטלערישע באַדײַטונג פון עטיוד גופא און דערקלערט אים, פאר א מין פאַליאַטיוו, מיט וועלכן מע דאַרף זיך צופרידנשטעלן ביז א געוויסער צײַט, ביז ס׳וועט אָנקומען די „עמעסע קונסט״.

ריידנדיק וועגן דער סאָוועטישער ליטעראַטור פון ערשטן יאָרצענדליק, האָט כ׳ נוסינאָוו, באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק, ארויסגעלאָזן פון זינען דאָס, וואָס גראָד דער פּראָלעטארישער סעקטער פון דער סאָוועטישער ליטע-ראַטור האָט אין די יאָרן פון „צעפּאלענעם בונד״ געשאפן זייער באַדײַטנדיקע קינסטלערישע ווערק אין פּראָזע (פורמאַנאָווס „טשאַפּײַעוו״, „מיאַטעזש״, סע-ראַפימאָוויטשעס „אײַזערנעם שטראָם״ א. א. וו.). די סיבע, וואָס אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז געווען זייער ווייניק פּראָזע, ליגט עפּשער אין דעם, וואָס אין איר איז נאָך זייער שוואַך געווען דער פּראָלטארישער קאַדער, און די קלײנבירגערלעכע מיטלויפער זײַנען טאַקע ניט געווען בעקויעך געבן עפּעס מער, ווי אביסל ריטאָרישע געזאַנגען, קורצ־אָטעמדיקע פאַרצייכענונ-גען א. א. וו. (א פאַקט איז, אַז ווען דער פּראָלעטארישער פליגל האָט זיך פאַרשטאַרקט אין דער יידישער ליטעראַטור, האָבן מיר גענומען באַקומען באַ-דײַטנדיקע ווערק, סײַ אין דער פּאָעזיע, סײַ אין דער פּראָזע, און דאַפקע פון צאַפּלדיקן הײַנט, אָן קיינע באַזונדערע דיסטאַנצן: „מיט לײַב און לעבן״, „בירע-בידזשאַנער״, „ווילדגראָז״, „הערשל שאַמײַ״ א. א. וו.).

דער כ׳ נוסינאָוו טוט זייער גוט, וואָס ער באַהאַנדלט מאַרקישעס ראָמאַן „דאָר אײַן דאָר אויס״, פאַרגלײַכנדיק אים טיילווײַז מיט דער פּאָעמע „ברידער״. א געוויסע טעמאַטישע ענלעכקײַט איז אין די ביידע ווערק געוויס פאַראַן. געוויס איז אויך פאַראַן אין די ביידע ווערק אייניקע אַלגעמיינע אידעאָלאָגישע אײַנשטעלונגען, ווי, צ. ב., אידעאַליזאַציע פון „בונד״, אידעאַליזאַציע פון יידישן

קלעריקאליזמ א. אנד. כ׳ נוסינאָוו באהויפּטעט אָבער, אז „גאָר גרויסע ווערק זייַנענ אלעמאָל געשאפנ געוואָרנ פונ שרייַבערישע (?) לעבנ־געשטאלטנ, לעבנ־איבערלעבונגענ״ (סארא איוורע!), אז יעדער גרויסער שרייַבער האָט זיכ זייַנ (אָדער זייַנע) „לעבנ־באגלייטער״, אונ אז „גרויסע שרייַבער ערנ זיכ אומ, דערעכאגעוו, צענדליקער מאָל צו איינ אונ דער זעלבער געשטאלט, האגאמ, זיי גיבנ זי אונטער פארשיידענע נעמענ, אונ פּרווונ שאפנ פאר איר פארשיידענע סיטואציעס״. דאָס איז פאלש.

שוינ ניט ריידנדיק וועגנ דעמ, וואָס דער דאָזיקער געדאנק האָט אבסאָליוט ניט קיינ שומ שייַכעס ניט צו דיביידע דערמאָנטע ווערק, ניט צו מארקישנ ביקלאל (אינ די דערמאָנטע ווערק זייַנענ ניטאָ אזוינע העלדנ, וואָס זאָלנ זייַנ באדייַטנדיק ענלעכ איינער צומ אנדערנ, ענלעכ זייַנענ נאָר די סכעמעס פונ די ווערק, דער טעמאטישער שטאָפּ א. א. וו.), איז ער נאָכ א פאלשער אינ טאָכ דאָס אומקערנ זיכ צו איינע אונ די זעלבע געשטאלטנ איז ניט קיינ סימענ פונ „גרויסקייַט״, ווי כ׳ נוסינאָוו וויל האָבנ, נאָר, פארקערט, אויב מיר באגעגענענ זיכ אָפּט מיט אזעלכע פאלנ אינ דער בורזשואזער ליטעראטור, איז עס נאָר א סימענ פונ שרייַבערס קלאסעווער באגרענצטקייַט, פונ זייַנ שמאָלער לעבנ־דערפארונג. דאָס איז אָבער זיכער ניט קיינ מוז־זאכ פאר יעדנ מער דערפארענעמ, ווייניקער באגרענעצטנ בורזשואזנ שרייַבער אונ געוויס שוינ ניט פאר קיינ פּראָלעטארישנ. ציִענדיק וויַיטער אָט דעמ געדאנק קאָנ כ׳ נוסינאָוו קומענ צו פערעוווערזעוונ.

וויכטיקער איז אָבער דאָס, וואָס אייַנזעענדיק געוויסע ענלעכקייַטנ אינ ביידע אויבנדערמאָנטע ווערק, פארזעט דער כ׳ נוסינאָוו זייער פארשיידנקייַט. ער האלט, אז „אינ טאָכ זייַנענ ביידע ווערק איינ גרויסע עפּאָפּייע. אינ ביידע ווערק זייַנענ פאראנענ „די זעלביקע געשטאלטנ, די זעלביקע אידעאָלאָגישע ציל־אייַנשטעלונג, די זעלביקע סאָציאלע פּערספּעקטיוו״. בעמיילע איז שוינ קלאָר, אז „אפּ דעמ וועג פונ סאָציאלנ שטאמ, וואָס פונ אימ קומט פּ. מארקיש צו דער רעוואָליוציע, זייַנענ ביידע ביכער — סייַ „ברידער״, סייַ „דאָר אייַנ דאָר אויס״ — א וויכטיקער, ריזיקער שריט״.

די מייַסע איז אָבער ניט אזוי. אויב „ברידער״ איז טאקע געווענ מארקישעס א טריט פאָרויס צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, האָט ער אָבער מיט „דאָר אייַנ דאָר אויס״ געמאכט צוויי טריט צוריק. דאָס לעצטע ווערק איז א טריט צוריק אפילע לעגאבע „דער קופּע״, וועלכע כ׳ נוסינאָוו שטעלט אריינ אינ איינ צעטל מיט קיפּניסעס „כאדאָשימ אונ טעג״ אונ אנדערע ווערק וועגנ פּאָגראָמענ.

ביכדיי צו פארגלעטנ דעמ אָפענעמ נאציאָנאליזמ פונ „דאָר אייַנ דאָר אויס״, ביכדיי צו קאשערנ די מיסטיק, די „קידעש־האשעמ־אידעאָלאָגיע״ פונ דעמ זעלבנ ווערק אונ בארעכטיקנ זייַנ טעזיס וועגנ דעמ „ריזיקנ וויכטיקנ שריט״, איז דעמ כ׳ נוסינאָוו אייַנגעפאלנ אָפּצולייקענענ דעמ גאָט־לעסטערישנ כאראקטער פונ „דער קופּע״. „דאָס איז אפילע ניט געווענ („די קופּע״ — ד. ק.) קיינ שטרייַט מיט גאָט, קיינ גאָט־לעסטערונג, פּאָשעט (?) דערפאר... ווייַל ניט

מארקיש און ניט זײַנע לײענער גלויבן מער ניט אין גאָט,
דעריבער איז דער גאָט-קעמפערישער טײל געװען דעריקער
אן אינסצעניר ונג״.

א שיינע מאָטיווירונג!! געוויס איז אין מארקישעס גאָט-לעסטערונג פאראן
א היפש ביסל ראדיקאל-אינטעליגענטישער אָנשטעל. איז וואָס איז דערפון
געדרונגען? דארף מען דען דעריבער פארלייקענען דעם עצעם פאקט פון גאָט-
לעסטערונג?

אָט די גאנצע „קופע״ האָט נוסינאָוו געבראכט צושלעפן, קעדיי צו דער־
וויַזן, אז אין „קופע״ איז מארקיש אין טאָכ „געבליבן אין די ראמען פון דער
נאציע, פון דער איינהײַטלעכער נאציאָנאלער דראמע״, בייס אין „דאָר אײַנ
דאָר אויס״ „גייט—פ. מארקיש—ארויס פון די ראמען פון נא־
ציאָנאלן״. „מענדלס אומקום איז דאָ א סאכאקל פון וועלט־
פראָצעס״. דער פאָגראָם אין „דאָר אײַנ דאָר אויס״ איז שוין א „בלאט
פון מילכאָמע און רעוואָליוציע״.

ס׳איז אבסאָליוט אומפארשטענדלעך! „די קופע״ איז דאָך אויך אָביעקטיוו
א סאכאקל פון דעם „וועלט־פראָצעס״? עס האנדלט זיך דאָ אויך וועגן איינע
און די זעלבע פאָגראָמען פון 18—1920 יאָרן. די זאך איז דאָך ניט אין דעם,
וואָס אין „דער קופע״ האָבן מיר נאָר פאָגראָם-מאטעריאל און דאָ האָט מאר־
קיש צוגעגעבן צו דעם נאָך מאטעריאלן. דעריקער איז דאָך די קלאסן-באלויכ-
טונג פון דעם מאטעריאל, די אידעאָלאָגישע ציל־געוועגדקײַט פון אווטער. איז
ווי האלט דאָ? איז דען דער אידייען־קאָמפלעקס פון „דאָר אײַנ דאָר אויס״
א מער פראָגרעסיווער ווי אין „קופע״? לאכלוטן ניט. פארקערט, „אין „קופע״
איז פאראן, — ווי כ׳ נוסינאָוו אליין ווייס, — א בונט קעגן נאציאָנאלן (נא-
ציאָנאליסטישן—ד. ק.) קאָלעקטיוו פון א מענטשן, וואָס איז ביז נעכטן דאָרטן
געשטאנען״. „די קופע״ איז געווען (צו יענער צײַט — ד. ק.) די רעוואָליוציאָ-
ניזירנדיקסטע ווערק פון אונדזער גאנצער פאָגראָם-ליטעראטור״. זי האָט אין
אלגעמיין געהאט „א רעוואָליוציאָניזירנדיקן באטײַט״.

נו, און דער ראָמאן „דאָר אײַנ דאָר אויס״, אין זײַן צײַט, האָט אויך
געהאט אזא באטײַט? כ׳ נוסינאָוו שמועסט אונדז אײַן, אז דאָ איז ניטאָ קיין
„קידעש-האשעם־אידעאָלאָגיע״. ער פארלויפט אונדז דעם וועג: „וואָס איז
מענדל? — צי איז ער נאציאָנאלע אידיי? די פאָרזעצונג
פון דער „גאָלדענער קייט״ פון מעסירעס־נעפעש צוליב קי-
דעש-האשעם? (וואָס פאר א טרעפער...).

— ניין. מענדל איז ניט קיין אייניקע אידיי. ער איז
„א לעצטער פאקט״.

וואָס הייסט א פאקט בא א שרײַבער, אויב ניט א שטיק אידיי? ביפראט,
אז דער „פאקט״ פארנעמט העכער דרײַ פערטל פון בוך. איז עס דען ניט די
צענטראלע אידיי פון ווערק? דאָס גאנצע ווערק שוויבלט דאָך און גריבלט מיט
מענדלס הייליקער מעסירעס־נעפעש! כוצדעם, נעמט נאָך מענדל אף זיך די
שולד פון אלץ און אלעמען. ער פילט זיך שולדיק פאר דער מילכאָמע, פאר
דער רעוואָליוציע, פאר די פאָגראָמען, פאר די האריגעס פון די ווײַסע, פאר
די צעשיסונגען פון די רויטע, פאר דער יאָמקיפּערדיקער דעמאָנסטראציע

א. א. וו. ער איז „שולדיק“ עזרענ, בערעלע קאטאָרזשאַנ, סענדערנ אונ וועמענ ניט? — אפילע דעמ קלייניקנ אלעקסאנדריקנ... דער אונטערשייד פונ אימ ביזנ באלעגופ רעב סענדערנ איז נאָר דער, וואָס יענער טײַנעט, „אלצ מיר ייִדנ. אליינ שולדיק“, אונ מיינענ מיינט ער „די אלע קאטאָרזשאַנעס אונ באַלעגאָלעס“, מיט וועלכע ער האָט זיך באצײַטנס ניט צערעכנט... (ז. 238) אונ דער גרויסמוטיקער מענדל נעמט אלצ אפ זײַנ אייגענעמ קאָפּ. צי איז דאָ ניט בוילעט אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פונ „קאָל ייִסראָעל ארייווימ זע באָזע“ (אלע ייִדנ זײַנענ אָרעוו איינער פאר דעמ אנדערנ)? אָבער ניט נאָר דער „דאָר אויס“, נאָר אויך דער „דאָר אײַנ“ האלט זיך, לויט מארקישנ, בא דער זעלביקער אידעאָלאָגיע. זי באקומט נאָר אנ אינטעליגענטישנ אונטערשלאק: „עזרע האָט דערפילט, אז אָט דעמ גאנצנ פארשיידנארטיקנ בראָכווארג... איז ער עפּעס שולדיק. ער איז שולדיק אָט די אײַנגעשפּאנטע יאָכ-טרעגער — זײַנ פרײַהײַט. אָט די אלע קאליקעס איז ער שולדיק זײַנע הענט, זײַנע פיס. אלעמענ איז ער עפּעס שולדיק אונ סאָניענ איז ער עפּעס שולדיק. אונ דעמ קינד איז ער שולדיק. אונ אימ, קורגאנאָוונ, איז ער שולדיק. ער ווייס אליינ ניט, וויפל ער איז זיי אלעמענ שולדיק“ (113). ציט זיך דאָ דענ ניט קיינ „גאָלדענע קייט“ פונ אונדזערע אָוועס דורכ רעב מענדלענ צו עזרענ בערעב מענדל?

כ׳ נוסינאָוו פארזיכערט אונדז, אז „מארקיש איז מײַלנ ווײַט פונ אזא אינטערפּרעטאציע (פונ „קידעש-האשעמ“). ער קענ זיך שווערנ! וועהאָרײַע? „דער קאָלעקטיוו איז פויל אונ פארפוילט. קיינ איינער אינ שטעטל איז ניט פייִק נאָכגיינ מענדלענ“.

איז, ערשטנס, האָט מארקיש ניט דאפקע „געמוזט“ געבנ עטלעכע „גיבוירֵיי ייִסראָעל“, ער האָט זיך געמעגט באנוגענענ מיט איינעמ... צווייטנס, איז ניט ריכטיק, אז ער גיט דאָס שטעטל פויל אונ פארפוילט. דער ראָוו, לעמאָשל, איז א גאנצ פּאטריִארכאלער ייִד, גייט זיך זייער רויִק צו דער טליע. רעב סענדער איז אויך א שיינער ייִד, דאָס וואָס ער איז ניט אזא העלד שאדט גאָרניט. פויל אונ פארפוילט ווײַזט אונדז מארקיש נאָר (אכוצ דעמ מיניסטער) דעמ באלעגאָלע, וועלכער הייבט אָנ, ווי א מיטפילער פונ די באָלשעוויקעס אונ ענדיקט, ווי אנ איבערפעקלער פונ סאכארינ... ס׳איז אויך ניט ריכטיק, אז קיינ איינער איז ניט פייִק נאָכגיינ מענדלענ. רעב מענדל איז זייער אָנגענומענ אינ שטעטל, רעכנט זיך פאר א בעקאָוועדיקנ באלעבאָס. יעדערער פאָלגט, וואָס ער הייסט. אימ פאָלגנ אפילע די שטעטלשע יונגע מיידלעכ. זיי גייענ אײַנשטעלנ זיך דעמ לעבנ אפ דער הוליאנקע בא די באנדיטנ. אונ דער אָרעמער שוסטער קאנאריק? — יענער איז שיר ניט אזא העלד ווי מענדל; נאָכ פארשטענדלעכע וואקלענישנ גיט ער אָפּ זײַנ איינציקע טאָכטער פאר א קאָרבנ, קעדיי צו ראטעווענ דעמ קלאל-ייִסראָעל. אמ ענדע, — אָט די זעלבע טאמעוואטע אומבאוועגלעכע טאָכטער פירט אויך אויס די ראָליע פונ דער היסטאָרישער נאציִאָנאלער „העלדינ“ — יעהודיס... נוסינאָוו דערציילט אונדז ווידער א מײַסע וועגנ א פאקט. דאָסמאָל שוינ אנ עמעסער פאקט — א מײַסע שעהאָיאָ: אזא מינ סאָרט מיידל זאָל ווירקלעכ האָבנ טאקע עקזיסטירט דאָרטנ אונ דאָרטנ... דאָס האָט אָבער אבסאָליוט קיינ שײַכעס ניט צומ עצעמ איניִענ. דער פאקט בלײַבט א פאקט.

ס׳איז שווער אויספירלעכער זיך אָפּצושטעלן אַף די אָן א שיר פעלערהאפטע האנאָכעס אין כ׳ נוסינאָווס ארטיקל. דאָס וואָלט געדארפט אָפּנעמען פיר־פינף מאָל מער פּלאַץ, וויפל עס פארנעמט דער עצעמ ארטיקל. מיר ווילן דאָ נאָר פארצייכענען, אז נוסינאָוו פארשמירט ניט נאָר ד׳עם באַציִאָנאליזם פון דאָזיקן בוך, וואָס איז געווען צו יענער צײַט אַן אויסדרוק פון בורזשואזע ווירקונגען אַפן מיטלויפער מארקיש, ניט נאָר ער פארגלעט די טכעמאטישקײַט, בלאסקײַט פון דער רעוואָליוציִאָנערער יוגנט אין „דאָר אײַן דאָר אויס״. ניין. נוסינאָוו לייקנט איינפאכ שטיינ און ביינ; מארקיש „האָט אויסגעמיטן רעוואָליוציִאָנער-אידעאָלאָגישן סכעמאטיזם און נאציִאָנאליסטישע באַ-נאלקײַט״. באזונדערס קלײַבט כ׳ נוסינאָוו נאכעס פון דער הויכער מאדרייגע „אָביעקטיווקײַט״, צו וועלכער מארקיש האָט זיך דערהויבן אין דעם ווערק. אזא מין „אָביעקטיווקײַט״, מישטיינס געזאָגט, קען אימפּאָנירן נאָר א טיפישן קליינבירגערלעכן אָביעקטיוויסט.

אדאנק דעם אָביעקטיוויזם האָט כ׳ נוסינאָוו פארזען דאָס, וואָס עס קען באמערקן אַן איינפאכער ארבעטער-לייענער: מארקישן גיט זיך דאָרטן ניט איַן „בלײַבן באַם קינסטלערישן לעבן-עמעס״, נאָר ער גיט דאָרט א קאריקאטור פון עמעסדיקן לעבן; ניט נאָר וואָס מארקיש האָט ניט געגעבן קיין פיגורן פון רעוואָליוציִאָנערן „וועלכע די יִדישע ליטעראטור פארמאָגט נאָכ ניט צו ווײַזן״, ער האָט געגעבן נאָר שאָטנס פון רע-וואָליוציִאָנערן. דאָס וואָס איז עכט און קינסטלעריש איז ניט רעוואָליוציִאָנער, און דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זײַן רעוואָליוציִאָנער איז ניט עכט און ניט קינסטלעריש.

אדאנק דעם אָביעקטיוויזם האָט כ׳ נוסינאָוו פארזען, אז אין בוך איז פאַ-ראנען זייער פיל שרײַבערישע צוגעטראכטקײַט, געשמאקלאָזיקײַט, אז דאָס דאָ-זיקע בוך פון קנאָפּע 400 זײַטן איז אָנגעפּיקעוועט מיט וויניק באדײַטנדיקע, אָפּט גאָרניט זאָגנדיקע עפּיזאָדן און עפּיזאָדעלעך, אז א גאנצע ריי עפּיזאָדן (גאָדלס מעשוגאעסן, דער היצל א. א. וו.) זײַנען צעצויגן און צעוואסערט. אדאנק דעם זעלבן אָביעקטיוויזם האָט נוסינאָוו געקענט שרײַבן, אז אין פער-זאָן פון דעם מעשוגענעם „נאָווי״ האָט מארקיש „אויסגעקליבן דאָס בעסטע... פון דער אונטערגייענדיקער וועלט״, דאָס בעסטע דערפאר — „וואָס ער (דער מעשוגענער — ד. ק.) גארט א סאָף מאכן צו דער וועלטס גאָלעס״. נוסינאָוו באמערקט ניט די פאלשקײַט פון דער „נעוויעס״, וואָס מארקיש לייגט ארוף דעם מעשוגענעם אפן צונג. נוסינאָוו מורמלט עפּוואָס אונטער וועגן „שאָלעמ-אלעכיימיִאדע״ אַף עפּעס א פּאָר זײַטלעך אין ווערק. נאָר ער האָט ניט קיין דרייסט צו דערמאָנען, אז אָטאָ די „שאָלעמ-אלייכעמיִאדע״ איז איינע פון די הויפּט-נוסכאָעס אין בוך. בא מארקישן קען געמאָלט זײַן, אז א רוסישער אינ-טעליגענט זאָל טראכטן אַף אזא אויפן: „ניטאָ מיט וועמען צו גיין שפּאצירן איבערן פּראָספּעקט. ניטאָ. אמאָל איז געווען אלעקסאנדריק. איז מען געגאנגען שפּאצירן מיט אלעקסאנדריקן. געווען א פארגעניגן צו גיין שפּאצירן מיט אלעק-סאנדריקן... איצט איז שוין מער ניטאָ אלעקסאנדריק״ (331).

דער אָביעקטיוויזם האָט נוסינאָוון פארפירט אזוי ווײַט, אז ער האָט פאר-וואנדלט רעב מענדלס „פינטעלע יִד״ אין... א „פינטעלע טאטע״,

קעדיי צו ריינוואשן דאָס פּינטעלע ייִד בא מארקישן. מיט דער זעלבער רעכט האָט שוין נוסינאָוו געקענט ריידן... וועגן „פּינטעלע זיידען", ווײַל אויך דער זיידע עזורעס איז געווען, אָן אנהאָרע, א ייִד, וואָס קאָטאָרי: „דער אלטער רעב הערש — דערציילט אונדז מארקיש און כאזערט איבער עטלעכע מאָל — האָט געפּירט די קלעזמער איבער די גאסן, דעמלט ווען עס איז אפן שטאָט ארום־געגאנגען די כאָליערע.

— „דאָ — דאָס שווארצע קעסטל, און דערנעבן — די קאפּעלע.

— פריילעך זאָל זײַן, קלעזמער!"

* * *

פרעגט שוין ניט. ס'איז פריילעך! אָנשטאָט צו דערווײַזן וויִאזוי דער אָנ־גריף אפ די רעשטן פונעם קאפּיטאליזם אין רעקאָנסטרוקטיוון פּעריִאָד, וואָס רופט ארויס א כײַיִשן ווידערשטאנד מיצאד די באַלעגופים — ברענגט אויך וואקלונגען אין די רייען פון דעם ניט שטאנהאפטיקן קליינבירגערטום: אָנשטאָט אופצודעקן וויִאזוי אָט די בורזשואזע ווירקונגען האָבן געפונען אזא בוילעטע אָפּשפּיגלונג אין מארקישעס ווערק פון דעם פּעריִאָד („דאָר אײַן דאָר אויס" און „כאווײרים קוסטארן") פארשמירט נוסינאָוו אָט דעם דורכרײַס בא מארקישן אָדער ריכטיקער געזאָגט — אָט די שארפע נאציִאָנאליסטישע רודי־מענטן, וואָס האָבן זיך דאָ אנטפּלעקט אין זייער גאנצן גלאנץ.

דער כ' נוסינאָוו שלעפּט אָן א גאנצע ריי צוגעלעגערטע טעאָריעס אלץ צוליב בארעכטיקן מארקישעס דורכפאל, קעדיי פאָרשטעלן דאָס בוך פאר דעם לייענער ווי אן אָביעקטיווע ווערק פון אונדזער רעוואָליוציִאָנערער ווירקלעכ־קײַט. דאָ האָבן מיר, אָן שום סאָפעק, איינעם פון די פילצאָליקע אָפּאָרטוניס־טישע פעלערן בא נוסינאָוון.

א. האָלדעס — „א דורכגעפאלענער פרווו" (פראָליט", נום. 5, 1929).

כ' האָלדעסעס אָפּשאצונג פון „דאָר אײַן דאָר אויס" איז דיִאמעטראל־קעגנזעצלעך צו נוסינאָווס „מוטיקע" קריטיק פון דעם זעלבן ווערק (זע אויבן).

כ' האָלדעס זיפּט דורך דעם אינהאלט פון ווערק, שטעלט זיך גענויער אָפּ אפ די כאראקטעריסטיקעס פון די הויפּט־העלדן און ווײַזט אוף, אז אויך אין דעם ווערק איז די טעמאטיק דעריקער א שטעטלדיקע. „די האנדלונג קומט פאָר דעריקערשט אין שטעטל", דאָס ראָוו העלדן זײַנען אויך שטעטלדיקע און ניט געקוקט אפ דעם, וואָס דאָס שטעטל, וועלכע מארקיש מאָלט, „איז דאפקע ניט קיין קרעמעריש הויפּטזעכלעך... ס'איז א שטעטל מיט גרויסע גארבארניעס" א. א. וו. ווײַזט אונדז ניט מארקיש ניט די ארבעטער, ניט דעם ארבעטער־קאמף און ניט דעם רעוואָליוציִאָנערן אונטערערד. דאָס איז דערפאר, וואָס „מארקיש האָט ניט די מינדסטע דערפארונג אין דער ארבעטער האָרעפּאשנער סוויווע, אינעם רע־וואָליוציִאָנערן אונטערערד, אינעם אָרגאניזירטן קאמף פון ארבעטער־קלאס". „זײַן דערפארונג, ניט נאָר די לעבעדיקע — זײַן געיארשנטע קולטור־דערפארונג ליגט גאָר ערגעץ אנדערש". ווו? כ' האָלדעס ווײַזט אָן: מארקיש האָט דאָ אין זײַן זוכן דעם „גרויסן שטאָלצן ייִדן", „דעם עוויגען יודע", זיך אומגעקערט צום שפּעטיקן פּערעצן פון „אויב ניט נאָך העכער"... מארקיש האָט, אזוי ארום, „פארווישט די קלאסן־דיפערענציִאציע, וואָס איז געווען אין שטעטל".

מיר האָבנ דאָ—באמערקט כ׳ האָלדעס — „איינ גרויסע איידע יידנ, איינ וואנט, איינ שטעטלדיקנ קלאל-ייִסראָעל, פאר וועמענ סע בלוטיקט אונ סע גייט אויס דער הייליקער מענדל. אויב עס איז פאראנ א בערעלע קאטאָרזשאנ, ווערט ער אויכ, סאָפקאָלסאָפ, געבראכט צו קוווּרעס-ייִסראָעל. ער איז דער קאָדעש פונ דער זעלבער איידע יידנ״.

דער קערנ פונ בוכ איז פונ איינ זײַט—„נאציאָנאליסטישע אפאָלאָגעטיק״, אונ פונ דער צווייטער—„איבערפלעכלעכ באנומענע רעוואָליוציאָנערע ווירקלעכקײַט״.

כ׳ האָלדעס האָט געדארפט צוגעבנ — „פארקריפלונג פונ רעוואָליוציאָנערער ווירקלעכקײַט״. דאָס וואָלט געווענ ריכטיקער. ער אליינ ווײַזט אָנ אפ ניט ווייניק אזעלכע מאָמענטנ אינ מארקישעס ווערק (די שילדערונג פונ דער רויטער ארמײ, דער נימעסער, מעגושעמדיקער פארברעכער אינ דער ראָליע פונ א פאָרזיצער פונ רעוו. טריבונאל, די שיינע אנטי-רעליגיִעזע „פראָפאגאנדע״ אונ נאָכ אונ נאָכ).

כ׳ האָלדעס ווײַזט אויכ אָנ אפ אייניקע שטארקע ערטער אינ בוכ: טאמבאָוו, די קאזארמע, דער ראבינער, די בעזשענצעס אונ „די גראָטעסקישע פיגור״ פונעמ „יִדישנ מיניסטער״, אָבער פרעוואלירט די „יאָמימ-נעראָיִמ-שטימונג״, „די אפאָלאָגעטיק פונ אנ אויסגעוועבטער אידייענ-וועלט. אפילע „דער גראָטעסק-טאָנ טראָגט ניט אריינ קיינ געזונטע סאָציאלע אטמאָספער אינ בוכ״. ווײַל — „די סאָציאלע פעדימער, וואָס ציִענ זיכ פונ דעמ מיניסטער צו באשטימטע שיכטנ פונ דער יידישער באפעלקערונג, זײַנענ גאנצ נעפלהאפט״. דאָס זעלבע לאָזט זיכ אויכ זאָגנ וועגנ ראבינער.

כ׳ האָלדעס רעדט אינ זײַנ ארטיקל גאנצ אויספירלעכ וועגנ די ניט אײַנגעגעבענע רעוואָליוציאָנערע העלדנ, וויאזוי „טאָווארישטש זאָרינ״ איז פארוואנדלט געוואָרנ בא מארקישנ אינ אנ „עוזרע בערעב מענדל״. אונ די פאָליט-קאטאָרזשאנקע סאָניע—איז עפעס א אינטעליגענטישע הערצער-ברעכערנ. דערצ נאָכ „איז זי (אונ ניט נאָר זי—ד. ק.) מאנעקעניש״ א. א. וו. אסאכ אויבנויפיקער ווערט אינ ארטיקל אָפגעמערקט די מיסטיק פונ בוכ, די שפּראכלעכע וואקכאנאליע, וואָס מיר האָבנ אינ ווערק. זייער ווייניק אָרט ווערט אָפגעגעבנ פאָרמעלע מאָמענטנ ביקלאל. פארשטייט זיכ, ניט וועגנ אלצ האָט דער כ׳ האָלדעס געקענט ריידנ אויספירלעכ אינ זײַנ קורצנ ארטיקל.

דער שלוס אָבער פונ ארטיקל, אז מארקישעס „פּרוּוו זיכ פארמעסטנ אפ גרויסע לײַוונטנ אינ פראָזע, זײַנ פּרוּוו געבנ א מינ עפאָפייע פונ מילכאָמע אונ רעוואָליוציע איז א פולקומער דורכפאל״ אונ אז „דער בוכ איז אי שעדלעכ, אי שוואכ״, איז צוליב אָט דער פאראלגעמיינערונג אונ צו שארפער קאטעגאָרישקײַט פונ דער פאָרמולע געווענ ניט קיינ ריכטיקער.

דער כיסאָרנ פונ ארטיקל ליגט נאָכ אינ אנ אנדער פלאכ: נאָכ דעמ אלעמענ, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרנ, איז דער ארטיקל, פונדעסטוועגנ, ניט גענוג פאָליטיש פארשארפט.

כ׳ האָלדעס האָט ניט דערטאפט דעמ אידעאָלאָגישנ יאָדער פונ עזרעס „שולדיקײַט״, ער פאסט עס אופ, ווי א שטריכ פונ א „צעשרויפטנ אינטעלי-

גענט״, אָדער ווי עפּעס א מין שטימונג פון א "кающийся дворянин„ און באמערקט ניט, אז דאָס אַלץ איז עפּשער ריכטיק דיינ פאַרמעל. אינדערעמעסנ איז אָט די שולדיקייט א שטריכ פון דעם „בענ מענדל״, פון דער יידישלעכער („קאָל-יִשׂראָעל-אידעאָלאָגיע״ (זע אויבנ).

א וויכטיקער פעלער איז אויכ דאָס, וואָס כ׳ האָלדעס באהאנדלט דעם ווערק אינגאנצנ אָפּגעריסנ פון פּערעצ מאַרקישעס פריִערדיקנ שאפנ. די פריִערדיקע ווערק וואָלט נייטיק געווענ צוציִענ (כוצ צוליב באוווסטע מאָטיוונ) כאָטש צוליב דעם, קעדיי דערווייַזנ, אז מאַרקישעס „געיארשנטע קולטור־דערפאַרונג״ שטאמט אינ דעם פאַל ניט נאָר פון א פערעצנ, לעמאָשל, נאָר א ו י כ פונ... מאַרקישנ גופע.

## וועגנ דער פּיעסע „ערד״

א. כאשינ—פּערעצ מאַרקיש—„ערד״, „עמעס״, נומ. 21, 1931.
י. נוסינאָוו—„ניט גערדיִיגעט״, „עמעס״, נומ. 65, 1931.
א. דאמעסעק—„ניט גערדייגעט״, „אָקטיאבער״, נומ. 113, 1931.

מאַרקישעס פּיעסע „ערד״ שטעלט מיט זיכ פאָר אנ איבעראַרבעטונג פונ דער פּאָעמע „ניט געדייַגעט״. געדרוקט איז זי נאָכ אינ ערגעצ ניט געווענ, דאָכ זייַנענ שוינ געווענ א ריי רעצענזיעס וועגנ דער שטעלונג פונ אָט דער פּיעסע אינ פאַרשיידענע טעאַטערס. אפ וויפל מע קאָנ אורטיילנ פונ אָט די אָפּרופנ, איז צו זענ, אז דער סיוזשעט פונ דער פּיעסע איז קימאט דער זעל-בער, וואָס אינ דער פּאָעמע; די העלדנ—אויכ די זעלבע, אונ אז ביקלאַל פאַר-מאָגט די פּיעסע די זעלבע גרונט-מייַלעס אונ גרונט-כעסרוינעס, וואָס די פּאָעמע.

פונ די רעצענזיעס וועלנ מיר דאָ ברענגענ נאָר דאָס, וואָס געהערט דער פּיעסע, ניט דער שטעלונג אינ אלגעמיינ.

כ׳ כאשינ רעצענזירט די שטעלונג פונ דער פּיעסע אינ מאָסקווער מעלוכישנ טעאַטער (געוועזענער „קאָרש״-טעאַטער). פונ די מייַלעס, וואָס די פּיעסע פאַרמאָגט, ווייַזט ער אָנ—1) אפ איר הייַנטצייַטיקער טעמאַטיק, 2) אפ דעם שילדערנ דעם נייַעם העכערנ עטאפ אינ דער איבערוואַנדערונג (קאָלעקטיווי-זאציע), 3) ליטעראַרישקייט פונ דער פּיעסע, די דאָמינירונג פונ טעקסט אינ דער פאָרשטעלונג אונ 4) גוטע טרעפלעכע עפעקטפולע עפּיזאָדנ. כעסרוינעס אינ דער פּיעסע געפינט דער כאַוועה כאשינ, ערשטנס, אינ דעם, וואָס די פּיעסע איז אָרעם איז האנדלונג, „אינ גרונט פונ דער פּיעסע איז געלייגט דער פלאקאטיש־רעדנערישער מעטאָד״. 1) מע זעט ניט קיינ אקציעס. 2) די עפּיזאָ-דישקייט פונ דער פּיעסע, דאָס פעלנ פונ „א קלאָרער שפאַנענדיקער אינטריגע״. 3) „נאָכ א גרויסער בלויז אינ דער פּיעסע איז, וואָס די יידישע סוויווע איז דאָ געגעבנ געוואָרנ איזאָלירט, אָפּגעריסנ פונ דער ניט-יידישער ארומרינג-לונג״. 4) דאָס פעלנ פונ „אָרט־קאָלאָריט״, „דאָס וואָס די פּיעסע איז אויסער רוים... פאַרשמעלערט שטאַרק איר סאָציאַלע באַזע״. 5) געוויסע סכעמאַטישקייט אינ מאָלנ אייניקע העלדנ (דעריקער די פּאָזיטיווע). 6) אינ פערזאָנ פונ קאָמו-ניסט ראָנדל איז „צופיל פערזאָניפיצירט די אָנפירונג פונ דער פאַרטיי״ (דאָס

אלצ האָבנ מיר אויכ אָפּגעצייכנט אינ אונדזער ארטיקל „א טריט פאָרויס" וועגנ דער פּאָעמע „ניט געדײַגעט", זע „אָקטיאבער", נומ. 214—215, 1930).

פונ דער רעצענזיע איז אויכ צו זענ, אז די פּיעסע איז אינ אלגעמיינ פּאָליטיש מער פארשארפט ווי די פּאָעמע, אז דער קולאק איז דאָ געגעבנ געוואָרנ בוילעטער אונ דער וועג זײַנער — איז א מער אָרגאנישער, מער דינאמישער, אז דער אגראָנאָמ ווערט דאָ געגעבנ לאכלוטנ אנדערש ווי אינ דער פּאָעמע: ניט ווי אנ איבערגעגעבענער סאָוועטישער טוער, נאָר אנ אגראָדזשאָינטישער אגראָנאָמ מיט „אינטעליגענטישער צעקראָכנקײַט אונ פּריוואט-אייגנטימערישער רעאקציאָנערישקײַט". דאָ זײַנענ אויכ צוגעקומענ אייניקע העלדנ, וואָס אינ דער פּאָעמע זײַנענ זיי ניטאָ (קאסריעל דער אָנגעשטעלטער, דער בודיאָנאָוועצ אונ אנד.). דער אלגעמיינער אויספיר: „צוליבנ גרויסנ געפיל פונ סצענישנ טאקט אונ דראמאטורגישנ סאָפּ, וואָס מארקיש האָט ארויסגעוויזנ אינ דער דאָזיקער פּיעסע... דארפ עס, אָנ סאָפּעק, אָפּגעשאצט ווערנ ווי א געלונגענער פּרווו, ווי א גוטער אָנהייב".

* * *

וועגנ דער שטעלונג פונ דער זעלבער פּיעסע אינ מאָסקווער מעלוכישנ ייִדישנ טעאטער האָבנ מיר א רעצענזיע פונ כ' נוסינאָוו. די רעצענזיע (אָפּ וויפל עס גייט א רייד נאָר וועגנ דער פּיעסע) איז נאָכ מער א פּאָזיטיווערע איידער כ' כאשינס: „ברייטער פארנעמ, ריכטיקע אידעאָלאָגישע אײַנשטעלונג. טאָציאלע אקטועלקײַט, רײַכע זאפטיקע מארקיש־שפּראכ אונ בילדערישקײַט פעסטקײַט אונ טרעפלעכקײַט פונ דיאלאָג" א. א. וו.

קיינ כעסרוינעס ווײַזט ער קימאט ניט אָנ, אכוצ דאָס, וואָס „עס זײַנענ בלאס אָנגעצייכנט די פיגורנ פונעמ קאָמוניסט ראָנדל אונ דער קאָמיוגיסטקע", אונ דאָס וואָס אייניקע סצענעס זײַנענ ניט גענוג מאָטיווירט. אינ אלגעמיינ לייקנט אָפּ דער כ' נוסינאָוו א ריי פעלערנ פונ דער פּיעסע, אפ וועלכע עס ווײַזט אָנ דער כ' כאשינ (נאציאָנאלע אָפּגעגרענעצטקײַט אונ אז. וו.).

כ' דאמעסעק רעדט אינ זײַנ רעצענזיע וועגנ דער פּיעסע, וויאזוי זי איז געשטעלט געוואָרנ (אינ מינסק) פונ כארקאָווער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער. אויכ אָט די רעצענזיע רעדט וועגנ דער פּיעסע גאנצ פּאָזיטיוו. כ' דאמעסעק פארגלײַכט די פּיעסע מיט די שילדערונגענ פונעמ „באזעצנ ייִדנ אפ ערד" „פונ די בורזשואזע אונ קלייבנבירגערלעכע גאסטראָליאָרנ פונ אויסלאנד", מיט „די אידיליעס פונ „מילכ אונ האָניק" אונ „ייִדישער מעסירעס-נעפעש" פונ די נאָמבערגס, גלאזמאנס אונ זינגערס אונ אויכ אייניקע פונ אונדזערע אייגענע שרײַבער, וועלכע האָבנ געקרענקט אפ דער זעלבער קרענק, וואָס איז דער הייפּעכ פונ דעמ „רעאל-לעבעדיקנ בילד פונ קאמפּ אפנ וועג פונ דער קאָלעקטיוויזאציע אינ דער לאנדווירטשאפט", אונ דאָס באווײַזט אונדז מארקיש. אפ דער פראגע: צי האָט דער אווטער „ריכטיק אָנגעטאפּט דעמ דייפעק פונ רעקאָנסטרוקטיווע פעריאָד אונ די פארשארפטע קלאסנ־שלאכטנ אפנ קאָלעקטיוויזאציע־פראָנט" גיט דער כ' דאמעסעק א פּאָזיטיווע ענטפער.

כ' דאמעסעק ווײַזט נאָר אָנ אפ דעמ שוינ באמערקטנ פעלער (וועגנ וועלכנ עס ריידנ אויכ די פריערדיקע רעצענזענטנ), אז „די פארטייישע אונ

קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען ניט אין צענטער פון דער אָנפירונג מיטן קאָלעקטיוו" אין מאַרקישעס פּיעסע, און נאָך אַפ דעם, וואָס אין דער פּיעסע איז געגעבן געוואָרן בלויז „די ערשטע סטאַדיע פון די באַלעגופישע אַרויס־טרעטונגען קעגן דער קאָלעקטיוויזאַציע", עס איז ניט געוויזן געוואָרן „די הויפּט־שטרעבונג ,פון באַלעגופּ אַרונטערצורײַסן דעם פּראָלעטאַרישן צוזאַמענ־שלוס פון שטאָט און דאָרף", און ווידער—אַז אין דער פּיעסע זעען מיר ניט די פעדים, וואָס ציִען זיך פון אונדזער דאָרף צום פּראָלעטאַרישן צענטער.

ניט געקוקט אַפ דעם, וואָס די אָפּשאַצונגען פון מאַרקישעס ערשטער פּיעסע מיצאַד די באַזונדערע רעצענזענטן פאַלן ניט גאָר צונויף, אָדער זײַנען זיך אַפילע סויסער (נוסינאָווס רעצענזיע), האָבן זיי דאָך געמיינזאַמעס דאָס, וואָס קיינע פון זיי איז ניט גענוג קאָנקרעט און דעריבער ניט גענוג איבערצײַגנדיק. זיי איבערצײַגן אונדז נאָר אין דעם, אַז בײַ אונדז האָט מען זיך נאָך ניט צוגעוווינט פון צוגיין צו אַ טעאַטער־רעצענזיע מיטן זעלבן ערנסט ווי צו אַ ליטעראַ־ריש־קריטישן אַרטיקל, כאָטש אויך דאָ פיגורירט אַ ליטעראַריש ווערק און די רעצענזיעס ווערן געשריבן פון ליטעראַטן.

דאָס וואָס אַ ספּעקטאַקל שטעלט מיט זיך פאָר אַן אייגנאַרטיקן קאָמפּלעקס, אין וועלכן עס גייען אַרײַן עלעמענטן פון פאַרשיידענע מינים קונסטן, דאָס וואָס מיר האָבן דאָ פאַר זיך כוץ דעם ליטעראַרישן טעקסט (אָפטמאָל—ניט אַזוי דעריקער דעם ליטעראַרישן טעקסט) אויך מוזיק, טעאַטער־שפּיל און אַז. וו. מאַכט די אויפגאַבע פון רעצענזענט נאָך שווערער און ערנסטער. אין די דער־מאָנטע רעצענזיעס (זיי זײַנען דאַפקע ניט פון די ערגערע מוסטערן, מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך) באַנוגנט מען זיך נאָך אַלץ מיט אייניקע ווערטער וועגן יעדן עלעמענט פון ספּעקטאַקל באַזונדער. די געדאַנקען ווערן ניט גענוג אַנט־וויקלט און מיט גאָרניט דערוויזן. מאַכן זיי טאַקע אַלע דעם אײַנדרוק פון... אײַנדרוקן. מער צי ווייניקער קוואַליפיצירט־אָנגעשריבענע אײַנדרוקן פון צו־שויער, אַפ וועלכן מע קען זיך פאַרלאָזן, וועמען מע קען גלויבן, אָדער טרויען, אָבער וועלכע מע קען אויך ניט גלויבן און ניט טרויען.

ווי עס איז צו זען, האָט אונדזער קריטיק פאַר די לעצטע פאָר יאָר אָפּגע־צייכנט אַ באַדײַטנדיקן ווּוּקס בײַ מאַרקישן.

דער וווּקס באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס מאַרקיש האָט געמאַכט באַ־דײַטנדיקע טריט צו דערנעענטערן זיך צו אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג, און רעוו. ווירקלעכקײַט ביקלאַל; צוזאַמען מיט דעם דאַרף מען אָפּצייכענען אויך אַ היפּשן, אַזוי צו זאָגן, „ריין שעפערישן" ווּוּקס. די אָנשטרענגונגען, וואָס מאַרקיש מאַכט אַפ צו דערנעענטערן זיך און באַהערשן די פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע, האָבן גלײַכצײַטיק געבראַכט צו דעם, אַז מאַרקישעס נײַסטע ווערק („ניט געדײַגעט"), כאָטש עס פאַרמאָגט נאָך אַ היפּשע פּאָרציע סכעמאַ־טישקײַט, נאַציאָנאַל־באַפאַרבטע ראָמאַנטיק א. א. וו. — איז דאָך אַ באַדײַטנדי־קער קינסטלערישער טריט פאָרויס לעגאַבע די פריערדיקע ווערק. באַזונדערס איז דאָס צו מערקן אין פראַט פון קאָמפּאָזיציע, די פּאָעמע איז מער איינהײַט־לעך געבונדן, מער פאַרגאַנצט, די געשטאַלטן — פאַרביקער און בלוטפוליקער איידער די פריערדיקע.

מיר האָבן געגעבן אַן איבערזיכט איבער די וויכטיקסטע אַרטיקלען און

ארויסזאָגונגען, וואָס מיר האָבן אין אונדזער סאָוועטישער ליטעראַטור וועגן מאַרקישן. ווי געזאָגט, האָבן מיר ניט געשטרעבט אויסשעפּן אַלץ, וואָס איז פאַראַן וועגן דעם. מיר האָבן דורכגעלאָזן אַן אַרטיקל פון רײַלאַנד אין „באַגינען" און נאָך אייניקע אַנד. צוליב דעם, וואָס מיר געפינען דאָרט ניט קיין פּרינציפּיעלע נײַס.

די דאָזיקע אַרבעט האָט, ווי אונדז שײַנט, ניט נאָר אַ באַדײַטונג פאַר דער-לערנען איינעם פון אונדזערע ערשטע, פּראָדוקטיווסטע און טאַלאַנטפולסטע סאָוועטישע שרײַבער. אין אַ געוויסער מאָס קען מען פון דעם דאָזיקן איבערזיכט זען דעם אַנטוויקלונג-וועג פון דער ייִדישער נאָך-אָקטיאַברישער קריטיק.

אויפן קאָנקרעטן בײַשפּיל פון דער מאַרקיש-קריטיק קענען מיר זען, ווי אונדזער מאַרקסיסטיש-לענינישע קריטיק האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג דורך די פאַרשיידענערליי פאַרשטייער פון בורזשואזע, קליינבירגערלעכע ליטעראַרישע שולן און ריכטונגען, אין קאַמף מיט אָט די ריכטונגען (נאַציאָנאַלער עסטעטיזם, פאָרמאַליזם, קולטור-היסטאָריזם א. א. וו.). מיר האָבן דאָ אויך די אָפּאָרטוניסטישע אָפּנייגן און וואַקלענישן (ליטוואַקאָוו, נוסינאָוו), פעלער־האַפטע אײַנשטעלונגען און פאָרמולירונגען (בראָנשטיין, דונעץ א. אַנד.) אין די רייען פון דער מאַרקסיסטישער קריטיק גופא. איצט איז ניט איבעריק דאָס אַלץ צו דיסקאָנטירן, קעדיי מיט מער דערפאָלג, ווי ביז איצטער, פאַרווירקלעכן די שווערע און פאַנאַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע פון שאַפן די מאַרקסיסטישע געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, קעדיי אויפהויבן אונדזער קריטיק אויף אַ העכערן ניוואָ, אויף דער אויסגעהאַלטענער, אויסגעפּרוווטער מעטאָדאָלאָגישער באַזע פון מאַרקסיזם-לעניניזם.

פּ. ס. דער איבערזיכט איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט דרײַ יאָר צוריק. עס איז דאָ ווייניק באַלויכטן מאַרקישעס „ניט געדײַגעט". מאַרקישעס בוך „פאַר-קלעפּטע ציפּערבלאַטן" (1930) האָבן מיר אויך ניט באַרירט, אָבער שוין באַ-וווסטזיניק, אויף וויפל עס שטעלט מיט זיך פאָר, אין זײַן איבערוועגדיקן טייל, אַ זאַמלונג פון אַלטע לידער, פאַרעפנטלעכטע אין זײַנע פריִערדיקע לידער-זאַמלונגען („שוועלן", „פּוסט און פּאַס", „סטאַמ", „ראַדיאָ" און אַנד.).

פאַר די לעצטע דרײַ יאָר (1934—1931) האָט דער כ׳ מאַרקיש אַנטוויקלט אַ גרויסע, אינטענסיווע ליטעראַרישע אַרבעט. עס זײַנען דערשינען די ביכער „וואָכנטעג", די 2 (דערוווּיזלע) בענדער פון מאַרקישעס געזאַמלטע ווערק (ב. I און V) אי אַ גרויסע צאָל באַזונדערע לידער. דאָס אַלץ רעדט, אָן שום ספק, וועגן מאַרקישעס ווײַטערדיקן אידייִש־קינסטלערישן וווּקס. אָבער די קריטיק אונדזערע האָט אויף דעם אַלעמען נאָך קנאַפּ ווי ניט רעאַגירט. דאָס איז איינער פון די פּיזצאָליקע באַווײַזן וועגן אָפּשטייַן פון אונדזער קרי־טיק. דער דאָזיקער וויכטיקער פּעריאָד אין מאַרקישעס שאַפן פאָדערט אַ באַ-זונדער אָפּהאַנדלונג.

י. סערעבריאַני

# צו דער פּראָבלעם פון אַזויגערופענעם „קיִעווער פּעריאָד“ אין דער ייִדישער נאָך־אָקטיאַבערדיקער פּאָעזיע

(מ א ט ע ר י א ל ן)

דער פאַרשפּרייטער באַגריף „קיִעווער פּעריאָד“ אַנטשפּרעכט ניט, פאַרשטייט זיך, אונדזער מאַרקסיסטיש-לענינישן באַנעמען ליטעראַטור־פּראָצעסן. עס זײַנען דאָך אינגאַנצן ניט באַלויכטן געוואָרן: די גרענעצן פון אָט דעם פּעריאָד, דער איבערפלעכט פון קלאַסנקאַמף, וואָס פאַרפילט אָט דעם פּעריאָד, זײַן סאָציאַלער מעהוס, זײַן פאַרבינדונג און ראָליע אין דער גאַנצער פאַרבאַנדישער נאָך-אָקטיאַבערדיקער ייִדישער ליטעראַטור א. אַז. וו. יענע באַאָבאַכטונגען, וואָס עקזיסטירן ביזן הײַנטיקן טאָג וועגן אָט דעם פּעריאָד טראָגן אין זייער גרעסטן טייל אַן אויסערקלאַסעוון, אָפּטמאָל אַ געאָגראַפישן כאַראַקטער און בעמיילע זײַנען זיי ניט אימשטאַנד וויפל ניט איז וויסנשאַפטלעך־אַרטיקולירט, שוין ניט רײדנדיק וועגן אַן ערנסטער מאַרקסיסטיש־לענינישער אַלזײַטיקער באַהאַנדלונג, אויפדעקן דעם פאַר אונדז זייער וויכטיקן ליטעראַריש־געשיכטלעכן פּעריאָד.

די „קיִעווער טקופע“ (באַנוצנדיק דערווײַל אָט דעם טערמין), אויב מע זאָל זי רעכענען פון ערשטן זשורנאַל „אייגנס“ (1918), און אויב מע זאָל זיך דערווײַל באַנוגענען מיט אוקראַיִנע, הייבט זיך נאָך אָן פון ביז דער ענדגילטיקער פאַרפעסטיקונג פון דער סאָוועטנמאַכט אויף אוקראַיִנע. אַזוי אַרום, אויב מע זאָל באַטראַכטן די קיִעווער (און ביכלאַל די אוקראַיִנישע) ליטעראַטור אָפּגעריסן פון דער אַלפאַרבאַנדישער ייִדישער ליטעראַטור, וועט אויסקומען די קיִעווער נאָך־אָקטיאַבערדיקער טקופע אָנהייבן ערשט פון יאָר 1919. גראָד אין דעם יאָר הייבט זיך אָן אין קיִעוו, מיטן קומען פון דער סאָוועטנמאַכט, פאַרשפּרייטן די לעגאַלע קאָמוניסטישע פּרעסע, די קאָמוניסטישע פאַרלאַג-אַרבעט. עס ליקווידירן זיך די קלייַנבירגערלעכע, מענשעוויסטישע און האַלב-מענשעוויסטישע, ציִעניסטישע און האַלב־ציִעניסטישע צײַטונגען און זשורנאַלן, און וואָס עס איז נאָך וויכטיק צוצוגעבן, עס הייבן זיך שוין אָן אַפילו פּרוּוון צו אָרגאַניזירן אַ „פּראָלעטקולט“, און אין אָנהייב 1920 ווערט טאַקע

אזעלכער געשאפן און פּאַרמאַנענט אויך א ייִדישע סעקציע (וועגן דעם ווײַטער). שפּעטער הייבט אָן ארויסגיין די קליינע ביבליאָטעק „ליריק", עס אָרגאַניזירט זיך די גרופּע „ווידערוווקס". עמעס, עס איז נאָך פאַרבליבן ביזן 1921 יאָר די נאַצ־דעמאָקראַטישע קלאַל־ייִסראָעלדיקע „קולטור־ליגע", וועלכע איז געוואָרן א מין איר מיקלעט פאַר אלע רעאקציאָנערע, נאַציאָנאַליסטישע און נאַצדעמאָקראַטישע עלעמענטן. אָבער ביסלעכווײַז הייבט זיך שוין אָן די עמיגראַציע פון די מענשעוויקעס און ייִדישיסטן אין אויסלאַנד, און צום אָנהייב 1921 יאָר, דעמלט ווען די „קולטור־ליגע" איז קאָמוניזירט געוואָרן, האָט שוין דער גרעסטער טייל פון די רעאקציאָנערע שרײַבער און קריטיקער פאַרלאָזן קיִעוו.

אזוי ארום, זענען מיר, אז מיר האָבן דאָ פאַר זיך גאָרניט אזא מין איינהײַטלעכן, „סאמעטענעם" ליטעראַרישן מאסיוו, נאָר א גאַנץ קאָמפּליצירטן פּאָליטיש־ליטעראַרישן און קולטורעלן איבערפלעכט, וועלכער פאָדערט א גענויע און דעטאַלע באַהאַנדלונג. אין אונדזער אויפגאַבע גייט עמעס ארײַן דעריקער נאָך דער „קיִעווער פּעריאָד" אין דער ייִדישער נאָך־אָקטיאַבערדיקער פּאָעזיע, אָבער גראָד די פּאָעזיע האָט אין דעם פּעריאָד געשפּילט די באַדײַטנדיקסטע ראָליע און האָט אסאך מער ארויסגעוויזן סימאָנים פון לעבן איידער די פּראָזע און קריטיק אפילע.

אין אונדזער געגעבענער סעמינאַר־אַרבעט קאָנען מיר זיך קיין גאָר גרויסע אויפגאַבעס ניט שטעלן און וועלן זיך נאָר באַנוגענען מיט דעם, וואָס מירן פּרוּוון ארײַנטראָגן אייניקע נײַע מאָמענטן אין דער פאָרשונג־אַטמאָספער פון אָט דעם געביט.

קוידעמקאָל, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט קיִעוו ביז און נאָך דער פעוורואַל־רעוואָליוציע אין פּאָליטיש־קולטורעלן און ליטעראַריש־קינסטלערישן זין?

אין „ביכער־וועלט" נום 2־3 שרײַבט איינער א „ייִדישער אינטעליגענט" מ. בערלין: „איצט איז קיִעוו אָן עמעסע מעטראָפּאָליע פון ייִדישער קולטור: ייִדישע צײַטונגען, זשורנאַלן, פאַרלאַגן, דרוקערײַען, צענטראַלע קולטור־ און בילדונג־אינסטיטוציעס, וויכטיקע צענטערן פון ייִדישן, פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן און אַרבעט, א שיינע בינטל ייִדישע שרײַבער, דיכטער, מאָלער און זשורנאַליסטן.

צוריק מיט א 10—12 יאָר איז פון דעם אלעמען אין קיִעוו קיין זייכער ניט געווען. אין ייִדיש־קולטורעלן זינען איז קיִעוו דאַן געווען אַן עמעסע פּראָווינץ־שטאָט..."

דאָס לעצטע איז ניט אינגאַנצן ריכטיק. קיִעוו האָט שוין אויך מיט א 10 יאָר צוריק ארויסגעוויזן גאַנץ קאָנטיקע סימאָנים פון קולטורעלן לעבן. אפן געביט פון ייִדישער ליטעראַטור און קונסט האָט זיך עס אויסגעדריקט אין דעם, וואָס אין 1910 יאָר איז ארויס דער „ייִדישער אלמאַנאַך" (רעדאַקטירט דורך ש. גאָרעליק), אין 1912 דערשײַנט א צווייטער זמ"ב „פון צײַט צו צײַט". אָט די זאַמלביכער גיט ארויס דער ייִדישער „קונסט־פאַרלאַג" און אין זיי נעמען אָנטייל גאַנץ אָנגעזעענע ליטעראַרישע קויכעס, ווי: דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער, ז. אָניכי, דאָוויד איינהאָרן, פּערעץ הירשביין, ש. ניגער, נ. מײַזעל און אַנדערע. אין ווילנער נאַצדעמאָקראַטישן וואָכנבלאַט „די וואָך", מאַרק

יאָר 1915 געפינענ מיר אויכ א קאָרעספּאָנדענצ־נאָטיצ פונ ע. קאָרמאנ: „די אויסשטעלונג פונ די קיִעווער קינסטלער (א בריוו פונ קיִעוו)", ווו דער קאָ־רעספּאָנדענט רעדט וועגנ די יִידישע קינסטלער מאניעוויטש אונ טשײַקאָוו אונ גיט דערבײַ צו: „קיִעוו שנײַדט זיכ אפּ א קולטור־צענטער. אינ פיל פּראָטימ האָט ער שוינ לאַנג פאַרנומענ אנ אָנגעזעענעמ אָרט. אינ די לעצטע פאַר יאָר האָט קיִעוו אָנגעהויבנ ווײַזנ סימאָנימ פונ לעבנ אויכ אינ מאָלערײַ..." (נומ. 11, זײַט 26).

אלזאָ, ווי מיר זעענ, האָט שוינ קיִעוו פאַרמאָגט געוויסע „טראַדיציעס" אינ געביט פונ יִדישיסטישער קולטור. די שעפער פונ אָט דער קולטור באַ־שטייענ, ווי מיר האָבנ שוינ געזענ, אינ גרעסטנ טייל פונ די יִדישע נאַצדע־מאָקראַטישע אינטעליגענטנ. די זעלבע קאַדרענ האָבנ עס געשאפנ אינ 1908 די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטנ"—פרײַע בינע פאַר ליטעראַטור אונ קונסט, ווילנע. רעדאַקטירט דורכ ש. גאָרעליק, א. ווײַטער, ש. ניגער.

די אָרגאַניזאַטערנ פונ אָט דער „פרײַער בינע" האָבנ דעמלט „דערקלערט" א יִדישנ, נאַציָאָנאַלנ קולטור־„רענעסאַנס" אונ אינ זייער דעקלאַראַציע „צו די לע־זער" שרײַבנ זיי פּאָלגנדיקעס: „די ליטעראַטור קאָנ קיינ קיִעמ ניט האָבנ, קאָנ זיכ ניט פרײַ אַנטוויקלענ, אויב זי שטיצט זיכ אפּ א ווייניק־אַנטוויקלטנ לעזער, אויב זי שטעלט צופרידנ די גײַסטיק־עסטעטישע באַדערפענישנ נאָר פונ די, וואָס האָבנ קיינ צוטריט ניט צו דער קולטור פונ אַנדערע פעלקער. די יִדישע ליטעראַטור האָט זיכ ביז דער לעצטער צײַט געהאַלטנ נאָר אפּ אזוינע לעזער־שיכטנ. איר הויפּט־געברויכער איז געשטאַנענ אפּ א נידעריקער קולטור־שטופע אונ זי אליינ איז געווענ פּרימיטיוו אונ פּראָסט"...

דאָ זעענ מיר שוינ, וואָס אונ וויִאזוי די אָרגאַניזאַטערנ פונ דעמ זשור־נאַל האָבנ פאַרשטאַנענ אונטערנ וואָרט „רענעסאַנס". די זעלבע פּאָרשטעלונג וועגנ מאָדערניזמ, וועגנ נאַציָאָנאַלער וועלטלעכער קונסט איז אויכ אריבער בעיערושע צו די זאַמלביכער „אייגנס". נאָכמער, אָט די טראַדיציעס האָבנ זיכ נאָכ אויכ געלאָזט הערנ גאַנצ שפּעטער, צײַטנווײַז אפילע אפּ די זײַטלעכ פונ דער יִדישער קאָמוניסטישער פרעסע, ווו עס פלעגנ זיכ פונ צײַט צו צײַט ארײַנרײַסנ אָטאָ די פרעמדע ווירקונגענ.

אינ דער צײַטונג „קאָמוניסטישע פאָנ" פאַרנ יאָר 1921, נומ. 67 געפינענ מיר א באַריכט פונ אנ „אייגנס"־אָוונט אינ קיִעווער פרעסע־הויז, שאבעס דעמ 23־טנ מאַרט. ניט קוקנדיק אפּ דעמ, וואָס אינ דער נאָטיצ ווערט דער־ציילט, אז די „אוידיטאָריע איז געווענ א נײַע, מערסטנס פונ אַרבעטער, ווערט אָבער דערצו, דערעכאַגעוו, באַמערקט מיט באַפרידיקונג, אז עס זײַנענ שוינ אויכ געווענ די פריִערדיקע באַזוכער" (דאָ האָט מענ אינ זינענ די שטענדיקע בורזשואַז־אינטעליגענטישע באַזוכער, וועלכע זײַנענ אפּנ פריִערדיקנ ערשטנ אָוונט־דיספּוט ניט געקומענ—י. ס.). „דעמ אָוונט האָט געעפנט כ' נוסינאָוו". איז טאַקע קעדײַ צו הערנ, וואָס דער כ' נוסינאָוו האָט געזאָגט אפּ די שפּאַלטנ פונ דער קאָמוניסטישער פרעסע. דער אווטער פונ דער נאָטיצ דערציילט אונדז פּאָלגנדיקעס:

„דער כ' נוסינאָוו ווײַזט אָנ אפּ דער נײַער טקופע, די „קיִעווער טקופע", וואָס די זאַמלביכער „אייגנס" האָבנ אָנגעהויבנ אינ דער יִדישער ליטעראַטור.

קיִעוו ווערט א צענטער פאַר יידישער ליטעראַטור ניט פון די מאַסנ און פאַר די מאַסנ, ווי דאָס זײַנען געוועג ווארשע און ווילנע, נאָר פונ און פאַר דער אינטעליגענצ (אונדזער קורסיוו — י. ס.). מע שטעלט דער ליטעראַטור העכערע ווי דאָרט פאָדערונגען, אייגענע. עס ווערנ צום ערשטנ מאָל געשאַפנ אינ דער יידישער ליטעראַטור ריכטונגען. די מאָס און אָפּשאַצונג איז ניט נאָר בלויז א יידישע, נאָר אנ אוניווערסאלע. אָבער מע מוז באַטאָנען, אז האַגאַמ די מאָס פונ ליטעראַרישע ווערק זײַנען פאַר דער קיִעווער טקופע געוואָרנ די פאָרמעס פונ דער מאָדערנער וועלט-ליטעראַ-טור, דאָך האָט די יידישע ליטעראַטור זעלטנ ווענ דערגרייכט אזא טיפנ, נאַ-ציאָנאַל-היסטאָרישנ פאַרנעמ, ווי גראָד אינ די ווערק פונ דער גרופּע „אייגנס”, באַזונדערס אינ די ווערק פונ בערגעלסאָנ, ניסטער, שטיינמאַנ, האָפשטיינ און אָשער שוואַרצמאַנ. די לעצטע דרײַ האָבנ נאָך אפ א באַזונדער מערקווירדיקנ שטייגער צונויפגעבונדנ דעמ נאַציאָנאַלנ נעכטנ מיטנ רעוואָלוציאָנערנ מאָרגנ”.

עס איז גענוג, אז מע זאָל זיך אפ א ווײַלע פאַרגעסנ, אז דאָ האָבנ מיר שוינ צו טאָנ מיט א סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, מיר זאָלנ דאָ גלײַך דערקע-נענ דעמ אלטנ „געדאַנקענגאַנג” פונ די בורזשואַזנע נאַצדעמאָקראַטישע „לי-טעראַרישע מאָנאַטשריפטנ”. אזעלכע „קוריאָזנ” קאָנ מענ דאַנ באַגעגענענ זייער אָפט. די „פעוראַל-שטימונגענ” פונ דער יידישער בורזשואַזער, נאַצדעמאָקראַ-טישער אינטעליגענצ האָבנ זיך נאָך א לאַנגע צײַט געלאָזט הערנ אויך אפ די שפּאַלטנ פונ דער יידישער קאָמוניסטישער פּרעסע און פּעריאָדישע אויסגאַבעס, דאָרטנ, וווּ ס'האָט זיך געפילט דער דרוק פונ נאַצאָפּאָרטוניזמ.

דאָס דערקלערט זיך מיט דעמ, וואָס, ערשטנס, זײַנען געוויסע עלעמענטנ פונ די יידישע קאָמוניסטישע טוער געקומענ אינ דער קאָמפּאַרטיי באַלאָדנ מיט א היפּש ביסל נאָך ניט אינגאַנצנ אויסגעלעבטער ירושע פונ נאַציאָנאַליזמ, עסטעטיזמ און בורזשואַז-מענשעוויסטישנ סאָציאַליזמ, און, צווייטנס, מיט דעמ, וואָס עס האָבנ ביקלאַל אויסגעפעלט אינ דער געהעריקער מאָס קאָמוניסטיש-אויסגעהאַלטענע ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע קויכעס, דער קאָמוניסטי-שער פּרעסע איז אויסגעקומענ צו ווערבירנ אינ א גרויסער מאָס ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע קאַדרענ צווישנ דער זעלבער אַלטער, נאַציאָנאַליסטישער, קליינבירגערלעכער אינטעליגענצ, וועלכע האָט זיך נאָך ווײַט ניט אָפּגעזאָגט פונ אירע רעאַקציאָנערע פאָרורטיילנ און האָט אַדאַנק דעמ אלטנ ייכעס, אַדאַנק די אווטאָריטעטע און קוואַליפיצירטע פאַכמענער, געווירקט אויך אפ די ניט שטאַנדהאַפטיקע עלעמענטנ צווישנ די קאָמוניסטנ.

מע דאַרפ רעכענענ, אז אזא לאַגע איז דעמאָלט געוועג ניט נאָר אינ קיִעוו, נאָר אויך אינ אַנדערע טיילנ פונ סאָוועטנפאַרבאַנד.

זייער ריכטיק און אָפנ שרײַבט וועגנ דעמ כ׳ ש. אַגורסקי אינ זײַנ אַר-טיקל אינ „קאָמוניסטישע פאָנ” נומ. 39, 1923: „די אַנטשטייונג פונ די ערשטע קאָמוניסטישע צײַטונגענ אינ יידיש (צומ 5 יאָריקנ יובילײ פונ יידישנ קאָמו-ניסטישנ וואָרט אפ יידיש)”:

...„די ליטעראַרישע זײַט פונ דער „וואַרהײַט” (ערשטע יידישע קאָמוניס-טישע צײַטונג, האָט אָנגעהויבנ דערשײַנענ דעמ 7-טנ מאַרט 1918 אינ פּעטראָ-גראַד) איז געוועג ניט קיינ גלענצנדיקע. אינ ערשטנ נומער, לעמאָשל, איז די

אָרטאָגראפיע געווענ א געמישטע... עס זייַנענ געווענ נאָכ אנדערע כעסרוינעס. אָבער די וואָס זייַנענ באקאנט מיט די באדינגונגענ, אונטער וועלכע עס איז אויסגעקומענ ארויסצוגעבנ די ערשטע נומערנ פונ דער „ווארהייַט", וועלנ זיכער צוגעבנ, אז בעסער האָט די צייַטונג ניט געקענט זייַנ, ווייַל די מענטשנ, וואָס זייַנענ אינ אָנפאנג געשטאנענ ארומ יִדישנ קאָמיסאריאט, האָבנ געהאט גוטע קאוואָנעס, אָבער האָבנ זייער ווייניק געוווּסט וויִאזוי זיי דורכצופירנ..."

אזא לאגע איז געווענ אינ פּעטראָגראד, ווו קיינ יִדישע אינטעליגענצ (זאָל זייַנ א קליינבירגערלעכע) איז קימאט ווי ניט געווענ. אינ קיִעוו, פארקערט, זייַנענ געווענ גרויסע קאדרענ יִדישע אינטעליגענטנ. צווישנ זיי „האָט אָבער געהערשט א מוירעדיקע רעאקציע... דער אָרגאנ פונ „בונד" („פאָלקסצייַטונג") אונ די פאריייניקטע („נייַע צייַט") אונ אנדערע ציִעניסטישע אונ פויאלייציִע-ניסטישע אָרגאנענ „האָבנ טאָגטעגלעכ נעוויִעס געזאָגט, אז די באָלשעוויסטישע מעמשאָלע איז בלויז א צייַטווייַליקע. זיי האָבנ פאָרויסגעזענ דעמ גיכנ אונ-טערגאנג פונ דער באָלשעוויסישער רעגירונג אונ האָבנ מיט אלע מיטלענ זיכ באמיט אָפּצוהאלטנ די יִדישע מאסנ פונ וועלכנ ניט איז אָנטייל אינ דער רעוואָליוציע. דער סאבאָטאזש פונ דער יִדישער אינטעליגענצ קעגנ דער אר-בעטער-פּויערישער רעגירונג האָט נאָכ איבערגעשטיגנ דעמ אלגעמיינעמ סא-באָטאזש. יעדער יִדישער אינטעליגענט האָט פונ אונדז געווייַכט אונ קיינ שומ מאגע-אומאסע ניט געוואָלט האָבנ" (דאָרטנ).

אָט זייַנענ אומגעפּער די „טראדיציִעס" אונ די פּאָליטיש-קולטורעלע ארומ-רינגלונג פונ דער יִדישיסטישער „קיִעווער טקופע". אָבער אויסער אָט די טראדיציִעס איז נאָכ צו יענער צייַט אינ קיִעוו געווענ אויכ א ספּעציִעלע בור-זשואזע יִדישע אונ ניט יִדישע, אוקראיִנישע אונ רוסישע ליטערארישקול-טורעלע סוויווע, אנ אייגנארטיקער באָהעמע-לעבנ אפנ גאָר-גאָר „מאָדערנעמ" שטייגער. מיט אָט דער סוויווע איז זיכ נייטיק צו באקענענ, קעדיי אינ א גע-וויסער מאָס זיכ אויכ דערקונדיקנ וועגנ די אייגנארטיקע ליטערארישקינסטלערישע זיטנ, שטימונגענ אונ שטרעבונגענ, וועלכע האָבנ ניט געקענט ניט ארייַנכאפּנ אונטער זייער האשפּאָע אויכ די „יונגע", מער ראדיקאלע קליינבירגערלעכע פּאָעטנ אונ שרייַבער.* קעדיי צו באקענענ זיכ מער-ווייניקער אויכ מיט דעמ געביט, וועלנ מיר ברענגענ א גרעסערנ אויסצוג פונ אבטשוקס נאָכ ניט פאר-עפנטלעכטער ארבעט וועגנ דער געשיכטע פונ דער יִדישער ליטעראטור-בא-וועגונג נאָכ דער רעוואָליוציע אפ אוקראיִנע:

„די יִדישע שרייַבער אינ קיִעוו — די „אייגנס"-גרופּע — זייַנענ קימאט דורכויס געווענ צונויפגעבונדנ מיט די יִדישע נאציִאָנאל-מענשעוויסטישע פאר-טייענ אונ זייערע קולטור-אנשטאלטנ.

די גרעסטע טייל שרייַבערישע אינטעליגענצ, וואָס איז געבליבנ אינ אוק-ראיִנע פונ פאר דער רעוואָליוציע, איז געווענ פייַנטלעכ געשטימט צו דער סאָוועטנמאכט. עס זייַנענ געווענ אָדער אָפענע קאָנטררעוואָליוציִאָנערנ, וואָס האָבנ גענומענ אנ אקטיוונ אָנטייל אינ קאמפ קעגנ די באָלשעוויקעס, אָדער

* עמעס, עס איז מעגלעכ, אז צווישנ אָט די פארשיידענע קולטורעלע אונ, באזונדערס, ליטע-ראריש-קינסטלערישע סוויוועס האָבנ ניט עקזיסטירט אזעלכע ענגע צווישנבאציִונגענ, אָבער פונדעסטוועגנ האָבנ זיי געהאט ענלעכע, קרויוועשע קלאסנ-באזעס.

„נייטראַלע”, און אין טאָג אויך בורזשואַזע שרײַבער, וועלכע האָבן געפֿירט
א באָהעמע-לעבן און זיך פֿאַרנומען מיט „ריינער קונסט”. אָפּטמאָל ווערן זאָפּ-
געווישט די גרענעצן צווישן א פּעטליורישן מיניסטער און א „ריינעם קינ־
סטלער”. עס איז דאָך ניט קיין סאָד, אשטיינער, אז די גרעסטע מערהײַט,
לעמאָשל, פֿון צ.ק. פֿון די „פֿאַרייניקטע” איז באַשטאַנען פֿון זשורנאַליסטן און
ליטעראַטור-קריטיקער. א ביז גאָר אינטערעסאַנט בילד פֿון דער בורזשואַז־
באָהעמישער ליטעראַטור און קונסט־סוויווע אין די יאָרן 1918—1920 אין קיִעוו,
גיט וו. קאָריאַק אין זײַן אַרטיקל אין אוקראַיִנישן אַלמאַנאַך „האַרן”, 1924. ער
שרײַבט: „די אוקראַיִנישע ליטעראַטור איז אין ערשטן פּעריאָד פֿון אָקטיאַבער
געווען אין גרעסטן טייל אין סימבאָליסטישן לאַגער. אין קיִעוו איז געווען
א רעסטאָראַן מיט מוזיק, א מין „כלאַם” און דאָרט — „הונדערט מיט איין
פּאָעט און אפֿילע עטלעכע אוקראַיִנישע. וו. יאַראָשענקאָ האָט דאָרט דעקלאַ-
מירט, אין באַגלייטונג פֿון אַן אייגנאַרטיקער סימפֿאָניע פֿון טעלער און גאָפּ-
לען, זײַנע פֿאַטאַליסטישע לידער:

כ׳וועל שטאַרבן פֿון א ליוּיִס,
כ׳וועל שטאַרבן ווי עמיל ווערכאַרן.

דאָרט איז געזעסן דער אויסגעפּיִסטעטער אָגני־עווצעוו מיט צוויי זילבערנע
טאַבאַטשניצעס אין די קעשענעס... דאָ איז געווען דער פּרויענאַרטיקער איליא
ערענבורג, פּאָעט פֿון „אָבעליסק”, פֿון דער „גרויסער בערעכע”, עפּעס א מע־
לאַנכאָלישע פּאָעטעסע... בא די טישלעך פֿלעגן זיך אָפּט פֿאַרייניקן די אוקראַיִ-
נישע ליטעראַרישע קויכעס: יאַראָשענקאָ, האַלינאַ זשורבאָ, מיכאַיִל זשוק, מי־
קאָלאַ טערעשטשענקאָ, דמיטראָ זאַהול, און אויסער דעם איז נאָך געווען
א „קונסט-קעלער”, ווו קורבאַס האָט אינסצענירט פֿאַרשיידענע לידער מיט כאָר-
דעקלאַמאַציע פֿון סקולפּטור-גרופּעס. בא די טישלעך האָט מען געגעסן. אויף די
ווענט זײַנען געווען אויסגעמאָלט דעקאָראַטיווע פּאַנאָען פֿון דעם קינסטלער
אַנאַטאָל פּעטריצקי. די שײַן איז געווען א האַלב פֿינצטערע... און אין רע־
דאַקציע „מיסטעצטוואָ” (אַן אוקראַיִנישער פּעריאָדישער זשורנאַל) האָט שוין
געאַרבעט וואַסיל טשומאַק. אַלאַן איז געווען, ווי שטענדיק, באַשעפּטיקט מיט
דער טעגלעכער צײַטונג, מיכאַיִליטשענקאָ פֿלעגט קומען אויף די פֿאַרזאַמלונגען
פֿון „מוזאַגעט”...

וואָס-זשע איז געווען אין אָטאָ די „קונסט-קעלערס” און „כלאַמען”? די
זעלבע דעקאַדענטישקײַט. א דראַנג צום ציקאַווען, צום אויסערגעוויינלעכן, צו
סענסאַציע, צום אָריגינעלן אויסדרוק, צו ווערטלעך, וואָס האָבן אַן עראָטישן
בײַגעשמאַק, צו א געמיש פֿון אינטימען און וווּלגאַרן — מיט איין וואָרט, — באָ־
העמע... ס׳איז גוט, וואָס דער גרעסטער טייל איז אוועקגעפֿאָרן”.

אין קיִעוו איז א שטיק צײַט אין יענעם פּעריאָד אויך געווען א יִידישער
„קונסט-קעלער” בא דער „קולטור-ליגע”. דער מאָלער ריבאַק האָט אָנגעמאָלט
פֿאַרשיידענע אויסטערלישע געמעלן, מיט וועלכע די ווענט און די סטעליע איז
געווען באַהאָנגען. דאָרט זײַנען א שטיק צײַט פֿאָרגעקומען די ליטעראַרישע
אָוונטן און פֿאַרזאַמלונגען. פֿון די יִידישע שרײַבער און קינסטלער אין קיִעוו.
די גרופּע „אייגנס”, האָט באַלד נאָך דער רעוואָלוציע פֿאַרנומען דאָס צענ-

טראַלע אָרט אין דער בורזשואזער ייִדישער ליטעראטור פון אוקראַינע. זי האָט ארום די עקזיסטירנדיקע פארלאגן אין קיִעוו, ארום דער פּרעסע אָנגעהויבן פירן א היפּשע ליטערארישע ארבעט.

וואָס-זשע האָט די ליטערארישע גרופּע מיט זיך פאָרגעשטעלט?

אידעאָלאָגיש האָט די גרופּע „אייגנס" פאָרגעזעצט דעם קאָנטררעוואָליוציאָנערן נאַצדעמאָקראטיזם אין דער ייִדישער ליטעראטור, וואָס עס האָט נאָך אָנגעהויבן די „ליטערארישע מאָנאטשריפטן" אין 1908 יאָר.

די גרופּע „אייגנס" האָט מיט זיך קיין אָפיציעלע שרייַבער-אָרגאניזאציע ניט פאָרגעשטעלט. די שרייַבער האָבן נאָך אין יענער צייַט ניט געהאלטן פון אזוינע פאָרמעס פון פאראייניקונגען ווי אן אָרגאניזאציע. דאָס האָט אָפּט ווידערשפּראָכן זייערע באָהעמישע פאָרשטעלונגען וועגן דער ראָליע פון אָרגאניזאציע, האָט מען זיך גרופּירט ארום א פארלאג, ארום א זאמלבוך, ארום דער פּרעסע. די שרייַבער פון דער „אייגנס"-גרופּע האָבן זיך דעריקער גרופּירט ארום די „אייגנס"-זאמלביכער און ארום דעם זשורנאל „ביכער-וועלט".

אין 1918 י. גייט ארויס דער ערשטער זמ"ב „אייגנס" און אין 1919 זייַנען אינעם טעאָרעטישן זשורנאל פון דער „אייגנס"-גרופּע (אין דער קיִעווער „ביכער-וועלט") אָפּגעדרוקט עטלעכע ארטיקלען פון די „אייגנס"-שרייַבער (אין די „אייגנס"-זאמלביכער איז געווען אויסשליסלעך קינסטלערישער מאטעריאל). די וויכטיקסטע פון זיי זייַנען ד. בערגעלסאָנס „דיכטונג און געזעלשאפטלעכקייַט" און דאָברושינס „ייִדישער קונסט-פּרימיטיוו און דאָס קונסט-בוך פאר קינדער". עס גייען, אלזאָ, האנט בא האנט אי א קינסטלערישע פּראָדוקציע, אי טעאָרעטישע ארטיקלען (דאָרטן).

באזונדערס רעאקציאָנער איז געווען בערגעלסאָנס טעאָרעטישער ארטיקל „דיכטונג און געזעלשאפטלעכקייַט", ווו עס ווערט אנטוויקלט די אלגעמיין-באוווסטע קאָנצעפּציע וועגן דער פּארמישפּעטקייַט פון דער דיכטונג אין דער צייַט פון רעוואָליוציע, ווייַל בייס די איבערקערענישן און רעוואָליוציאָנערע אויפטרייסלונגען, פארשווינדן יענע „עפּאָס-עלעמענטן", וועלכע שפּייַזן, אזוי צו זאָגן, די דיכטונג מיט זייערע אייַנגעשטעלטע בילדער און לעבן-פאָרמעס. אין אזעלכע עפּאָכעס, האלט בערגעלסאָן, „בלייַבט די דיכטונג איינזאם". עס קומט אָן די צייַט פון די אזויגערופענע „נאקעטע ליניעס". אין דער צייַט פון „שטורעם און דראנג" מוז די געזעלשאפטלעכקייַט און דיכטונג זיך פאנאנדערגיין. ער פארגלייַכט די פּאָעטן פון רעוואָליוציאָנערן „שטורעם- און דראנג"-פּעריִאָד מיט די ערשטע קריסטן-פּאָעטן, וועלכע זייַנען געווען „זייער שלעכטע דיכטער", נאָר באזונדערס איינזאם, האלט ער, איז די ייִדישע דיכטונג. „די איינזאמקייַט פון דער ייִדישער דיכטונג האָט זיך שוין אָנגעהויבן".

בערגעלסאָן טרעט דאָ ארויס קעגן מארקישן פאר זייַן „בילדערלאָזיקייַט", „סטאם אויסגעשרייען" א. אז. וו.

די טייַנעס זייַנען דאָ, פארשטייט זיך, אומזיסטע. אין דער ייִדישער דיכטונג פון יענער צייַט האָט דאפקע ניט אויסגעפעלט קיין „בילדלעכקייַט". עס האָבן אויך ניט געפעלט יענע „עפּאָס-עלעמענטן", צו וועלכע עס האָבן זיך אזוי געצויגן סיי בערגעלסאָן און סיי דאָברושין. און פונדעסטוועגן... פונדעסטוועגן איז די „ייִדישע דיכטונג" טאקע געווען „איינזאם". די סיבעס זייַנען אָבער גאָר

אנדערע. די „איינזאמקײַט" דערקלערט זיכ, קוידעמקאָל, מיט דעמ, וואָס די גאנצע אידעאָלאָגיש-קינסטלערישע אָריִענטאציע, די גאנצע וועלט פונ באגריפנ אונ פאָרשטעלונגענ, מיט וועלכע עס האָט געלעבט אונ געעטעמט די ייִדישע נאצדעמאָקראטישע, קלײנבירגערלעכ-אינדיווידואליסטישע, „נײטראלע" דיכטונג איז געווענ פרעמד דער נײַער פראָלעטארישער רעוואָליוציאָנערער געזעלשאפט־לעכקײַט. דער אײַנרײַס פונ דער „געזעלשאפטלעכקײַט", ווי בערגעלסאָנ זאָגט, מיט דער נאצדעמאָקראטישער ייִדישער דיכטונג איז, אזוי ארומ, פאָרגעקומענ אפ א גאנצ געזעצלעכנ אופנ.

יענע דיכטער, וועלכע האָבנ עס פארשטאנענ, זײַנענ גאָרניט געווענ אײנ-זאמ אונ האָבנ אלצ מער אונ מער זיכ דערנעענטערט צו אָט דער „געזעל-שאפטלעכקײַט".

אָשער שווארצמאנס ליד „דער סוינע בא די טויערנ" איז געשריבנ אונ געדרוקט אינ רעכטנ ברענ פונ „שטורעמ- אונ דראנג"-פעריִאָד, ווענ דער סוינע איז, בעפויעל-מאמעש, געשטאנענ בא די טויערנ. דער דיכטער איז באלד, ווי דאָס ליד איז אָפגעדרוקט געווענ, אויכ אליינ אוועק אפנ פראָנט. דאָס ליד איז דאפקע ניט פרײַ פונ שוידערלעכ-קאָנקרעטע „בילדלעכע" עלעמענטנ, פונ „טראדיציאָ-נעלער", ביבלישער בילדערלעכקײַט. דאָס זעלבע זײַנענ ווײַט ניט קײנ „נאקעטע ליניעס" אזעלכע לידער ווי „אינ אופשטאנד", „מײַנ ברודערס ליפנ", „אינ טריבנ מענטשנ-לאנד" אונ אנד. אונ דאָכ זײַנענ אָט די דערמאָנטע לידער גע-ווענ זייער פארשטענדלעכ דער רעוואָליוציאָנערער געזעלשאפטלעכקײַט.

ווי מיר האָבנ שוינ פריִער אָפגעמערקט, זײַנענ אינ קיִעוו אינ 1919 יאָר געווענ אויכ פרווונ פונ אָרגאניזירנ א „פראָלעטקולט", אונ סאָפ 1919 יאָר איז אזא מינ אָרגאניזאציע ווירקלעכ געשאפנ געוואָרנ. איז טאקע קעדײַ צו באקע-נענ זיכ וואָס פאר א פאָרשטעלונגענ זײַנענ דאנ געווענ וועגנ פראָלעטארישער קולטור, ליטעראטור אונ קונסט.

דעמ 6-טנ אפרעל 1919 (די סאָוועטנמאכט האָט נאָר וואָס פארנומענ די שטאָט) איז אינ קיִעוו דערקלערט געוואָרנ א קולטור-טאָג. די „פאָלקסצײַטונג", וועלכע האָט שוינ צו יענער צײַט געהאלטנ בא דער פארײיניקונג פונ „בונד" מיט די „פארײניקטע" אינ אײנ „קאָמוניסטישנ פארבאנד" האָט ארויסגעלאָזנ א פאָר צײַטלעכ, געווידמעט דער ליטעראטור אונ קונסט. איז אָט טרעפנ מיר דאָ די באקאנטע מעכאניסטישע פראָלעטקולטישע, אידעאליסטיש-מעטאפיזישע אונ עקלעקטישע ארויסזאָגונגענ וועגנ פראָלעטארישער ליטעראטור אונ קונסט.

ד. איסאקאָוויטש אינ זײַנ ארטיקל „פראָלעטארישע ליטעראטור" שרײַבט פאָלגנדיקעס: „פראָלעטארישע ליטעראטור איז בא הײַנטיקנ טאָג דער-ווײַל נאָכ א טרוימ, וואָס זוכט איר פארקערפערונג אינ דער ווײַטער צו-קונפט... קאָלזמאנ די ליטעראטור ווערט געשאפנ דורכ פאָרשטייער פונ אנדערע קלאסנ, זאָל זײַנ פאָרשטייער, וואָס האָבנ זיכ אידעאָלאָגיש באהעפט מיט דעמ פראָלעטאריאט, וואָס זײַנענ קינסטלעריש ארײַנגעטאָנ אינ זײַנ איזייענ-גאנג, באײַנפלוסט פונ זײַנע געפײַניקטע אונ אויכ באפליגלטע איבערלעבונגענ, ווי דאָס געפינענ מיר בא עמיל ווערכארנענ, בא ריכארד דעמעל אונ אנד., קאָלזמאנ דער ארבעטער-קלאס נײטיקט זיכ נאָכ אינ אויסטײַטשערט פונ דער זײַט, זײַנענ דאָס נאָר ליטעראַרישע ווערק וועגנ דעמ פראָלעטאריאט.

אָבער ניט קיינ פראָלעטארישע שאפונג, וואָס גייט אומבאוווסט פונ די ביינער, וואָס קוועלט אָנ פונ די טיפסטע טיפענישנ בא די יעכידימ, וועלכע דער אַלוועלטלעכער פראָלעטאריאט אינ זײַנ קומענדיקער קולטורעלער שטופע וועט פונ זיכ אליינ ארויסרוקנ...

די פראָלעטארישע ליטעראטור וועט געשאפנ ווערנ נאָכ דורכ דעמ פראָלעטאריאט אליינ, דורכ דעמ גאָט-געבענטשטנ קינסטלער, וואָס וועט ניט נאָר אינ דער אידעאָלאָגיע, נאָר דעריקער אינ זײַנ מארכ טראָגנ דעמ אימפעט פונ דעמ פראָלעטארישנ לעבנ אונ דענקענ, פײַנ אונ האָפענונג.

א האסכאָלע אונ געניאַלנ באווײַז פונ אנ אָרגאנישער פראָלעטארישער שאפונג, באקומענ מיר אינ דער ראָמאנטיק פונ מאקסימ גאָרקי... ער איינער טראָגט זײַנ באגײַסטערט הארצ, ווי א ברענענדיקנ סטורקאטש פאר דעמ רוסישנ ארבעטער־קלאס, טראָגט שוינ אריבער 25 יאָר אונ ביזנ הײַנטיקנ טאָג.

ניינ, גאָרקי האָט נים קאפיטולירט, ווײַל גאָרקי קאָנ ניט קאפיטולירנ. ער איז דאָכ אליינ פונ בלוט אונ פלייש פונ רוסישנ ארבעטער, נים נאָר זײַנ באגײַסטערער אונ פרײַוויליקער באגלייטער".

י. נוסינאָוו זאָגט ארויס אינ זײַנ ארטיקל „פראָלעטארישער באוווסטזײַנ" אזוינע געדאנקענ:

„דעמ פראָלעטארישנ באוווסטזײַנ איז אָבער נאָכ באשערט דורכצומאכנ א צווייטע היסטאָרישע אופגאבע (די ערשטע אופגאבע איז געווענ: „דערוועקנ אונ אנטוויקלענ אינ די מאסנארבעטער זייער קלאסנ-באוווסטזײַנ"): דעקלאסירנ דעמ מענטשלעכנ געדאנק, באפרײַענ אונדזער דענקענ פונ זײַנ קלאסנ־טאָכ, אויסבילדנ א באוווסטזײַנ, וואָס זאָל זײַנ פרײַ פונ וועלכער עס ניט איז מאַטעריעלע, עגאָיסטישע, זאָל זײַנ אפילע פראָלעטארישע קלאסנ־פניִעס, א באַוווסטזײַנ, וואָס זײַנע באגריפנ פונ עטיק אונ אייביקע ווערטנ זאָלנ ניט זײַנ קיינ קונצ (אונדזער שטריכ — י. ס.) פונ קלאסנ-דיִאלעקטיק..."

בעקיצער, „לינקער" קאָנ שוינ ניט געבנ, נאָכ „פריִמער" פונ באָגדאנאָוונ אונ „ווײַטזיכטיקער" פונ טראָצקינ.

אביסל שפעטער, אינ „פאָלקסצײַטונג" 321 (9-טער מײַ, 1919) דרוקט זיכ אנ ארטיקל פונ י. קאנטאָר: „פראָלעטקולט" (אפ דיסקוסיע-יעסוידעס). דער אווטער טרעט ארויס קעגנ שאפנ א פראָלעטקולט. ער האלט, אז „דער געדאנק צו שאפנ עפעס א מינ פראָלעטקולט, בייס מיר קענענ ניט איצט באשטימענ ניט זײַנ אינהאלט, ניט זײַנ פאָרמע, איז א פאָשעטע מיספארשטייעניש. מע וויל אריבערשפרינגענ איבער זיכ אליינ, צושלעפנ פאר די האָר די צוקונפט. דאָס מוז ברענגענ צו דעמ, אז מע וועט זיכ פארנעמענ מיט טרעפנ, צי איז ווערכארנ, גאָרקי, דער פוטוריזמ אונ דאָסגלײַכנ פראָלעטארישע קונסט צי ניט, אונ עס וועלנ קומענ צו אונדז פארשיידענע נעוויִמ, קינדער פונ דער בורזשואזער קולטור, אונ וועלנ אונדז פירנ פאר דער נאָז, ארויסגעבנדיק צעפוילטע, עמעס בורזשואזע אידייעס אונ פאָרמעס פאר פראָלעטארישע... מע דארפ שאפנ פאָשעטע קולטור, טאָנ דאָס, וואָס עס טוט דער קאָמיסאריאט פאר בילדונג, איספאָלקאָמענ, קולטקאָמיסיעס בא די פראָפעסיִאָנעלע פאריינענ,—איז דאָס אלצ אייגנטלעכ ניט קיינ פראָלעטקולט?"

ווי מיר זעענ, רוקט דאָ ארויס דער אווטער אינ אָנהייב פונ זײַנ ויקל

אינ גרונט גאנצ ריכטיקע באמערקונגענ מיקויעכ דעם פּראָלעטקולט און זײַנ מענשעוויסטישער צעכישקײַט. אָבער באם סאָפ שטעלט ער זיכ אפ א קולטור-טרעגערישנ, טראָצקיסטיש-ליקווידאטערישנ שטאנדפּונקט.

א פּלאָנטער אינ דער פראגע הערשט אויכ אפ דער קאָנפערענצ פונ דעם פּראָלעטקולט גופע, ווו עס זײַנענ, אגעוו, אויכ אויסגעטיילט געוואָרנ ייִדישע דעלעגאטנ. דאָ איז אינטערעסאנט צו באמערקנ, אז די בעראטונג פונ די ייִדישע דעלעגאטנ צו דער קאָנפערענצ פונ פּראָלעטקולט איז פאָרגעקומענ אינ דער נאצדעמאָקראטישער „קולטור־ליגע“ און עס איז ניט אויסגעשלאָסנ, אז דער איניציִאטער פונ דעם „ייִדישנ פּראָלעטקולט“ זאָל זײַנ טאקע די זעלבע „קול־טור-ליגע“. די מענשעוויסטישע קאָנצעפּציעס פונ פּראָלעטקולט האָבנ, נאטירלעכ, צוגעצויגנ צו זיכ די סימפּאטיעס פונ אייניקע נאצדעמאָקראטנ.

„די קאָנפערענצ האָט געעפנט דער געוועזענער פאָרזיצער פונ אָדלאָווער פּראָלעטקולט, דער כ׳ בורעטשעווערסקי. עס ווערט אויסגעקליבנ א פּרעזידיום פונ פאָלגנדיקע כאווײרים: כייפעצ, לעשטשינסקי, בורעטשעווערסקי, אינדרי־דאָוו, יערעמאָוו און מיכײַליטשענקאָ. אלס פאָרזיצער פונ קאָנפערענצ ווערט אויסגעוויילט דער כ׳ כייפעצ. עס ווערט אויסגעהערט דער פאָרטראָג פונ דעם כ׳ זשוק וועגנ פּראָלעטאריאט און וויסנשאפט...

„מיר ריידנ וועגנ וויסנשאפט פונ פּראָלעטאריאט און ניט וועגנ וויסנשאפט, פאר דעם פּראָלעטאריאט. פונ די ארבעטער-מאסנ דארפ אויסגעארבעט ווערנ א פּראָלעטארישע וויסנשאפט... נאָכ אים האלט דער כ׳ כייפעצ א גלענצנדנ פאָרטראָג וועגנ קונסט, וועלכער רופט ארויס בא אלעמענ דויערנדיקע הייסע אפּלאָדיסמענטנ“... (נומ. 85, „נײַע צײַט“, 1919 י.).

לאָמיר טאקע הערנ, וואָס עס האָט אזוינס גערעדט דער כ׳ כייפעצ.

„אינ זײַנ פאָרטראָג וועגנ קונסט האָט דער כ׳ כייפעצ אָנגעוויזנ, אז די קונסט איז ארײַנגעדרונגענע אינ פאָלק. בייסנ קאמפּ מיט דער נאטור איז באשאפנ געוואָרנ דער ריטמ פונ די קומענדיקע קונסטנ.

נאָר ביז איצט איז דער קויכעס-איבערפלוס בא די ארבעטער-מאסנ אָפּגענומענ געוואָרנ. די שיינקײַט איז אָפּגעגעבנ געוואָרנ אייניציקע גרופּנ און די ארבעטער-מאסנ, וועלכע האָבנ באשאפנ די קונסט, זײַנענ ארויסגעוואָרפנ געוואָרנ פונ דער וועלט פונ שיינקײַט און לעבנ. אינ דער בורזשואזער געזעלשאפט איז אויכ אופגעהויבנ געוואָרנ די פראגע וועגנ דער פּראָלעטארישער קולטור און מיר האָבנ געגלויבט, אז עפּשער וועט דער פּראָלעטאריאט קענענ פארפיקסירנ זײַנ ווינקל אינ דער קולטור, נאָר דאָס איז ניט געווענ מעגלעכ אינ דער בורזשואזער געזעלשאפט...

דער פּראָלעטאריאט, וועלכער איז דער שטארקסטער קלאַס, מוז מענ איבערגעבוירנ: אינ בילדונג-זאכנ האָט נאָכ דער פּראָלעטאריאט אסאכ איבערגעלאָזנ פונ די בורזשואזע שטריכנ. ער לעבט נאָכ אפ דער בורזשואזער ערד. און איכ האָב מוירע, באמערקט כ׳ כייפעצ „פאר אונדזערע פרײַנט“, וועלכע טראָגנ אונדז אונטער נײַע ביכער, קלוימערשט געשריבנ אינ סטיל פונ דער ראָטנ-מאכט, אינ סטיל פונ דער פּראָלעטארישער קולטור און זאָגנ אונדז — נאט, דאָס איז די פּראָלעטארישע קולטור, די פּראָלעטארישע קונסט. די קונסט דארפ ניט טראָגנ קיינ שטעמפּל. מיר דארפנ זי אָפּרייניקנ. און פאר דעם פּראָלע-

טאריאט שטייענ אינ דעמ זינענ גרויסע אופגאבנ. דער ארבעטער־קלאס דאַרפ באהערשנ די בורזשואזע קונסט אונ קולטור אונ ליידער אפּ דעמ שאפנ זײַנ אייגענע קולטור.

דער פּראָלעטקולט דארפ אָנפירנ מיטנ פּראָלעטאריאט (?!) ער דארפ אימ לערנענ שאפנ, אונ פאר דער צוקונפט איז ניטאָ וואָס צו מוירע האָבנ. דער פּראָלעטקולט דארפ צוציִענ דעמ ארבעטער אינ די טעאטערס, מור־זייענ אונ דאָס גלײַכנ. מיר האָבנ נאציאָנאליזירט די טעאטערס. מיר זאָגנ: גייט אונ נעמט, גייט אונ לערנט זיכ, נאָר דערווײַל האָבנ מיר טעאטערס אָנ ארבע־טער, מיר האָבנ טעאטערס מיט ראטנאָנגעשטעלטע... דער פּראָלעטקולט דארפ זיכ דערופ ארומקוקנ. די אופגאבע פונ פּראָלעטקולט איז אופכאפּנ אלץ, וואָס דער פּראָלעטאריאט שאפט. זאָל זיכ דער ארבעטער אויסלערנענ צו האלטנ דעמ שטיינ פונ דער קולטור אונ קונסט. דער ארבעטער דארפ ארײַנעמענ אינ זיכ א נײַע קולטור. שאפנ אזעלכעס, ווו די שיינקײַט וועט זײַנ דאָס לעבנ אונ דאָס לעבנ—די שיינקײַט..."

עס וואָלט עפשער ניט געלוינט צו ברענגענ די אלע, עפשער צו פּרימי־טיווע אונ נאִיווע ארויסזאָגונגענ וועגנ דער פּראָלעטארישער קולטור, ליטערא-טור אונ קונסט, ווענ אָט די ארויסזאָגונגענ וואָלטנ, ערשטנס, אינ זיכ ניט געהאט קיינ ריכטיקע געדאנקענ אונ וואָרענישנ (צ. ב., די ריכטיקע וואָרענישנ פונ י. קאנטאָר אונ כייפעצ וועגנ די „פרײַנט", וועלכע טראָגנ אונדז אונטער ביכער קלוימערשט געשריבנ אינ סטיל פונ דער סאָוועטנמאכט, אינ סטיל פונ דער פּראָלעטארישער קולטור אונ אנד.) אונ, צווייטנס, ווענ אָט די געדאנקענ וואָלטנ געווענ צופעליקע מיינונגענ פונ ניט־באהאוונטע מענטשנ. אָבער אזעלכע אונ ענלעכע ארויסזאָגונגענ האָבנ מיר דאנ געהערט אפילע פונ אייניקע מארק־סיסטישע קריטיקער אונ ליטעראטור־פאָרשער, ווי, לעמאָשל, פריטשע.

אגעוו, איז דאָ אינטערעסאנט צוגעבנ, אז פריטשע איז בא אונדז געווענ דער „ערשטער", וועלכער האָט „פארוואָרפנ א וואָרט" פאר איינעמ פונ אונדזערע אמעריקאנער ארבעטער־דיכטער אונ אינ דעמ ביכעלע „פּראָלעטארישע פּאָע־זיע" (מאָסקווע, 1919) טרעפנ מיר טאקע א ספּעציעלנ קאפּיטעלע וועגנ דעמ „רוסישנ ייִדנ" מאָריס ראָזנפעלד, וועלכער האָט „אליינ אפּ זײַנע אייגענע פּלייצעס איבערגעטראָגנ די גאנצע שרעק פונ קנעכטשאפט אונ האָט געפיר־נענ די אופריכטיקע אונ פארביקע ווערטער עס אויסצודריקנ".

דער פּראָלעטקולט, וועלכער האָט זיכ ענדלעכ געשאפנ אינ קיִעוו (אונ געשאפנ האָט ער זיכ פאקטיש ערשט אינ אווגוסט 1919), האָט, אפּאָנעמ, דערי־קער עקזיסטירט, ווי א רוסלענדישער פּראָלעטקולט, אונ עס איז ניט קלאָר, צי האָבנ שוינ דעמלט דאָרטנ זיכ באטייליקט אויכ די קיִעווער שרײַ־בער אונ ארבעטער-אָנפאנגער. אלנפאלס, אָנהייב 1920 איז שוינ באמ קיִעווער פּראָלעטקולט געווענ א ייִדישע סעקציע. דאָס זעענ מיר פונ דער מעלדונג פונ „קאָמ. פאָנ" 1920, נומ. 72, 2־טנ אפּרעל.

„אנ אָוונט פונ די ליטעראטנ-אָנפאנגער.

די ייִדישע סעקציע, וועלכע איז די טעג אָרגאניזירט געוואָרנ בא דער היגער אלגעמיינער ליטערארישער סטודיע, מעלדעט, אז שאבעס; דעמ 3-טנ אפּ-רעל, 8 אז. אָוונט וועט אינ דער ליטסטודיע, פושקינסקע 22, פאָרקומענ א לי-

טעראַרישער אָוונט געווידמעט די יידישע ליטעראַטן-אָנפאַנגער. די ליטעראַטן-אָנפאַנגער, וועלכע ווילן לייענען זייערע ווערק אַפ דעם דאָזיקן אָוונט, דאַרפן די ווערק איבערגעבן דער ביוראָ פון דער סעקציע פון 7 ביז 9 אָוונט יעדן טאָג אין ליטסטודיע (כ׳ מאַקס). דאָרטן וועלן אויך אָנגענומען ווערן נײַע מיטגלידער אין דער סעקציע".

אין גאַנג פון די געשעענישן איז אַלץ מער קענטיק געוואָרן א געוויסער דיפערענציר־פּראָצעס אין דער יידישער פּאָעזיע. עס איז אופגעקומען די גרופּע „ווידערוווקס". די דאָזיקע גרופּע, ווי נאַציאָנאַליסטיש עס זאָל ניט זײַן איר אידעאָלאָגישע אָריענטאַציע און וועלט-אופאַסונג, איז דאָך געווען א סימפּטאָם פון יענע דיפערענציר-פּראָצעסן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין דער יידישער פּאָעזיע. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז פון דער זעלבער גרופּע זײַנען שפּעטער ארויסגעקומען אויך די פּראָלעטאַרישע דיכטער: פּעפער, קושניראָוו און אנד.

די לינקע עלעמענטן פון „ווידערוווקס" האָבן געפּרוווט זוכן אַן אויסוועג פון יענער נאַציאָנאַליסטישער און אינדיווידואַליסטישער באַגרענעצטקייט, פון יענער „פרײַער איינזאַמקייט", אין וועלכער עס האָבן זיי דערצויגן די „אייגנס"-אידעאָלאָגן.

דאָס פילט זיך טיילווײַז אינעם „מאַניפעסט" פון דער גרופּע: „מיר זײַנען ניט נאַיִוו צו מיינען, אז דער קינסטלערישער יעהי אויר שטאַמט פון קינסטלערס האַרץ אליין.

מיר פאַרשטייען די ליטעראַטור אַלס אַן אָרגאַנישן טייל פון דעם שאַפנדיקן לעבן—פון דראַנג צו אַלץ שטאַרקערן זײַן אַפ דער וועלט.

דערום ווילן מיר, אז צו דער ליטעראַטור זאָלן אָנגעווענדט ווערן די גרונט־פאָדערונגען, וואָס ווערן דערלאַנגט שאַפונג־פּראָצעסן אין לעבן, בא הײַנטיקן טאָג!

בויעריש זײַן און לעבנסווירדיק.

מיר ווילן זיך אונטערשטעלן אונטער אָט די בײַטשן־פאָדערונגען.

די הײַנטיקע יידישע קונסט און ליטעראַטור איז אין גרונט בויעריש.

צי איז אָבער אונדזער ליטעראַטור גענוג לעבנסווירדיק און האַלט מיט דעם טעמפּ פון אונדזער איצטיקן לעבן?

צי זײַנען ניטאָ קיין באַוווסטזיניקע אָדער אומבאַוווסטזיניקע אָפּנייגונגען אין דער ריכטונג פון ניט געשטויגן און ניט געפלויגן.

צי שיט ניט עמיצער געקינצלטן טעמפּ און געמאַכטן פּאַפּאָס?

ווי האַלט עס מיט דעם געזונט-צושטאַנד פון די באַזונדערע באַשטאַנדטיילן פון אונדזער ליטעראַטור? א) צי איז אונדזער נאָך-רעוואָליוציע-דיכטונג און פּראָזע גענוג צוטריטלעך פאַר דעם אַרבעטער-לייענער? ב) צי פאַרמאָגט אונדזער קריטיק די גענויע אָפּשאַצונג, וואָס זאָל געבן א פאָרשטעלונג וועגן די פּראָצעסן אין דער יידישער ליטעראַטור בא הײַנטיקן טאָג? צי איז אונדזער קריטיק אַליין גענוג צוטריטלעך אַפּ פּאָפּוליאַריזירן דאָס נײַע קינסטלערישע וואָרט?

דאָס אַלץ פאָדערט א געהעריקע אַלזײַטיקע אָפּהאַנדלונג. עפּשער וועלן עס טאָן די קריטיקער, עפּשער וועלן מיר עס טאָן. צו דעם זמ"ב זײַנען

מיר נאָכ דערמיט ניט גרייט געווען. מוזנ מיר זיכ באַנוגענען מיט אוועקשטעלנ די פראגע פאר אונדז אליינ און פאר די שעפער פונ ייִדישנ וואָרט, ווו זיי זאָלנ ניט זיינ...“

פאַרשטייט זיכ, אַז אויכ אינ דער „דעקלאַראַציע“ האָט זיכ נאָכ אופּגעהיט אינ א גרויסער מאָס דער קלאַל־ייִסראָעלדיקער נאַציִאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאָנעם, אָבער אָט די פאָדערונג צו מיטהעלפנ „דעם טעמפּ פונ אונדזער איצ־טיקנ לעבנ“, צו זיינ „צוטריטלעכ צום אַרבעטער־לייענער“ די פאָדערונג צו דער קריטיק, זי זאָל זיינ „גענוג צוטריטלעכ“ און אַז. וו. איז שוינ געווענ א באַווייז, אַז עס קומענ פאַר וויכטיקע פּראָצעסנ אינ דעם ליטעראַטור־לעבנ פונ די קיִעווער“, די זעלביקע פּראָצעסנ, וועלכע קומענ פאַר אויכ אינ דער אַלגעמיינער פאַרבאַנדישער נאָכ־אָקטיאַבערדיקער ליטעראַטור און ניט נאָר ליטעראַטור.

די גרופּע „ווידערוווּקס“ איז אַליינ ווייט ניט געווענ קיינ איינהייטלעכע און האָט באַ זיכ פאַרייניקט דיכטער פונ אָפּט פאַרשיידענע סאָציִאַלע פיזיאָ־נאָמיעס און שעפערישע אייגנאַרטנ. אינ דעם זינענ איז אויכ קעדייִ צו באַקע־נענ זיכ מיט דער אַרויסזאָגונג פונ א. וועלעדניצקי: „ווידערוווּקס“ וועגנ זיכ אַליינ“, וואָס טראָגט אויכ א כאַראַקטער פונ אַנ אַלגעמיינער „דעקלאַראַציע“:

„ווידערוווּקס“ איז א גרופּע מענטשנ פונ פאַרשיידענע צילנ, בילדונג, כאַ־ראַקטער און אַלגעמיינער וועלט־אָנשויונג און דיכטער פונ פאַרשיידענער אַרט און פאָרמע, נאָר אַלע אָנערקענענ זיכ איצט אינ דער סטאַדיע פונ פאָרמירנ זיכ אַלס שעפער פונ דער ייִדישער ליטעראַטור און זיינענ אייניק אינ דעם שטאַנדפּונקט אַפּ דעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס פונ דער ליטעראַטור, באַזונדערס אינ דעם, אַז אינ אונדזערע נייִע באַדינגונגענ וועלנ די דיכטער ניט קומענ אינ דער ליטעראַטור פונ די ווינקלענ אויסגעצייִטיקטע, גרייטע מושלאָמים, ניט אַראָפּפאַלנ ווי ניסים, נאָר פאַר אונדזערע אויגנ זיכ פאָרמירנ — אַז דאָס אָנזאַמלענ זיכ פונ די דיכטונג־קוואַלנ וועט איבערגעטראָגנ פונ די אונטער־ערדנ אַפּ דער אויבערפלאַכ.

„ווידערוווּקס“ האָט די איבערצייִגונג, אַז צוליב טויטע זאָכיעס ווי זכוס־אָוועס און אַנדערע קאָנ קיינער די ליטעראַטור ניט נעמענ אינ מאַשקנ — אַז דער גוירל פונ דער ליטעראַטור געפינט זיכ אויסשליסלעכ אינ די הענט פונ די שעפער.

די מיטגלידער פונ „ווידערוווּקס“ זיינענ אַלע ליטעראַריש ניט פאַרזעסענע... עס איז נאָכ קיינעם פונ זיי נאָכ ניטאָ קיינ יאָר, אַז ער פּרוּווט זיכ ווערנ א שטיקל באַלעבאָס אַפּ זיינ דיכטערישנ האַרצ.

אויכ זיינענ זיי אַלס דיכטער באַ קיינעם קיינ מעזיניקלעכ, מיט וועלכע מע טראָגט זיכ אַרום, ניט געווענ. פאַרמאָגנ שטעכיקע האָר אַפּנ קאָפּ פאַר אומבאַהאָלפענע „גלעטער“, פאַר אַפּאָטראָפּסישע שלאַבעריקע הענט און קוקנ אַפּ זייער אייגענער דיכטונג־קעהונע ניט מיט קיינ קליינשטעטלדיקע אויגנ.

באַ דער גאַנצער פאַרשיידנקייט פונ סטיל און אינהאַלט איז פאַראַנ צווישנ די דיכטער פונ „ווידערוווּקס“ א פאַרבונדנקייט אינ פּסיכישנ דראַנג זייערנ.

דורכ פאַרשיידענע וועגנ גייענ זיי אַלע צו איינ ציל — צום פּסיכיש־אַקטיווּנ, קינסטלערישנ אָנגריפּ.

בא דעם אונטערשייד פון מעטאָדן שטרעבן זיי אלע און טוען, קעדיי אויסצוקלאָרן די זאכן, וואָס שטייען פאר זייער באַנעמען, ניט באהעלטן זיי פון אויסן, ניט א שלייַדער טאָן אין ווייַט און אָנצינדן מיט פייַערווערק, נאָר בער פיירעש ווייַטער ציִען די פעדים פון דער לעצטער קינסטלערישער דערגריי-כונג, דערנעענטערן זיך צו די זאכן און ניט דערווייַטערן זיך פון זיי. עס קומט איצט פאָר א קערעווע אין אונדזער פסיכיק — דער קנייטש פון דער לעצטער צייַט לייגט זיך אָפּ אין אונדזער באַוווסטזייַן און הינטערבאַוווסטזייַן.

מיר שפּירן אים שוין דעם קערעווען צום טיפן אקטיוון און ר עאל ן בא-נעמען און טאקע מיט אָפענע, ניט פינטלענדיקע אויגן.

עמיצער שטייט שוין אין אונדזער ליטעראטור מיט א שטיק פוס אף דער זייַט, וואָס האלט זיך אין אויסקערעווען — דאָס איז די יונגע יידישע דיכטונג.

און עמיצ (אזוי האָט געטראָפן) א מירער — א פרישער האָט פון יענער זייַט שוין אָנגעהויבן ציילן זייַנע רויע טריט — דאָס איז „ווידערוווקס" אלס קאָלעקטיוו" („קאָמ. פאָן" נומ. 216, ליטעראַרישער בלעטל נומ. 12).

ווי מיר זעען, איז אויך אָט דער „מאניפעסט" דורכגעדרונגען מיט אי-דעאליסטיש-מעטאפיזישן, פאָרמאליסטיש-עסטעטיזירנדיקן קוראזש. קיין קלאָרע קלאסן-פערספעקטיוו, זייַנען דאָ, פארשטייט זיך, ניט אָנגעמערקט: קינסטלע-רישע דערגרייכונג, קינסטלערישער אָנגריף, דערנעענטערן זיך צו די זאכן און ענלעכעס. אָט די כאראקטעריסטיק איז, עמעס, געשריבן געוואָרן נאָך מיט א יאָר פריִער (1922).

אין „קאָמוניסטישער פאָן" נומ. 302, 1923 יאָר טרעפן מיר אויך א גאנצ כאראקטעריסטישן פאר יענער צייַט ארטיקל פון א. פעפערן — „בריוולעך פון אן ארבקאָר", ווו עס ווערט אויך געגעבן א כאראקטעריסטיק פון „ווידער-ווּוקס":

...„ווער קאָן ניט שויכעטן, שאפיראָן, קושניראָוון, וועלעדניצקין, פעפערן קיפּניסן, ליבקעס, כאראָל און נאָך און נאָך?

אייניקע האָבן א בעסערע מיינונג וועגן זיי, אייניקע אן ערגערע. און טאקע בעעמעס, איז ניט בא יעדן אלצ אפּ אן אָרט און אלצ גוט. פונדעסטוועגן, פאר א יאָר צייַט איז אָפּגעטאָן א גרויסע ליטעראַרישע און פארלעגערישע ארבעט...

צוליב וואָס־זשע איז דער טומל, צוליב וואָס?

עמעט, פעלערן זייַנען דאָ! ניט צוגענגלעך. א גרויסער פעלער. אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אז עס איז ניט קיין קונסט. געטע, שעקספּיר, בייַראָן זייַנען אויך ווייניק צוגענגלעך. עפשער 5 פראָצ. האָבן געלייענט אין רוסלאנד טור-געניעוון, דאָסטאָיעווסקין, פושקינען און עפשער צוויי האָבן פארשטאנען.

מע מוז אָבער האָבן פאָפולערע ליטעראטור פאר הייַנטיקן טאָג. עמעס, זי וועט געשאפן ווערן. שאפן אונטערן דרוק קאָן מען בעשומויפן ניט! טייַנעס האָבן דער-פאר איז ניטאָ וואָס, נאָר פאר די, וואָס האָבן טייַנעס, האָב איך א לאָזונג: „אויב עסן, דארפן האָבן רעכט די, וואָס ארבעטן, דארף קריטיקירן האָבן רעכט דער, וואָס שאפט, דער וואָס פראָדוצירט ניט נאָר קונסט, נאָר אויך אנדערע פראָדוקטן".

אָט אזוי האָט דעמלט גערעדט דער דיכטער פון די „פראָסטע רייד".

אינ א שפעטערדיקנ „בריוו“ פאלט שוינ אָנ פעפער אפ רעזניקנ אונ כאשטשעוואצקינ, ווי אפ „פארשפעטיקטע“ אינטעליגענטנ אינ „אָפּרײַס פונ דוירעס“ אונ ניט נאָר „פונ דוירעס“, נאָר אויכ „פונ ערד אונ לעבנ“.

„כאשטשעוואצקי איז דער דיכטער פונ לאנד פונ „מיילע“ אונ ער איז דער רעוואָליוציע פרעמד, ווי זי איז אימ פרעמד. ליפע רעזניק, וועלכער האָט פארשפעטיקט ווייניקער מיט פופצנ מינוט, איז שוינ פונ ווינקעלע אינ די הויפנ ארויס אונ איניינעמ מיט די שכיינימ די שרעק פונ צײַט איבערגעלעבט.

זײַענדיק מער טאלאנטפול פונ זײַנ כאווער אינ זינ פונ קינסטלערישער פאָרמע, איז ער ניט קיינ סאכ ווײַטער אוועקגעגאנגענ פונ דעמ געיארשנטנ „זיידנס מיטוואָכ“.

„גאָט, קויהאנימ, פאָרויכעס, אזאָרעס, טפילעס, סאמעט“ — דאָס זײַנענ די ווערטער, מיט וועלכע רעזניק גיט איבער זײַנע איבערלעבונגענ. „פרישע איבערלעבונגענ — ציטירט פעפער האָפשטיינענ — ווערנ אָנגערופנ מיט נײַע ווערטער־נעמענ“. ארײַנדרינגענדיק אינ רעזניקס איבערלעבונגענ גופע, וואָס זעענ מיר:

„מײַנ קאָפּ אינ קאָלדרע אײַנגעדעקט“... „עס איז אנ עמעסע איראָניע פונ אונדזערע טעג — ציטירט שוינ פעפער אויסלענדערנ — ל. רעזניק איז אנ איינזאמער. ער איז א פרעמדער „עמיצער“, וואָס ציט זיכ בלאס צו „זילבערנע וועגנ“, אָבער וועלכער בלײַבט אינ די הויפנ אונ שרעקט זיכ פארנ אייגענעמ שאָטנ“.

ווי מיר זעענ פונ די געבראכטע אויסצוגנ, קומט שוינ פאָר א געוויסער אָ פ ע נ ע ר קאמפ אינ דער „קיִעווער“ דיכטונג, אָבער מע קענ נאָכ ניט זאָגנ, אז מיר האָבנ דאָ פאר זיכ קלאָרע פ ר אָ ל ע ט א ר י ש־באנומענע פרינציפנ וועגנ דעמ מעהוס פונ קונסט אונ קינסטלער, וועגנ דער ראָליע פונ קונסט אינ דער געזעלשאפט אונ קלאסנקאמפ, וועגנ דעמ קריטערי פונ קינסטלערישקײַט א. א. וו.

וואָס באווײַזנ אונדז די אלע געבראכטע פאקטנ? פריִער פאר אלצ, אז די „אייגנס“־גרופע איז ווײַט ניט געוועננ די א י י נ צ י ק ע אינ מעשעכ פונ דער גאנצער „קיִעווער טקופע“. דערבײַ איז די „אייגנס“־גרופע אליינ אויכ ניט געווענ קיינ איינהײַטלעכע. ווענ די באָלשעוויקעס פארנעמענ שוינ אינ אָנהייב 1920 קיִעוו אונ עס הייבט אָנ ווידער דערשײַנענ די „קאָמוניסטישע פאָנ“, הייבנ שוינ אָנ א טייל ליטעראטנ, באזונדערס די ייִנגערע, מער טאלאנטפולע דיכטער (שווארצמאנ איז שוינ צודערצײַט אומגעקומענ), אינ איר מיטצוארבעטנ, יעדערער ווי ער האָט געקענט, אפ זײַנ אויפנ אונ לויטנ אויסדרוק פונ כ׳ אגורסקי, מיט א „גוטער קאוואָנע“. די באָלשעוויסטישע אידייִשע ליניע פלעגט דערבײַ ניט זעלטנ דורכגעריסנ ווערנ אינ דער ליטעראטור. אָט, לעמאָשל, דרוקט מענ אינ „קאָמ. פאָנ“ נומ. 91 אונ ווײַטער ניסטערס א פראגמענט פונ א נײַ ווערק „אינ שליכעס פונ נײַ־גײַסט“. די „פאבול“ אונ „מוסערהאסקל“ איז דאָ אומגעפער אזא: אלטע נעוויִמ גייענ אוועק אונ עס קומענ נײַע נעוויִמ. דער נײַער נאָווי ווערט א פירער בא בלינדע מענטשנ. ער מאכט זיי זעענדיק אונ איצט גייענ זיי נאָכ אימ אונ פאָלגנ זײַנ ווילנ. אינ דעמ באקאנטנ ניסטערישנ נוסעכ הייבט זיכ דאָ אָנ:

„דער נײַ־גײַסט האָט מיר געטראָפנ, דער נײַ־גײַסט האָט מיר געפונענ, דער נײַ־גײַסט האָט מיר געזאלבט פונ זײַנ קריגעלע מיט ביימל א. א. וו. אינ

דער באַמערקונג פון רעדאַקציע ווערט נאָך דערצו געגעבן א דערקלערונג: „א מין קאָמוניסטישע זעונג".

וועגן ביינוש שטיינמאַנס פּיעסע „מאָשיעך בען־יוסעף" הערט מען ניט אויף צו שרייַבן לויבגעזאַנגען.

די „קאָמוניסטישע פאָן" דרוקט איבער קולבאַקס פּאַציפיסטישע ליד „קריגער" און גיט א פראַגמענט פון זייַן פּאָעמע „שטאָט" („כצאָס"). דאָס ליד „קריגער" האָט זיך אויך געדרוקט אין קאָמוניסטישן זשורנאַל „קולטור און בילדונג" אין מאָסקווע. אין דעם זעלבן זשורנאַל ווערן געדרוקט אין איין ריי מיט די אַרבעטער־שרייַבער שאָלעם איזראַעליט (וועלכער שרייַבט, אַגעוו, א פּאַציפיסטיש ווערק: „זיכרוינעס פון א סאָלדאַט" און א גאַנצע באַנאַלע דערציילונג — „אין א האַרבסט־נאַכט"), אבאַרבאַנעל (וועלכע שרייַבט, אַגעוו, „לידער פון א ייִדישן אַרבעטער" און „אין מינוטן פון אומעט" און „קאַמף־לידער", ווו עס זייַנען דאָ גאַנצע טראַדיציאָנעלע, געוויינטלעכע טאַנאַך־בילדער) און אַנדערע, אויך דער בורזשואַזער פאָרמאַליסט עפּראָס, דער אויסגעשפּראָכן־בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט באַלמאַכשאָווס, דער „ראַדיקאַל" מוישע בראָדערזאָן, וועלכער שרייַבט אין זייַן ליד „האַרץ" (א האַרבסט־ניגן):

„אָט טראָג איך זי מייַן סייפער־טוירעלע, מייַן האַרץ,
הוישיאָ נאָ!" (דאָרטן, נומ. 9‏-10, זייַט 16).

אָט די אַלע פאַקטן טאָרן אָבער אין קיין פאַל ניט אויסגעטייַטשט ווערן, ווי א באַווייַז, אַז קיין קלאַסנקאַמף אין געביט פון אידעאָלאָגיע בי״קלאַל און אין ליטעראַטור און קונסט בי״פראַט, איז אין דעם אַזוי־גערופענעם „קיִעווער פּעריאָד" ניט פאָרגעקומען. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מין „סטילן־קאַמף" איז געווען. דער קאַמף איז פאָרגעקומען, ווי מיר האָבן שוין טיילווייַז געזען, ניט נאָר אין דער קינסטלערישער פּראַקטיק פון דיכטער און שרייַבער, בא דער אָדער יענער קינסטלערישער שילדערונג און אָפּשאַצונג פון דערשייַנונגען און פּראָבלעמעס. דער קאַמף איז אויך פאָרגעקומען אין פאָרמע פון דיסקוסיעס אַרום דער אָדער יענער קונסט־דערשייַנונג, אַרום דער אָדער יענער קינסטלערישער אַרויסטרעטונג און ליטעראַרישן פאָרטראָג. אַזעלכע קאַמפן זייַנען פאָרגעקומען אַרום דעם ראַדיקאַל־פּראָנדירנדיקן מאַרקיש, אַרום זייַן פאָרטראָג „די וועגן פון דער ייִדישער דיכטונג" (27 מייַ, 1920), ווו עס האָבן זיך צעטיילט „די לאַגערן" און דעם רעדאַקטער פון „קאָם. פאָן" ה. קאַזאַקעוויטש איז אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן „דעם רעוואָליוציאָנערן שטאַנדפּונקט פון פּאָעט" און אָנווייַזן אַז דער „ניט דערלאָזבאַרער פאָרמע פון קריטיק". אַזעלכע קאַמפן זייַנען פאָרגעקומען אַרום דעם טעאַטער און טעאַטראַלער סטודיע, וועלכע טראָגט, אַגעוו, דעם נאַציאָנאַליסטישקולטור־ליגיסטישן נאָמען: „אַסאָציאַציע פון טעאַטראַלער אַווידע". מיר האָבן שוין פריִער אויך דערמאָנט דעם שטאַנדפּונקט פון כ׳ נוסינאָוו וועגן די זאַמלביכער „אייגנס" און בי״קלאַל וועגן דער „נייַער טקופע" פון דער ייִדישער ליטעראַטור, א שטאַנדפּונקט, וועלכער איז „נייַ" דערמיט, וואָס ער פאַלט אינגאַנצן צונויף מיטן שטאַנדפּונקט פון די נאַצדעמאָקראַטישע „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן" א  י׳. מע קען זיך דאָ אויך שיקן אָפּ די פאַקטן, וועלכע עס

ברענגט דער כ׳ אָרשאנסקי און באזונדערס דער כ׳ בראָנשטיין אין זיַין אַרבעט „סטילן-קאמף אין דער עפּאָכע פון מיליטערישן קאָמוניזם“, ווו עס ווערן אויך באריִרט אייניקע „קיִעווער“ מאָמענטן א. א. וו. אויסער דעם דארף מען טאקע ניט איגנאָרירן די אייגנארטיקע סיטואציע, וועלכע איז געווען אין קיִעוו, ווו דעם לינקערן פליגל פון דער ליטעראטור (שוין ניט ריידנדיק וועגן פּראָלעטארישער) איז אסאך שווערער אויסגעקומען צו פירן דעם קאמף, צו „קאָנקורירן“ מיט א היפּש ביסל הויך־קוואליפיצירטע, פאַכמענערישע, נאציִאָנאליסטישע און נאצדעמאָקראטישע ליטעראטן.

די פארשיידענע נאצדעמ. טראדיציעס פון דער „ראפינירטער“ אינטעליגענץ האָבן טאקע, עמעס, זייער אסאך פארשווערט דעם דיפערענציר־פּראָצעס פון דער נאָכ-אָקטיאבערדיקער יִדישער פּאָעזיע. אייגנטלעך זיַינען דאָך אפילע די יונגע קאדרען, אפילע די פּראָלעטארישע שפּראָצונגען געלעגן, אין א געוויסער מאָס, אין קלעם פון אָט דער נאצדעמאָקראטישער דערציִונג און אידעאליסטיש־מעטאפיזישע קונסט-האסאָגעס. די ארבעטער-שריַיבער און מאסן-דיכטער, וועלכע האָבן זיך דעמלט באוויזן אפילע אין א גרויסער צאָל אף די שפּאלטן פון דער קאָמוניסטישער פרעסע, האָבן אויסגעדריקט זייערע שטימונגען און געדאנקען נאָך זייער פרימיטיוו און האָבן טאקע א היפּש ביסל „נאָכגעמאכט“ טאקע די זעלבע „אווטאָריטעטן“ פון „אייגנס“. אפילע דער פּראָלעטארישער פּאָעט איציק פעפער, וועלכער האָט, אגעוו, ארויסגעוויזן אָן א שיר איניציִאטיוו אין געביט פון אָרגאניזירן די ארבעטער-שריַיבער-אָנפאנגער (ער האָט עטלעכע מאָל געמאָלדן אין „קאָמ. פאָן“, אז די ארבעטער־אָנפאנגער זאָלן צושיקן מאטעריאלן פאר אן אלמאנאך, געדרוקט פארשיידענע „ליטעראַרישע שמועסן“ און אנדערע אונטערנעמונגען), איז אָט, אפילע איציק פעפער האָט זיך דאָך אין א געוויסער מאָס געפונען אונטער דער ווירקונג פון אָלימפּיש־עסטעטיזירנדיקע שטימונגען, און זיַינע ערשטע דעביוט-לידער אין „קאָמ. פאָן“ זיַינען דאפקע אף גאנצע נייטראלע, רויִקע, צושויערישע טעמעס.

די וויַיטערדיקע געשעענישן האָבן אלץ מער און מער אונטערגעגראָבן דעם באָדן פון די פארשיידענע רעאקציִאָנערע, נאציִאָנאליסטישע און נאצדעמאָקראטישע „אָנפירער“. עס קומען צו פרישע קויכעס, וועלכע האָבן דורכגעמאכט זייער ליטעראַרישע שול אף די פראָנטן פון בירגערקריג, אף באָלשעוויסטישער פארטיי-ארבעט און אקטיווע רעוואָלוציִאָנערן קאמף אף פארשיידענע געביטן. און אָט די דאָזיקע קאדרען הייבן אָן, אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי, וואָס וויַיטער אלץ הילכיקער און ענערגישער אָנגריַיפן אף די ציַיטווייליק-פארנומענע דורך פרעמדע עלעמענטן קולטור- און ליטעראטור-פּאָזיציעס. עס וועט אָבער זיַין ווידער פאלש צו מיינען, אז אפילע אָט די יונגע פּראָלעטארישע און קאָמוניסטישע ליטעראטור-קאדרען זיַינען געוואָקסן און רייף געוואָרן אין זייער אייגענער קינסטלערישער „קוזניצא“, פארקערט, אָט די נייַע יונגע קויכעס האָבן דאפקע אסאך „געגאשט“ פון יענע „דעמאָקראטישע און רעוואָלוציִאָנערע עלעמענטן“, פון יענע „וואָרט-דערגרייכונגען“, וועלכע זיַינען בעפיירעש געווען סיַי בא די בעסטע פּאָרשטייער פון דער „אייגנס“־גרופּע, סיַי בא די שפּעטערדיקע יִנגערע קליינביר-

גערלעכע ראדיקאלע דיכטער אונ שרייבער, פונקט ווי די לעצטע זיינענ אויכ ניט ארויסגעוואקסנ „פונ די כוואליעס פונ יאמ״. אָט דער יערושע-פראָצעס איז, פארשטייט זיכ, פאָרגעקומענ ניט אפ א פרידלעכנ אופנ, ווי עס האָט זיכ געוואָלט די „אייגנס״־אידעאָלאָגנ, נאָר אינ אנ אומופהערלעכנ הארטנעקיקנ פארביסענעמ קלאסנקאמפ, אינ וועלכנ עס האָט זיכ די גאנצע צייט דערצויגנ די יונגע פראָלעטארישע אונ סאָוועטישע פאָעזיע אונ ליטעראטור אינ אלגעמיינ.

